מאקסים גאָרקי

# דאס לעבן פון אן איבעריקן מענטש

ראָמאן

יידיש: ל. גאָלדין

צווייטע אויפלאגע

פארלאג „קולטור־ליגע", ווארשע

די העלדן,

געפאַלענע אין קאַמף

מיט פּראָוואָקאַציע

פאַר א גדעכעניש

דער איבערזעצער

# I

אַז יעווסיי קלימקאָוו איז אַלט געוואָרן פיר יאָר, האָט דער וואַלד־שומר אים דערהרגעט דעם פאָטער, און צו זיבן יאָר איז אים געשטאָרבן די מוטער. זי איז געשטאָרבן פלוצלינג, אומגעריכט, אין פעלד, ביים שניידן — און עס איז געווען אַזוי מאָדנע, אַז ווען יעווסיי האָט זי דערזעען ליגן אַ טויטע, האָט ער זיך אַפילו נישט איבערגעשראָקן.

דער פעטער פיאָטר, אַ שמיד, האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן ייִנגלס קאָפּ און געזאָגט:

— וואָס וועלן מיר יעצט טון?

יעווסיי האָט אַ קוק געטון אין ווינקל, וואו אויף אַ באַנק איז געלעגן די מוטער און שטיל געענטפערט:

— כ'ווייס נישט...

דער פעטער האָט אָפּגעווישט מיטן אַרבל פון העמד דעם שווייס פון פנים, לאַנג געשוויגן, און דערנאָך פאַמעלעך אָפּגערוקט פון זיך דעם פלימעניק:

— וועסט זיין ביי מיר. זאָל איך דיך אָפּגעבן אין שול— זאָלסט נאָר נישט שטיפן—? עך, אַלטער...

פון יענעם טאָג אָן האָט מען יעווסייען אָנגעהויבן רופן אַ ל ט ע ר. ס'האָט אים געפּאַסט: ער איז געווען קליינגעוויקסיק, זיך געשאָקלט גייענדיק, גערעדט מיט אַ דין, שפּיציק קעלכל. אויפן ביינערדיקן פנים האָט אַרויסגעשטעקט אַ קליין פייגלש נעזל, האָבן שרעקעוודיק געפינטלט צוויי קיילעכדיקע אָנפאַרביקע אויגן, זענען ווילד געוואָקסן געלע, שיטערע האָר. עפּעס קרענקלעכס, פאַרעלטערטס איז איי אים געווען. די יאַטן אין שול האָבן פון אים חוזק

געמאַכט און אים געשלאָגן — זיין אומעטיק, פאַרעלטערט אויסזעען
און דאָס סאָווע=פּנים האָבן עפּעס געריי‍צט די געזונטע און פלינקע
קינדער. ער האָט פון זיי געוויכט און געלעבט שווייגנדיק, איינזאַם,
תּמיד ערגעץ אין שאָטן, אין ווינקלען און אין גריבער. מיט די פּאָר
קיילעכדיקע, שטאַרע אויגן האָט ער פונדאַנען געקוקט אויף די
מענטשן, אומבאמערקט, שרעקעוודיק צענויפגעקנוילט. און אַז די אויגן
זענען מיד געוואָרן פון קוקן, האָט ער זיי פאַרמאַכט און לאַנג גע=
זעסן בלינדערהייט, שטיל זיך געשאָקלט מיט דאַרן, לייכטן גוף.
ער האָט זיך באַמיט צו זיין אומבאַמערקט אַפילו ביים פעטער אין
שטוב, נאָר דאָ איז עס אָנגעקומען שווער — עסן מיטאָג און וויט=
טשערע האָט מען געמוזט צוזאַמען מיט אַלע, און ווען ער איז גע=
זעסן ביים טיש, האָט דעם פעטערס יונגערער זון, יאַקאָוו, אַ גראָ=
בער און רויטער בחור, אַלעמאָל געפּרוּווט אים פאַרטשעפּען אָדער
אים באַוועגן צו לאַכן, געמאַכט פאַרשידענע העוויות, אַרויסגעשטעקט
די צונג, געקאָפּעט מיט די פיס אונטערן טיש און געקניפּן. צו מאַכן
אים לאַכן איז אים נישט געלונגען, נאָר גאַנץ אָפט פלעגט יעווסיי
אויפציטערן פון ווייטאָק, דאָס געלע פּנים איז אַש=גרוי געוואָרן.
די אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט און דער לעפל אין האַנט האָט
געציטערט.
— וואָסי, אַלטער? — האָט געפרעגט דער פעטער.
— יאַשקאַ... — האָט ער אָן תּרעומות, מיט אַ גלייכגילטיק
קול דערקלערט.
אויב דער פעטער פּיאָטר פלעגט געבן יאַשקען איבערן קאָפּ
אָדער אים געריסן ביי די האָר, פלעגט די מומע אַגאַפיע צעעפענען
די ליפּן און בייז וואָרטשען:
— אוּך, רוצח...
און דערנאָך האָט אים יאַשקאַ ערגעץ=וואו אויפגעזוכט און
לאַנג, גלייכמעסיק געשלאָגן איבער דער פּלייצע, אין די זייטן,
און בויך אַריין. יעווסיי האָט זיך דערצו באַצויגן, ווי צו אַ נאַטיר=
לעכער, אומפאַרמיידלעכער זאַך. קלאָגן זיך פאַרן פעטער האָט נישט
געלוינט, ווייל אויב דער פעטער פּיאָטר האָט געשלאָגן דעם זון,
האָט זיך די מומע אַגאַפיאַ — נאָך מיט פּראָצענט — אָפּגענומען די

שלעק אויפן פלימיעניק, און געשלאָגן האָט זי נאָך שטאַרקער, ווי יאַשקאַ. דערפאַר, אַז יעווסיי פלעגט זען, אַז יאַשקאַ גייט זיך שלאָגן, פלעגט ער פון אים אַנטלויפן, גאָר יעגער פלעגט אים שטענדיק אָניאָגן. דעמאָלט פלעגט זיך אַלטער אַנידערוואַרפן אויף דער ערד, פעסט צעזוויפגעגנורעט דעם קערפער, ווי אַ יעזש, איינגעקורטשעט די קני צום בויך, פאַרדעקט דאָס פּנים און דעם קאָפּ מיט די הענט און שווייגנדיק אָפּגעבן דעם שוועסטערקינד אונטער די פויסטן די זייטן און די פּלייצע. און אַלע מאָל, וואָס געדולדיקער ער פלעגט איבערטראָגן די בוכצעס, אַלץ מער פלעגט זיך יאַשקאַ צעפלאַקערן. טיילמאָל האָט ער אַפילו געוויינט, געקאָפּעט מיט די פיס דעם שוועסטערקינדס קערפער און אַליין געשריגן:

— עיפוש פאַרשטונקענער... ווייןן!

איינמאָל האָט יעווסיי געפונען אַ פּאָדקאָווע און אַוועקגעשענקט זי יאַשקען, ווייל יעגער וואָלט עס סיי ווי סיי בײַ אים אָפּגענומען. געריירט פון דער מתּנה, האָט אים יאַשקאַ געפרעגט:

— ס'האָט דיר שטאַרק וויי געטון, ווען איך האָב דיך געשלאָגן?

— שטאַרק! — האָט יעווסיי געענטפערט.

יאַשקאַ האָט זיך פאַרטראַכט, געקראַצט דעם קאָפּ און פאַראומערט געזאָגט:

— נו, שוין, גאָרנישט... ס'וועט אַריבערגיין...

און ער איז אַוועק. נאָר דאָס וואָרט האָט עפּעס אַ ברי געשון יעווסייען אויף דער נשמה, און ער האָט עס איבערגעחזרט שטיל און האָפּערדיק:

— ס'וועט אַריבערגיין...

איינמאָל האָט ער געזען, ווי פרומע פּילגער-ווייבער האָבן איינגעריבן די מידע פיס מיט פּאָקשיווע. ער האָט אויך געפּרוּווט איינרייבן דערמיט די זייטן, וואָס יאַשקע האָט צעהאַקט, ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז פּאָקשיווע פאַרקלענערט שטאַרק דעם ווייטאָק, און פון דעמאָלט אָן פלעגט ער, נאָך די פּאָרציעס שלעק, סיסטעמאַטיש איינרייבן די ברוין-בלויע ערטער מיט די ווייכע בלעטער פונם ווילדן, אומבאַליבטן געוויקס.

געלערנט האָט ער זיך שלעכט, ווייל ער פלעגט קומען אין שול פיל מיט מורא פאַר קלעפּ, און אַוועקגיין זאַט מיט באַליידיקונג. זיין מורא צו זיין באַליידיקט איז תמיד געווען קלאָר פאַר אַלעמען, און יעדער האָט געהאַט השק אָנצוטון אַלטערן צרות.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער פאַרמאָגט אַן אַלט־שטימע, און דער לערער האָט אים צוגענומען אין קלויסטער־כאָר. צוליב דעם פלעגט אויסקומען צו זיין ווינציקער אין דער היים, נאָר דערפאַר האָט ער זיך עפּטער געטראָפן מיט די שול־חברים, און געשלאָגן האָבן זיי נישט ערגער פון יאַשקען. דער אַלטער הילצערנער קלויסטער איז אים געפעלן, געווען אים אַ סך פינסטערע ווינקלען, און ס'האָט אים אַלעמאָל געצויגן אַריינצוקוקן אין זייער היימישער, וואַרעמער שטילקייט. ער האָט זיך געריכט, אַז אין איינעם אַזאַ ווינקל וועט ער געפינען אַזוינס אומגעווייניכעס, גוטס. „דאָס“ וועט אים אַרומנעמען, צערטלדיק דריקן צו זיך און דערציילן עפּעס, — אָט אַזוי, ווי ס'פלעגט אַמאָל דערציילן די מאַמע. די איקאָנעס זענען געזען שוואַרץ פון לאַנגיעריקן קאָפּעטש. וואָס איז אויף זיי געזעסן, און אַלע הייליקע, סיי די גוטע, סיי די בייזע, פלעגן אַלע דערמאַנען אַן דעם פעטער פּיאָטרס בערדיק, פינסטער פּנים.

און אויף איינער אַזאַ וואַנט איז געווען אָנגעמאָלט אַ בילד, ווי אַ הייליקער האָט געכאַפּט דעם טייוול און שלאָגט אים. דער הייליקער איז געווען אַזאַ פינסטערער, אַ הויכער, ברייטביינערדיקער, מיט לאַנגע הענט, און דער טייוול — אַזאַ רויטינק, דאַר נישט־דערוואַקסעניש, ענלעך צו אַ יונגן צאַפּ תּהילת פלעגט יעווסיי נישט קוקן אויפן טייוול, ער האָט אַפילו געוואָלט — ווען קיינער וועט נישט זען — אַ שפּיי טון אויף אים, נאָר דערנאָך האָט ער געקריגן רחמנות אויפן אָרעמען טייוועלע און איינמאָל, ווען אַרום איז קיינער נישט געווען, האָט ער שטילינקע געגלעט מיט דער האַנט די אויסגעקרימטע פון ווייטאָק און שרעק ציגענע מאָרדע פּנים נישט־גוטן.

אָט אַזוי איז ביי אים געבוירן געוואָרן דאָס געפיל פון רחמנות. דער קלויסטער איז אים געפעלן נאָך מיט דעם, וואָס אין אים האָבן אַלע מענטשן, אַפילו די גרעסטע שרייערס און עזות־

פנימער, זיך געהאַלטן שטיל און הכנעהדיק.

אַ הויך רעדן פלעגט אים שרעקן. פון אויפגערעגטע פנימער און געשרייען פלעגט ער אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן, ווייל איינמאָל, אין אַ יאַריד־טאָג, האָט ער געזעען, ווי תּחילת האָבן די פויערן גערעדט הויך צווישן זיך, דערנאָך אָנגעהויבן שרייען און שטויסן איינער דעם אַנדערן, דערנאָך האָט עמעץ געכאַפּט אַזאַ גרויסע, אייזערנע לאָמע, אַ פּאָכע געטון מיט איר און עמעצן אַ זעץ געטון. דעמאָלט האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעך געוואַלד, אַ פּייפעריי, דער עולם האָט זיך געלאָזט לויפן, אומגעוואָרפן אַלטערן און ער איז געפאַלן מיטן פּנים אין אַ בלאָטע אַריין, און ווען ער איז צוריק אויפגעשפּרונגען, האָט ער געזעען, אַז צו אים גייט, פאָכענדיק מיט די הענט, אַ ריזיקער פויער און שטאָט אַ פּנים איז ביי אים אַ רויטער, ‎‏...בלענדנדיקער, ציטערנדיקער פלעק. דאָס איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז יעזוסיי האָט אַ פּלי געטון און מיטאַמאָל — דאַכט זיך אים — אַריינגעפאַלן אין אַ שוואַרצן גרוב. מען האָט אים געדאַרפט דערנאָך באַשפּריצן מיט וואַסער, אַז ער זאָל קומען צו זיך.

פאַר שיכּורים פלעגט ער אויך מורא האָבן. די מאַמע האָט אים דערציילט, אַז אין אַ שיכּורן מענטש וואוינט אַ שד. אַלטערן האָט זיך געדאַכט, אַז אָט דער שד דאַרף זיין אַ שטעכעדיקער, ווי אַ יעזש, אַ נאַסער ווי אַ זשאַבע, אַ געלער, מיט גרינע אויגן. ער פאַרקריכט אין בויך אַריין, שפּרינגט דאָרט אַרום — דערפאַר איז דער מענטש אַזוי בייז.

געווען אין קלויסטער נאָך אַ סך גוטע זאַכן. אַחוץ רו, שטילקייט און די צאַרטע פינסטערניש, איז יעזוסייען געפעלן געזאַנג. ווען ער פלעגט זינגען נישט פון די נאָטן אַרויס, פלעגט ער פעסט פאַרמאַכן די אויגן, אַריינגיסן זיין לויטער, אומעטיק קול אין דער אַלגעמיינער כוואַליע קולות — אַזוי, אַז מען זאָל אים נישט דערהערן, מיט הנאה באַהאַלטן זיך אַליין, גלייך ער וואָלט זיס אַנדרימלט געוואָרן. און אין אָט דעם האַלבשלעפערדיקן צושטאַנד פלעגט זיך אים אַלעמאָל אויסווייזן, אַז ער שווימט אַוועק פון דעם לעבן, און דערנענטערט זיך צו אַן אַנדערס, אַ צאַרטס און אַ רויקס.

ס'איז בײַ אים געבוירן געוואָרן אַ טרוים, וואָס ער האָט אײנמאָל אַזוי אויסגעדריקט פאַרן פעטער:

— מען קאָן אַזוי לעבן, אַז מען זאָל אומעטום גײן און אַלץ זעען, נאָר מיך אַלײן זאָל קײנער נישט זעען?

— אַ אינו־נראה? — האָט דער פעטער געפרעגט, אַ טראַכט געטון און געענטפערט:

— ווײַזט אויס — ס'איז נישט מעגלעך.

דערנאָך אויסגעדרײט צו יעווסײען דאָס שוואַרצע פּנים און ערנסט צוגעגעבן:

— אַזוי, פאַרשטײט זיך, וואָלט גוט געווען, יתום...

פון זינט אָן דאָס גאַנצע דאָרף האָט אָנגעהויבן רופן יעווסײען אַלטער, האָט אים דער פעטער פּיאָטר אָנגערופן יתום. אַ באַזונדערער מענטש איז אַלעם, איז ער אַפילו שיפּורערהײט נישט געווען שרעקלעך, גלײַך אַראָפּגענומען דאָס היטל פון קאָפּ, געפּאָכעט מיט עס, גײענדיק איבער דער גאַס, אויף אַ הויך אומעטיקלעך קול געזונגען לידער, געשמײכלט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, און טרערן זענען אים גערונען פון די אויגן מער ווי ניכטערערהײט. יעווסײען האָט זיך געדאַכט, אַז זײַן פעטער איז דער קליגסטער און בעסטער פויער פון גאַנצן דאָרף און אַז מיט אים קאָן מען רעדן וועגן אַלצדינק. ער פלעגט אָפט שמײכלען, נאָר קײנמאָל נישט לאַכן, פלעגט רעדן פאַמעלעך, שטיל און ערנסט. טײלמאָל פלעגט ער אין קוױשגיע רעדן צו זיך אַלײן, נישט באַמערקט יעווסײען און גלײַך ווי פאַרגעסן אָן אים — דאָס איז יעווסײען באַזונדערס געפעלן געוואָרן. אין זײַנע רײד פלעגט ער זיך תמיד קריגן מיט עמעצן, פלעגט עמעצן וועלן איבערצײַגן:

— פאַרשאָלטענער — פלעגט ער נישט בײז און שטיל וואָרטשען — אומגעזעטיקטע הינטישע קישקע... צי אַרבעט איך דען נישט? אָט... זיך אויסגעטריקנט שוין די אויגן, וועל גיך בלינד ווערן... וואָס נאָך דאַרף מען? פאַרשאָלטן דו לעבן מײַנס... נישט קײן תענוג, נישט קײן פרײד...

ס'האָט אויסגעזען, אַז ער אַלײן שטעלט צעגויף די לידער, און יעווסײען האָט זיך געדאַכט, אַז דער פעטער זעט מיט ווע־

ער רעדט.

איינמאָל האָט ער אים געפרעגט:

— מיט וועמען רעדסטו דאָס?

— מיט וועמען איך רעד? — האָט דער פעטער איבערגע־חזרט און נישט אַ קוק געטון אויף אים. דערנאָך האָט ער שמייכ־לענדיק געענטפערט:

— מיט דער טיפשות מיינער רעד איך...

נאָר זעלטן פלעגט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט צו שמועסן מיט אים. אַלעמאָל פלעגט אין קוזשניע זיין עמעצער, אַ זייטיקער, און אָפט פלעגט זיך אַרומדרייען יאַשקאַ, אַ קיילעכדיקער, ווי אַ רייף, פאַרהילכט די קלעפּ פון האַמער און דאָס קנאַקן פון די קוילן מיט אַ קלינגנדיק געשריי. אַז ער פלעגט זיין, פלעגט יעווסיי זיך נישט וואַגן אַריינצוגיין צום פעטער.

די קוזשניע איז געשטאַנען אויפן ברעג פון אַ נישט טיף בלאָטיק טעלעכל און אויפן אָפּגרונט, צווישן רומעניק, פלעגט יעוו־סיי פאַרברענגען זיין גאַנצע פרייע צייט פרילינג, זומער און האַרבסט. אין טאָל איז אויך געווען רויק, ווי אין קלויסטער, פייגל האָבן געטשוויטשערט, בינען האָבן געזשומעט, און אין דער לופט האָט געציטערט אַ ליבע שטילע מעלאָדיע. יעווסיי פלעגט דאָרט שאָקלענדיק זיצן און געטראַכט וועגן עפּעס, שטאַרק פאַרמאַכט די אויגן אָדער געבלאָנדזשעט צווישן די קושאַקעס, זיך צוגעהערט צום גערויש פון דער קוזשניע און אַז ער פלעגט דערפילן, אַז דער פע־טער איז דאָרט אַליין, פלעגט ער זיך צו אים אַריינשאַרן.

— וואָסי', יתומל? — האָט אים באַגעגנט דער פעטער, פאַר־ושמורעט די קליינע, פייכטע אויגן, נאָסע פון טרערן.

איינמאָל האָט אים יעווסיי געפרעגט:

— צי איז דער נישט־גוטער דאָ אַלע נאַכט אין קלויסטער?

דער שמיד האָט זיך פאַרטראַכט און דערנאָך געענטפערט:

— פאַרוואָס זאָל ער נישט זיין? ער קריכט אומעטום אַריין, ער קאָן...

יעווסיי האָט אונטערגעהויבן די אַקסלען און מיט די קיילעכ־דיקע אויגן פאַרשנדיק באַטראַכט די פינסטערע ווינקלען אין דער

קוזשניע.

— דו האָב נישט פאַר זיי קיין מורא, פאַר די נישט־גוטע!

— האָט אים דער פעטער געעצהט.

יעווסיי האָט אָפּגעזיפצט און שטיל געענטפערט:

— איך האָב נישט קיין מורא...

— זיי וועלן דיר גאָר נישט טון! — האָט אים מיט אַ זיכער קול אויפגעקלערט דער פעטער און געווישט די אויגן מיט די שוואַר־צע פינגער. יעווסיי האָט אים דאַן געפרעגט:

— טאָ פאַרוואָס גאָט?

— וואָס — גאָט?

— פאַרוואָס לאָזט גאָט אַריין די שדים אין קלויסטער אַריין?

— וואָס איז זיין עסק? גאָט איז נישט קיין סטרוזש איבער די קלויסטערס...

— ער וואוינט דען נישט דאָרטן?

— ווער — גאָט? צו וואָס דאַרף ער דען? ער האָט אומעטום אַן אָרט, יתומל. דער קלויסטער — דאָס איז גאָר פאַר די מענטשן...

— און צו וואָס זענען די מענטשן?

— די מענטשן — זיי זענען... בכלל... פאַר אַלע... אָן קיין מענטשן וועסטו זיך נישט באַגיין... ב־יאָ...

— זיי זענען צוליב גאָט?

דער פעטער האָט פון אונטער די ברעמען אַפּער אַ קוק גע־טון אויפן פלימעניק און נישט מיטאַמאָל געענטפערט:

— אודאי...

דערנאָך זיך אָפּגעווישט די הענט אין פאַרטוך, אַריינגעקוקט אין אויוון אַריין און געזאָגט:

— איך קען נישט די זאַכן, יתומל... דו פרעג בעסער דעם לערער... אַנישט — דעם גלח...

יעווסיי האָט זיך אָפּגעהישט די נאָז מיטן העמד־אַרבל און געענטפערט:

כ׳האָב מורא פאַר זיי...

דו רעד נישט בעסער וועגן אַזעלכע זאַכן! — האָט אים ערנסט געראָטן דער פעטער פּיאָטר. — ביסט נאָך קליין. דו שפּאַ־

ציר דיר אַ ביסל, נעם אָן געזונט... לעבן דאַרף גאָר אַ געזונטער מענטש. אויב מ'איז נישט שטאַרק, מען קאָן נישט אַרבעטן — דאַרף מען אינגאַנצן נישט לעבן. אָט דאָס איז די גאַנצע חכמה... פאַר אונזערטוועגן. און וואָס גאָט דאַרף צו האָבן — דאָס ווייסן מיר נישט.

און אַנטשוויגן געוואָרן, זיך פאַרטראַכט, נישט אַוועקרייסנדיק די אויגן פון פייער, און דערנאָך ווייטער, ערנסט און אָפּגעהאַקט, אָנגעהויבן צו רעדן:

— איך ווייס נישט פון וואַנען אָנצוהויבן, פון וואָס אויסצולאָזן, כ'פאַרשטיי נישט גאָרנישט... אַלץ האָסטו באַשאַפן מיט חכמה, שטייט געשריבן... אָבער פאַרט, וואָס זאַטער איינער איז, אַלץ וואָלפישער איז זיין נשמה...

ער האָט אַרומגעקוקט די קוזשניע, באַמערקט אין ווינקל יעווסייען און געזאָגט:

— וואָס זיצסטו נאָך? כ'האָב דאָך דיר געזאָגט — גיי אַרויס שפּאַצירן...

און אַז יעווסיי האָט זיך גיך אַרויסגעטראָגן, האָט אים דער פעטער נאָך באַגלייט:

— ס'וועט דיר אַ פונק אַריינפליען אין אויג אַריין... און סט ווערן בלינד אויף איין אויג. ווער דאַרף צו האָבן אַ בלינדן?

ביים לעבן האָט די מאַמע דערציילט יעווסייען אַ פּאָר מעשיות. דערציילן פלעגט זי עס אין די ווינטער-נעכט, ווען דער ווינט האָט געקלאַפּט אין די ווענט, איז אַרומגעלאָפן אויפן דאַך, אַלץ אַרומגעטאַפּט, גלייך ער וואָלט עמעצן בענקענדיק געזוכט, איז פאַרקראָכן אין קוימען אַריין און וויינענדיק דאָרט געוואָיעט מיט פאַרשידענע קולות. דערציילן פלעגט די מוטער שטיל, דאָס קול פלעגט זיך ביי איר אָפּרייסן, פלאָנטערן, זי פלעגט אָפט איבערחזרן אַ סך מאָל דאָס זעלבע וואָרט — און אים פלעגט זיך דאַכטן, אַז אַלץ, וועגן וואָס זי דערציילט, זעט זי אין דער פינסטערניש, — נישט דייטלעך, אָבער זי זעט.

דעם פעטער פיאָטרס שמועסן פלעגן יעווסייען דערמאַנען אָן דער מוטערס מעשהלעך. עס האָט אויסגעזעען, אַז דער פעטער זעט

אויך אין אויוון סיי דעם טייוול, סיי גאָט, סיי זיין מוראדיק מענטשיש לעבן — דערפאַר האָט ער דאָס אַזוי אָפט געוויינט. יעווסיי פלעגט הערן זיינע רייד, זיי זענען אים לייכט געבליבן שטעקן אין זכרון, האָבן אָנגעטון זיין האַרץ אין אַ לייכטן פלאַטער פון דערוואַרטונג, און אומבאַמערקט פאַר אים האָט זיך ביי אים געשאַפן די האָפענונג, אַז איינמאָל וועט ער דערזעען עפעס גאָר אויסטערלישס, אַזוינס, וואָס איז נישט ענלעך צום לעבן אין דאָרף, צו די שיכורע פויערן, צו די שלעכטע ווייבער, קוויטשעדיקע קינדער. עפּעס גאָר אַנדערש — אָן דעם טומל, אָן דער בייזקייט און געשלעגן, עפּעס מילדס און ערנסטס, ווי די קלויסטער־דינערשאַפט.

אין שכנות מיטן פעטער האָט געוואוינט אַ בלינד מיידעלע טאַניאַ. יעווסיי האָט זיך געחברט מיט איר, געפירט איר שפּאַצירן איבערן דאָרף, זאָרגזאַם איר געהאָלפן זיך אַראָפּצולאָזן אין טאָל אַריין און מיט אַ שטיל קול איר פאַרציילט וועגן עפּעס, בשעת איר שרעקעוודיק צעעפנט די וואַסערדיקע אויגן. דאָס דאָרף האָט באַמערקט אָט די חברשאַפט און זי איז אַלעמען געפעלן געוואָרן. נאָר איינמאָל איז דער בלינדערס מוטער געקומען צום פעטער פיאָטר מיט אַ טענה. זי האָט דערציילט, אַז יעווסיי האָט אָנגעשראָקן טאַניען מיט זיינע מעשיות, יעצט קאָן זי נישט בלייבן אַליין, רק זי וויינט, שלאָפט שלעכט, וואַרפט זיך ביי יעדער זאַך, שפּריגט און שרייט.

— אַז ס'איז גאָרנישט מעגלעך צו פאַרשטיין, וואָס ער האָט איר אַזוינס אָנפאַרציילט! נאָר זי רעדט כסדר וועגן שדים און אַז דער הימל איז שוואַרץ, מיט לעכער, און אַז דורך די לעכער זעט מען פייער, שדים שפּרינגען אין אים, רייצן זיך מיט די מענטשן... וואָס איז דאָס אַזוינס? צי קאָן מען דען אַזוינס פאַרציילן?

— קום נאָר אַהער! — האָט אים דער פעטער צוגערופן.

און אַז יעווסיי איז שטיל צוגעגאַנגען פון ווינקל, האָט אים דער פעטער אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ אַ שווערע, האַרטע האַנט און געפרעגט:

— האָסט דאָס אַלץ פאַרציילט?

— יאָ.

— פארוואס?

— כ'ווייס נישט...

דער פעטער האָט נישט אוועקגענומען די האַנט און אָפּגע־שטופּט יעזוסיס קאָפּ, געקוקט אים אין די אויגן אַריין און ערנסט געפרעגט:

— צי איז דען טאַקע דער הימל שוואַרץ?

יעזוסיי האָט שטילערהייט אַרויסגעמורמלט:

— וואָסערער דען איז ער, אויב זי זעט נישט...

— ווער?

— טאַנקאַ...

— יאָ! — האָט דער פעטער געזאָגט, זיך פאַרטראַכט, און געפרעגט:

— און דאָס פייער איז דען שוואַרץ? פאַרוואָס האָסטו אַזוי אויסגעטראַכט?

דאָס יינגל האָט געשוויגן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— נו, זאָג... מע שלאָגט דאָך דיך נישט! פאַרוואָס דער־ציילסטו איר אַזעלעכע מעשׂיות, האַ?

— איך האָב אויף איר רחמנות... — האָט יעזוסיי קוים אַרויסגערעדט.

דער פעטער האָט אים לייכט אוועקגעשטופּט אָן אַ זייט און געזאָגט:

— מער זאָלסטו מיט איר נישט רעדן, הערסטו? קיינמאָל נישט. דו, מומע פּראַסקאָוויאַ, מעגסט זיין רויק... מיר וועלן מאַכן אַ סוף פון אָט דער חברשאַפט.

— מיטן רימען געב אים! — האָט דער בלינדערס מוטער געראָטן. — דאָס מיידל האָט געלעבט אַזוי שטיל, קיין פליג אויף דער וואַנט נישט געטשעפּעט, און יעצט קאָן מען פון איר נישט אוועקגיין אויף אַ רגע...

אַז פּראַסקאָוויאַ איז אוועקגעגאַנגען, האָט דער פעטער שווייגנדיק אָנגענומען יעזוסייען פאַר דער האַנט אַרויסגעפירט אויפן הויף און געפרעגט:

— זאָג מיר אַצינד — פאַר וואָס האָסטו אַזוי געשראָ[illegible]

דאָס מיידל?

דעם פעטערס קול האָט געקלונגען נישט הויך, נאָר שטרענג. יעווסיי האָט מורא געקריגן און זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן, גיך, שטאַמלענדיק:

— כ'האָב זי נישט אָנגעשראָקן... כ'האָב נאָר אַזוי... זי באַקלאָגט זיך אַזוי כסדר... איך זע נאָר שוואַרץ, זאָגט זי... און דו זעסט אַלץ... האָב איך איר איינגערעדט, אַז אַלץ איז שוואַרץ... אַז זי זאָל נישט מקנא זיין... איך האָב זי אינגאַנצן נישט אָנגעשראָקן...

און זיך צעכליפּעט פאַר צער. דער פעטער פּיאָטר האָט זיך שטיל צעלאַכט:

— שוטה! גיב נאָר אַ טראַכט — ס'איז דאָך אינגאַנצן דריי יאָר, ווי זי איז בלינד געוואָרן... זי איז דאָך נישט געבוירן געוואָרן בלינדערהייט... פון פּאָקן איז דאָס איר געקומען. הייסט עס, אַז זי געדענקט, ווי ליכטיק ס'איז... ס'אַרא נאַר דו ביסט!

— איך בין נישט קיין נאַר! זי האָט עס מיר געגלייבט!

— האָט יעווסיי געענטפערט, זיך אָפּווישנדיק די אויגן.

— נו, גוט. נאָר זאָלסט זיך מיט איר מער נישט אַרומפירן... הערסט?

— כ'וועל שוין נישט מער...

— און דאָס וואָס דו וויינסט — דאָס מאַכט נישט אויס! זאָל מען מיינען, אַז כ'האָב דיך אָנגעהרגעט.

דער פעטער האָט אַ שטויס געטון יעווסייען אין פּלייצע אַריין און שמייכלענדיק צוגעגעבן:

— מיר זענען ביידע זשוליקעס...

דער יונג האָט אים אַריינגעשטופּט דעם קאָפּ אין דער זייט און געפרעגט מיט אַ ציטערנדיק קול:

— פאַר וואָס באַליידיקן מיך אַלע אַזוי?

— כ'ווייס נישט, יתום! — האָט דער פעטער געענטפערט.

און די עוולות האָבן אָנגעהויבן דעם יונג הנאה צו טון; אין אים איז פינצטער רייף געוואָרן די איבערצייגונג, אַז ער איז נישט אַזוי ווי אַלע, דערפאַר באַליידיקט מען אים טאַקע. ער האָט געזעען, אַז אַלע מענטשן זענען געווען שלעכטע, זענען שוין מיד פון שלעכ-

טיקייט, האָבן באַשווינדלט איינער דעם אַנדערן, געשיכּורט, זיך געשלאָגן, באַליידיקט איינער דעם אַנדערן מיט די שווערסטע באַליידיקונגען, יעדער האָט געזוכט צו הערשן איבער יענעם, און זיך אַליין נישט געקאָנט באַהערשן. ס'איז נישט געווען קיין מענטש, וואָס זאָל נישט מורא האָבן פאַר עפּעס, דאָס גאַנצע לעבן איז געווען פול מיט פּחד, מיט שרעק, און זי האָט נאָך די מענטשן צעטיילט.

דאָס דאָרף איז געשטאַנען אויף אַ בערגל. הינטערן טייך האָט זיך געצויגן אַ פּעטע בלאָטע. זומער, נאָך הייסע טעג, פלעגט זיך פון דאָרט אויפהייבן אַ שטיקנדיקער וואָלקן, און פונדערווייטנס, הינטערן קליינעם וועלדל, איז אויפגעגאַנגען אויפן הימל אַ רויטע, בייזע לבנה. אַ ריזיקע, אַ קיילעכיקע, האָט זי אויסגעזען דורך דעם וואָלקן שטויב, ווי אַ בייז, צאָרנדיק אויג. די בלאָטע האָט געטעמט אויפן דאָרף אַרויף מיט אַ פאַרפוילטן אָטעם, אָנגעשיקט אויף די מענטשן וואָלקנס קאָמאַרעס; די לופט האָט גערוישט, געזויינט פון זייער דורשטיקן פאָרען און אומעטיקן געזאַנג, און די מענטשן, בייזע, האָבן זיך געקראַצט ביז בלוט, אַז ס'איז געווען אַ צער.

יעווסייען האָט זיך געדאַכט, אַז די לבנה זאָגט אָן שווייגנדיק אַלע צרות און שרעקן. ער האָט זיך געשראָקן פאַר איר רויטלעכן, ברודיקן פּנים, און אַז ער פלעגט אים דערזען איבער דער בלאָטע פלעגט ער זיך ערגעץ־וואו באַהאַלטן, און ביינאַכט האָבן אים געמאַטערט שווערע חלומות.

אין די נעכט פלעגן איבער דער בלאָטע בלאָנדזשען בלויע ציטערדיקע פייערלעך. מע פלעגט זאָגן, אַז דאָס זענען פאַרוואָגלטע נשמות פון זינדיקע; מענטשן האָבן פרום געזיפצט, באַדויערט זיי, נאָר איינער האָט דעם אַנדערן נישט באַדויערט.

זיי האָבן אָבער אויך געקאָנט לעבן אַנדערש — חבריש און פריילעך. יעווסיי האָט עס איינמאָל געזען.

ביים רייכן פויער וויערעטיענניקאָוו האָט זיך איינמאָל ביינאַכט אָנגעצונדן דער שפּייכלער. יעווסיי איז אַרויסגעלאָפן אין גאָרטן, אַרויפגעקראָכן אויף אַ פלויט און פון דאָרט געקוקט אויפן פייער.

ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אין הימל וויקלט זיך פאַנאַנדער אַ פּילפּליגלדיקער שלאַנקער קערפּער פון אַ שרעקלעכן, רויך־שוואַרצן פויגל מיט אַ פייערדיקער מאָרדע. ער בייגט אָן דעם רויטן לייכטנדיקן קאָפּ צו דער ערד, שלינגט דורשטיק די שטרוי מיט די פייערדיקע שאַרפע ציין, בייסט דיביימער, לעקט זיי מיט הונדערטער גלע ציינגער. זיין רויכיקער קערפּער שלענגלט זיך שפּילנדיק אין שוואַרצן הימל, פאַלט אויפן דאָרף, קריכט איבער די דעכער פון די הייזער און הייבט זיך ווידער אויפס'ניי לייכט אַרויף, בישט אָפּרייסנדיק פון דער ערד דעם פלאַקערדיקן רויטן קאָפּ, שנאָרכט, צעוואָרפט סנאָפּעס פונקען, פייפט צאָרנדיק, זינגט, עטעמט, און עפנט וואָס אַמאָל ברייטער די העלע מאָרדע, אַלץ דורשטיקער כאַפּט אַרום דאָס האָלץ מיט די רויטע פלאַמען־בענדער.

אַנטקייגן דעם פייער זענען אַלע מענטשן געוואָרן קליינינקע, שוואַרצינקע. זיי האָבן געגאָסן אין זיין מאָרדע מיט וואַסער, געוואָרפן אין איר מיט לאַנגע שפּיזן, אַרויסגעריסן פון די ציין די פלאַקערדיקע סנאָפּעס, געטרעטן מיט די פיס און געהוסט, געפייפט, געגאָסן, זיך פאַרגאַנגען אין פעטן רויך. זיי האָבן געשריגן, געוויינט, צעגויפגעגאָסן זייערע קולות מיט דער פייפעריי פון פייער און אַלץ גענטער זיך גערוקט אויף אים, אַרומגערינגלט זיין פייער־רויטן קאָפּ מיט אַ שוואַרצער לעבעדיקער קייט, גלייך זיי וואָלטן אים אָנגעהאָנגען אַ פעטלע אויפן האַלז. די פעטלע האָט זיך אָפּגעריסן, אַמאָל דאָ אַמאָל דאָרט, מען האָט זי ווידער צעגויפגעבונדן און אַלץ שטאַרקער, ענגער צעגויפגעדריקט; זי האָט געשטיקט דאָס פייער, און דאָס פייער האָט הייזעריק זיך געריסן, געשפּרונגען אין דער הויך, דער קערפּער איז אים געשוואָלן געוואָרן, זיך צונגעבלאָזן, זיך געשלענגלט ווי אַ שלאַנג, געוואָלט אָפּרייסן פון דער ערד דעם קאָפּ, וואָס די מענטשן האָבן פאַרכאַפּט, און אָן כּוח, מיד און אומעטיק צעפאַלן אויף שכנותדיקע דעכער, געקראָכן איבער די גערטנער, צעגאַנגען, אָפּגעריסן און שוואַך.

— פעסטער, צוזאַמען! — האָבן מענטשן געשריגן, געמוטיקט איינער דעם אַנדערן.

— וואַסער! — האָבן געקלונגען ווייבערשע קולות.

די ווייבער זענען געשטאַנען ווי אַ קיט, פון דער שריפה ביזן טייך, אַלע צוזאַמען, פרעמדע און אייגענע, חברטעס און שונאים. אומאויפהערלעך האָבן זיך ביי זיי אין די הענט געביטן די עמערס וואַסער.

— לעבעדיק, ווייבער! ליבינקע — לעבעדיק!

גוט און אָנגענעם איז געווען צו קוקן אויף אָט דעם גוטן, היימישן, חברישן לעבן אין קאַמף מיטן פייער. אַלע האָבן געמוטיקט איינער דעם אַנדערן און געליובט פאַר דער פלינקייט, פאַרן כּוח. גוטמוטיק זיך געזידלט. די געשרייען זענען געווען אָן בייזקייט, און עס האָט אויסגעזעען, אַז ביים שיין פון פייער האָבן זיי ערשט דערזעען איינער דעם אַנדערן. און אַז זיי האָבן, לסוף, באַזיגט דאָס פייער, זענען זיי געוואָרן פריילעך. מען האָט געזונגען לידער, געלאַכט, זיך גערימט איינער פאַרן אַנדערן מיט זייער אַרבעט, זיך געוויצלט; די עלטערע האָבן אַרויסגענומען די פלעשלעך בראָנפן, זיך געטיילט מיטן עולם און דאָס יונגוואַרג האָט ביז פאַרטאָג געשפּאַצירט אויף דער גאַס, און אַלע זענען געווען אַזוי גוט, ווי אין חלום.

יעווסיי האָט נישט געהערט קיין איין בייז געשריי, נישט באַמערקט קיין איין בייז פּנים, און די גאַנצע צייט, וואָס ס'האָט געברענט, האָט קיינער נישט געברומט מיט היהשן ווילדן כּעס, גרייט צו דערהרגענען...

אויפן אַנדערן טאָג האָט ער געזאָגט צום פעטער פּיאָטר:

— ווי גוט איז דאָס נעכטן געווען...

— נ-יאָ, יתומל, גוט... נאָך אַ ביסל — וואָלט אַ האַלב דאָרף אַוועק מיטן רויך.

— ניין, איך מיין אַנטקייגן די מענטשן! — האָט דער יונג אים געגעבן צו פאַרשטיין, — אַנטקייגן דעם, ווי חבריש זיי האָבן אַלע געאַרבעט... אָט, ווען זיי זאָלן דאָס אַלע מאָל אַזוי אַרבעטן... ווען אַלע מאָל זאָל ברענען!

דער פעטער האָט זיך פאַרטראַכט און פאַרחידושט געפרעגט:

— דאָס הייסט, ס'קומט אויס, אַז אַלעמאָל זאָל זיין שריפות?

און שטרענג אַ קוק געטון אויף יעווסייען און, דראָענדיק מיטן פינגער, געזאָגט:

— דו, מעשה שטן, קלער גאָר נישט אויס אַזעלכע זאַכן. ס'ס געהערט אַ מעשה... שריפות האָט ער גאָר ליב...

# II

אַז יעווסיי האָט געענדיקט צו לערנען, האָט דער פעטער צו אים געזאָגט:

— וואו זאָל איך דיך יעצט אַהינטון? דאָ טויגסטו נישט צו גאָרנישט. נישט אַנדערש, נאָר אין שטאָט אַריין. אָט וועל איך פאָרן קויפן בלאָז-זעק, וועל איך דיך מיטנעמען, יתום.

— וועסט מיך אַליין אוועקפירן? — האָט יעווסיי געפרעגט.

— יאָ. וואָס, ס'איז דיר אַ שאָד דאָס דאָרף אוועקצוּוואַרפן?

— ניין. נאָר ד ו ביסט מיר אַ שאָד...

דער פעטער האָט אַריינגערוקט אין אויוון אַ שטיק אייזן, צעגויפגעשאַרט מיט דער צוואַנג די קוילן און פאַרטראַכט זיך אָנ־גערופן:

— אויף מיר איז נישטאָ וואָס אַ שאָד צו זיין... איך בין אַ גרויסער... אַ פויער, ווי ס'דאַרף צו זיין... ווי אַלע.

— דו ביסט בעסער פון אַלעו — האָט יעווסיי שטיל געפלי־סטערט.

דער פעטער האָט עס, ווייזט אויס, נישט געהערט. ער האָט נישט געענטפערט, אַרויסגענומען פון פייער דאָס צעגליטע שטיק אייזן, און פאַרזשמורענדיק די אויגן אָנגעהויבן עס צו קאָווען, געשפריצט מיט רויטע פונקען. דערנאָך האָט ער זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט, פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט די האַנט מיטן האַמער און שמייכלענדיק געזאָגט:

— איך וואָלט דיך באַדאַרפט עפּעס אויסלערנען... עפּעס... ווי אַזוי צו לעבן... און נאָך אַזעלכע זאַכן...

יעווסיי האָט זיך אָנגעשטרענגט, געוואַרט, אַז דער פעטער־

זאָל אים אָנהייבן צו לערנען, נאָר דער שמיד האָט אויפס'ניי אַריינ־ געריקט דאָס אײַזן אין פייער אַריין, אָפּגעווישט די טרערן פון די באַקן און אַרײַנגעקוקט אין אויוון אַריין. ווייזט אויס, פאַרגעסן אָן אים. ס'איז געקומען אַ פויער, געבערענגט אַ געפּלאַצטע שינע. יעוו־ סיי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין טאָל אַריין, געזעסן דאָרט אין די קושאַקעס ביז די זון איז פאַרגאַנגען, אויסגעקוקט, אַז דער פעטער זאָל בלייבן אַליין אין קוזניע. נאָר דאָס האָט זיך נישט געמאַכט.

דער טאָג, ווען מ'איז אַרויסגעפאָרן פון דאָרף, האָט זיך אָפּ־ געווישט אין יינגלס זכרון; ער האָט נאָר געדענקט, אַז ווען זיי זע־ נען אַרויסגעפאָרן אין פעלד, איז געווען פינסטער און מאָדנע ענג, דאָס פורל האָט זיך שטאַרק געשאָקלט, ביי די זייטן האָבן זיך אַ־ וועקגעשטעלט שוואַרצע, אומבאַוועגלעכע ביימער. דער פעטער איז דעם גאַנצן וועג געזעסן פאַרטראַכט אין זיך, אויף די פראַגן גע־ ענטפערט נישט גערן, קורץ און נישט צו דער זאַך.

זיי זענען געפאָרן אַ גאַנצן טאָג, גענעכטיקט אין אַ דערפל. ביינאַכט האָט עמעצער לאַנג און ליבהאַרציק געשפּילט אויף אַ האַר־ מאָניקע, אַ פרוי האָט געוויינט, טיילמאָל האָט אַ בייז קול אויסגעשריגן:

— שווייג!

און זיך אויסגעזידלט אין דער מוטער אַריין.

ווייטער זענען זיי אויך געפאָרן ביינאַכט. צוויי הינט האָבן זיי באַגלייט, מיט אַ געבילעריי אַרומגעלאָפן אַרום דעם פורל, און אַז זיי זענען אַרויסגעפאָרן פון דאָרף, אין וואַלד, האָט, לינקס פון וועג, אומעטיק און טויב געשריגן אַ נאַכט־פויגל.

— הלוואי זאָל עס זיין אַ גוטער סימן! — האָט דער שמיד אַרויסגעברומט.

יעווסיי איז אַנטשלאָפן געוואָרן און זיך אויפגעכאַפּט, ווען דער פעטער האָט אים לייכט געשמיסן מיט דער בייטש איבער די פיס:

— גיב אַ קוק, יתומל... העט!

פאַרן יינגלס שלעפעריקע אויגן איז די שטאָט אויסגעקומען ווי אַ ריזיק פעלד פון גריטשענע קאַשע — געדיכט און פילפאַרביק, האָט זיך געצויגן אָן אַ סוף, מיט די גאָלדענע קלויסטער־שפּיצן אינ־

דערמיט — אַזוי ווי די געלע בלומען פון אַ זונען-רויז און די שפּאַלטן פון די גאַסן — ווי ראָוועס.

— אָ-האָ-אָ... ריזעדיק! — האָט יעווסיי געזאָגט, ווען ער האָט זיך צוגעקוקט. אַז ער האָט נאָך אַביסל אָפּגעקוקט, האָט ער פּאַרזיכטיק געפרעגט דעם פעטער:

— און דו וועסט צו מיר קומען צופאָרן?

— איך? פרעגט זיך אַ שאלה. באַלד ווי כ'קום גאָר אין שטאָט אַריין, איז גלייך צו דיר. וועסט אָנהייבן פאַרדינען געלט, וועל איך ביי דיר בעטן געלט... יאָ. גיב אַהער, יתום, דעם פעטער א... דריי־ערל!

— איך וועל דיר אָוועקגעבן דאָס גאַנצע! — האָט יעווסיי צוגעזאָגט.

— דאָס גאַנצע דאַרף מען נישט. גיב וויפל ס'איז דיר נישט קיין שאָד — נישט צו ווינציק, נישט צופיל...

די שטאָט איז גיך אויסגעוואַקסן, געוואָרן וואָס מערבונ־טער, פילפאַרביקער. גרין, רויט, גרוי, גאָלדן, האָט זי אינגאַנצן גע־לויכטן, אָפּגעשפּיגלט די זונען־שטראַלן אָן די אָן אַ שיער שויבן און אָנם גאָלד פון די קלויסטער־דעכער. זי האָט געצויגן, אָנגעצונדן אין האַרצן אַ נייגעריקייט, אָן אומעטיקע דערוואַרטונג פון עפּעס אויסטערלישס. יעווסיי איז געשטאַנען אויף די קני, מיט דער האַנט זיך געהאַלטן אָן פעטערס אַקסל און כסדר געקוקט פאַר זיך, און דער פעטער האָט צו אים גערעדט:

— זאָלסט דיך פירן אַזוי — געטון וואָס מע דאַרף, און אַוועק. פון שלעגערס זאָלסטו וויכן. פון צען שלעגערס וועט זיך איינער אפשר דערשלאָגן, און ניין וועלן זיך צעשלאָגן.

גערעדט האָט ער נישט אַנטשלאָסן, גלייך ער וואָלט זיך גע־שלאָגן מיט דער דעה, צי דאָס, וואָס ער רעדט, איז טאַקע נייטיק, און געזוכט ביי זיך אין געדאַנק עפּעס אַנדערס, עפּעס מער וויכ־טיקס. יעווסיי האָט אים אויפמערקזאַם, ערנסט געהערט, געהאָפט צו דערהערן ספּעציעלע רייד קעגן דער שרעק און געפאַרן פון ניי־עם לעבן.

נאָר דער שמיד האָט אָפּגעזיפצט, געשוויגן אַ ווײַלע, און

אָגעהויבן ווייטער — שוין פעסטער, זיכערער:

— מיך האָט מען אַנומלט, יתום, שיער נישט מיט שטעקנס אַרויסגעטריבן פון שטאָט, יאָ. איך בין דענסטמאָל געווען אַ חתן־בחור, כ'האָב געדאַרפט חתונה האָבן צו יענער צייט, און זיי — שלאָגן מיך. זיי איז עס נישט קיין אונטערשיד, זיי מישן זיך נישט אין קיין פרעמדע געשעפטן. האָב איך געגעבן צום גובערנאַטאָר אַן אָנקלאָג — האָט מען מיך דריי מיט אַ האַלבן חודש געהאַלטן אין תפיסה... אַ חוץ קלעפּ. אָ, גרויסע קלעפּ איבערגעטראָגן, שוין אַפילו געשפּיגן מיט בלוט, און פון דענסטמאָל אָן טרערן מיר די אויגן. איינער אַ פּאָליציאַנט, אַזאַ געלער, אַ נידעריקער, האָט מיר מיט עפּעס געלייגט איבערן קאָפּ...

— נו, — האָט יעווסיי שטילינקע געזאָגט — רעד נישט וועגן דעם...

— וואָס נאָך װעסטו מיר זאָגן! — האָט דער פעטער געזאָגט מיט אַ שמייכל. — מען מעג דערציילן, יתום.

יעווסיי האָט פּאַראומערט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ

אַנטקייגן זיי האָבן זיך באַוועגט באַזונדערע הייזער, ברודיקע, אַרומגענומען מיט שווערע ריחות און אַריינגעשלעפּט דאָס פערד מיטן פורל און די פּאַסאַזשירן אַלץ טיפער אין זייערע פאַרוויקלטע געצן. אויף רויטע און גרינגע דעכער האָבן געשטאַרצט, ווי בראָ־דעווקעס, קוימענס — פון זיי האָט זיך פויל געשלענגלט בלויער און גרויער רויך. אַנדערע קוימענס האָבן געשטעקט גלייך פון דער ערד, הויכע, ברודיקע, האָבן זיי געדיכט געדיכט און שוואַרץ. די ערד איז געווען שטאַרק באַטרעטן, האָט אויסגעזען, אַז זי איז אַדורכגעפּעצט מיט שוואַרצער פעטס, און פון אומעטום זענען אין דער רויכיקער לופט געקראָכן, זיך געשטופּט, שווערע, שרעקעוו־דיקע קלאַנגען — עפּעס האָט געאָכצט, געדרוישט, געפּייפט, אייזן האָט געסקריפּעט, עמעץ, עפּעס אַ ריזיקע זאַך, האָט הייזעריק און אָפּגעריסן געטעמט...

— און דו — ווען וועסט קומען צופאָרן? — האָט יעווסיי שטיל געפרעגט.

דער פעטער האָט אויפמערקזאַם געקוקט פאַר זיך און געזאָגט:

— דאָס איז נאָך נישט די שטאָט... דאָס זענען נאָר די פאַב־ריקן, די פאָרשטאָט...

אומבאַמערקט האָבן זיי זיך אַריינגעצויגן אין אַ ברייטער גאַס, פאַרמויערט מיט הילצערנע הייזלעך. באַפאַרבט מיט פאַרשידענע פאַרבן, מיושבדיקע, יוסטע, האָבן זיי אויסגעזען רויִק און באַלע־באַטיש. באַזונדער שיין זענען געווען די הייזער מיט גערטנלעך פון פאָרנט, גלייך ווי אָנגעטון אין גרינע פאַרטעכער, ריינע און פריילעכע.

— באַלד וועלן מיר צוקומען — האָט דער שמיד געזאָגט און פאַרקערעוועט דאָס פערד אין אַ שמאָל געסל.

— האָב נישט קיין מורא, יתום...

ער האָט אָפּגעשטעלט דאָס פערד ביי אַ געעפנט טויער פון אַ ריזיקן הויז, אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד און איז אַריין אין הויף. דאָס הויז איז געווען אַלט, אויסגעקרימט, אונטער די פענסטער האָבן געשטאַרצט די גזימס, די פענסטער זענען געווען קליין און אומעטיק. אויפן ריזיקן, ברודיקן הויף זענען געשטאַנען אַ סך פור־לעך, פיר פויערן האָבן אַרומגערינגלט אַ ווייס פערד, געפּאַטשט עס מיט די הענט און הויך געשריגן. איינער פון זיי, אַ הויכער מיט אַ גלאַטן קאָפּ, מיט אַ גרויסער געלער באָרד און אַ רויט פּנים, האָט דערזעענדיק דעם פעטער פּיאָטר, ברייט צעפירט די הענט און אויסגעשריגן:

— א —

... זיי זענען געזעסן אין אַן ענגן,פינסטערן צימער, געטרונ־קען טיי, דער פעטער פּיאָטר האָט דערציילט וועגן דאָרף, און דער מיטן גלאַטן קאָפּ האָט געקייכט פון געלעכטער און אַזוי געשריגן, אַז אויפן טיש האָט זיך אַזש צעקלונגען דאָס געפעס. ס׳איז גע־ווען שטיקנדיק, שטאַרק געשמעקט מיט הייס ברויט. יעווסייען האָט שטאַרק געשלעפערט און ער האָט בסדר געקוקט אין ווינקל אַריין, וואו הינטער אַ ברודיק פורהענגל איז געשטאַנען אַ ברייט בעט מיט אַ סך קישנס. גרויסע שוואַרצע פליגן זענען אַרומגעפלויגן איבערן צימער, האָבן זיך אָנגעשטויסן אין שטערן, זענען גע־קראָכן איבערן פּנים, געקיצלט די פאַרשוויצטע הענט, נאָר יעווסיי

האָט זיך געשעמט זיי אָפּצוטרייבן.

— מיר ווען דיך איינאָרדענען! — האָט צו אים געשריגן דער מיטן גלאַטן קאָפּ און פריילעך געשאָקלט מיטן קאָפּ. — איין מינוט! נאַטאַליאַ! האָסט געשיקט נאָך מאַטווייאיטשן?

אַ פולע שוואַרצברעמיקע פרוי מיט אַ קליין מויל און הויכער ברוסט האָט הויך און קלינגענדיק געענטפערט:

— ס׳וויפלטע מאָל דו פרעגסט שוין...

זי האָט געהאַלטן הויך דעם קאָפּ, דרייסט, און אַז זי האָט באַוועגט מיט דער האַנט, האָט דער רויזער סיץ פון איר נייעם קלייד הויך געקרעכצט. זי האָט דערמאָנט אָן עפּעס אַ גוטן חלום אָדער אַ מעשהלע.

— זעסט, פּיעטרוכאַ, פריינט, ס׳אַרא זי איז, נאַטאַליאַ?

— האָניק! — האָט דער באַלעבאָס געשריגן, אַז מ׳האָט גע־קאָנט טויב ווערן.

דער פעטער פּיאָטר האָט שטיל אונטערגעשמייכלט, גלייך ער וואָלט מורא געהאַט אַ קוק צו טון אויף דער פרוי, און זי האָט אונטערגערוקט יעוסייען אַ הייסן ווייצענעם געפּילטן קראַפּ און געזאָגט:

— עס, עס וואָס מער! אין שטאָט דאַרף מען עסן אַ סך...

אויפן טיש איז געשטאַנען אַ שיסל מיט איינגעמאַכטס, האָניק אויף אַ טעלער, געפּרעגלטער קלאָפּס, באַשיט מיט צימרינג, וואורשט, אוגערקעס, בראָנפן — אַלץ האָט אָנגעפילט די לופט מיט שטאַרקע ריחות. יעוסייען איז נישט גוט געוואָרן פון דער דריקנדיקער זאַט־קייט, נאָר ער האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט אָפּצוזאָגן זיך און הכנעהדיק געקייט אַלץ, וואָס מ׳האָט אים אונטערגערוקט.

— עס! — האָט געשריגן דער מיטן גלאַטן קאָפּ און דער־ציילט דעם פעטער פּיאָטר — ס׳איז, זאָג איך דיר, אַ גליק. אינ־גאַנצן אַ וואָך, ווי דאָס פערד האָט אים דערדריקט דאָס ייִנגלן ר׳איז אַזוי געגאַנגען אין שענק אַריין נאָך וואַרעמס, מיטאָמאָל...

אומבאַמערקט און אומהערבאַר איז אַריינגעקומען נאָך אַ מענטש, אויך מיט אַ גלאַטן קאָפּ, נאָר אַ קליינער, אַ דאַרער, מיט טונקעלע ברילן אויף דער גרויסער נאָז און מיט אַ לאַנג שנירל גרויע האָר אויף דער געמבע.

— וואָס שמועסט מען דאָ, מענטשן? — האָט ער שטיל, נאָר זאַנפט געפרעגט. דער באַלעבאָס איז אָפּגעשפּרונגען פון דער שטול, געשריגן, זיך צעלאַכט, און יעווסייען איז פּלוצלינג געוואָרן שלעכט אויף דער נשמה.

דער מענטש האָט אָנגערופן דעם באַלעבאָס און דעם פּעטער פּיאָטר — מענטשן, און ס'האָט אויסגעזען, אַז דערמיט טיילט ער זיך אָפּ פון זיי. ער איז געזעסן אָפּגערוקט פון טיש, דערנאָך האָט ער זיך נאָך אָפּגערוקט אָן אַ זייט פון שמיד און זיך אַרומגעקוקט, פּאַמעלעך געדרייט מיטן דאַרן, לאַנגן האַלז. אויפן קאָפּ, אַביסל אײַבערן שטערן, איבערן רעכטן אויג, האָט ער געהאַט אַ גרויסע בייל, דער קליינער שאַרפער אויער איז שטאַרק צוגעשטאַנען צום שאַרבן, גלייך וואָלט זיך געוואָלט באַהאַלטן אין דעם קליינעם בינטעלע גרויע האָר. געווען איז ער אינגאַנצן שטיל, גרוי, שטויביק. יעווסיי האָט אומבאַמערקט זיך באַמיט אָנצוקוקן די אויגן פון אונטער די ברילן אַפער, נאָר ער האָט נישט געקאָנט, און דאָס האָט אים געשראָקן.

דער פליכצוואַטע באַלעבאָס האָט געשריגן:

— פאַרשטייסט, אַ יתום!

— דאָס איז שווערער ענין! — האָט שטיל באַמערקט דער מענטש מיט דער בייל — ער איז געזעסן, אָנגעלענט די קליינע פינסטערע הענט אויף די שאַרפע קני, גערעדט ווייניק, און טיילמאָל האָט יעווסיי געהערט עפּעס אויסטערלישע ווערטער.

לסוף האָט ער געזאָגט:

— און מיט דעם איז געענדיקט...

דער פּעטער פּיאָטר האָט זיך שווער אויסגעדרייט אויף דער שטול:

— אָט, יתום, האָסטו שוין אַן אָרט... און דאָס איזדיין באַלעבאָס...

און דערנאָך זיך אויסגעדרייט צום באַלעבאָס.

— כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת — אַ ייִנגל איז ער אַפילו אַ גאַנץ באַלעזענער, גאָר נישט קיין נאַר... און איך זאָג עס אייך נישט דערפאַר, ווייל כ'האָב אים נישט וואו אַהינצוטון, נאָר די ריינע װאָרהייט... אַ ייִנגל אַפילו אַ גאַנץ בייגעריקער...

— נייגעריקייט דאַרף איך נישט צו האָבן! — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין.

— דאָס איז ביי אים אַזאַ שטילער נייגער. אין דאָרף האָט מען אים אים אַפּילו אַ נאָמען געגעבן — אַלטער. אַזאַ איז ער!

— מ׳עט זען! — דער מענטש מיט דער בייל אויפן קאָפּ האָט זיך גלייכגעמאַכט די ברילן, לאַנג געקוקט יעווסייען אין די אויגן אַריין און געזאָגט:

— איך הייס מאַטווייִ מאַטווייאיטש...

ער האָט זיך אויסגעדרייט, גענומען די גלאָז, שטיל אויס־געטרונקען די טיי, שטום זיך פאַרנייגט און אַוועק.

דערנאָך איז יעווסיי מיטן פעטער געזעסן אויפן הויף, אין שאָטן, הינטער דער שטאַל, און דער פעטער האָט גערעדט אָפּגעהאַקט, גלייך ער וואָלט יעצט אָנגעטאַפּט מיט די ווערטער עפּעס אַזוינס, וואָס ער פאַרשטייט נאָך נישט:

— יאָ — ס׳וועט דיר גאַנץ גוט זיין ביי אים... ער איז אַ גאַנץ שטילער אַלטיטשקער. דער אַלטער האָט שוין זיין גורל אויס־געדינט, איז אַדורך כּלערליי עבירות, און לעבט, כּדי נאָך צו עסן אַ שטיקל ברויט, און וואַרטשעט, ווי אַ זאַטע קאַץ...

— און ער איז נישט קיין כּישופמאַכער? — האָט דאָס יינגל געפרעגט.

— פאַרוואָס? אין שטאָט, דאַכט זיך, זענען זיי נישטאָ, די כּישופמאַכערס.

דער פעטער האָט זיך פאַרטראַכט און נאָך צוגעגעבן:

—פונדעסטוועגן איז עס דיר אַלץ איינס. אַ כּישופמאַכער איז אויך אַ מענטש. דו נעם דיר אַריין אין זינען אָט וואָס: די שטאָט — דאָס איז אַ געפערלעכע זאַך, זי געוויינט צו די מענטשן דערצו, אַז, למשל, ס׳ווייב גייט אַוועק ביי עמעצן צו דער תּפילה, נעמט ער באַלד צו אויף איר אָרט אַ צווייטע און — וואוינט מיט איר. און אַן אַלטער וועט אַזאַ ביישפּיל נישט ווייזן... דערפאַר זאָג איך דאָס, אַז סע וועט דיר מיט אים, רעכן איך, גאַנץ גוט זיין... וועסט מיט אים זיין, ווי הינטער אַ קוסאַק, — זיצסט און קוקסט דיר אַרום.

— און אז ער וועט שטאַרבן? — האָט יעווסיי דערשראָקן געפרעגט.

— נישט אַזוי גיך... יאָ, און דעם קאָפּ זאָלסטו דיר שמירן מיט פּוטער, ס'זאָלן דיר נישט שטעקן קיין קודלעס...

אַרום האַלבן טאָג האָט דער פּעטער געהייסן יעווסייען זיך געזעגענען מיט די באַלעבאַטים, אים פעסט אָנגענומען פאַר דער האַנט און אַוועקגעפירט אין שטאָט אַריין. זיי זענען געגאַנגען לאַנג, ס'איז געווען דושנע, זיי האָבן אָפט געפרעגט די אַדורכגייער, ווי צו גיין אויפן קיילעכדיקן פּלאַץ. יעווסיי האָט געקוקט אויף אַלע מיט סאָווענע אויגן און זיך געדריקט צום פעטער. טירן פון געשעפטן האָבן געקלאַפּט, משא-בלאָקן האָבן געוואָיעט, דראָשקעס האָבן געטראַסקעט, דער שווערער אָטעם פון וועגענער, די געשרייען פון הענדלער, דאָס שאַרעריי און טופּעריי פון פיס — די דאָזיקע אַלע קלאַנגען האָבן זיך צעגויפגעקייטלט, צעגויפגעקנוילט אין איין שטיקנדיקן, שטויביקן וואָלקן. מענטשן זענען געגאַנגען גיך, גלייך זיי וואָלטן זיך געיאָגט ערגעץ, מורא געהאַט צו פאַרשפּעטיקן, אַדורכגעלאָפן פון איין זייט גאַס אויף דער אַנדערער אונטער פערדישע מאָרדעס. דאָס מוראדיקע גערויש האָט פאַרשטויבט די אויגן, יעווסיי האָט זיי גאַנץ אָפט פאַרמאַכט, זיך אָנגעשטויסן און געזאָגט צום פעטער:

— גיי גיכער...

ער האָט געוואָלט צוקומען ערגעץ וואו אויף אַן אָרט, אין אַ ווינקל, וואו ס'זאָל נישט זיין אַזוי רוישיק, אייליק און הויכ[ער]. צום סוף זענען זיי אַרויס אויף אַ קליין פּלעצל, ענג אַרומגערינגלט מיט אַלטע הייזער. ס'האָט אויסגעזעען, אַז אַלע לענען זיי זיך צו איינער אויפן אַנדערן פעסט און שטאַרק. אינמיטן פון פּלאַץ איז געשטאַנען אַ פאָנטאַן, אויף דער ערד האָבן זיך געשפּרייט גרויסע שאָטנס, דאָס גערויש איז דאָ געווען געדיכטער, געפּרעסטער, רויקער.

— געב נאָר אַ קוק, פּעטער, — האָט יעווסיי געזאָגט, בלויז הייזער, נישטאָ קיין איין פּאַרקן...

דער פּעטער האָט אָפּגעזיפצט און געענטפערט:

— ענגלעך... לייען די שילדן — וואו איז דאָ ראַספּאָפּאָווס געוועלב?

זיי זענען אַרויס אויפן מיטן פּלאַץ, זיך געשטעלט ביים פּאָבטאַן, און יעוסיי האָט, אַרומקוקנדיק זיך, באַוועגט מיט די ליפּן. שילדן איז געווען אַ סך, זיי האָבן באַדעקט יעדעס הויז ווי בונטע לאַטעס אויף אַ בעטלערס אַן אַלטער קאַפּאָטע... און אַז אויף איינער פון זיי האָט יעוסיי דערזעען דעם בייטיקן נאָמען, האָט ער אַ ציטער געטון, נישט געזאָגט אַפּריער דעם פעטער, נאָר אָנגעהויבן אויפמערקזאַם צו באַטראַכטן די שילד. זי איז געווען אַ קליינע אויפגעגעסן פון זשאַווער, געהאָנגען איבער אַ טיר, וואָס האָט געפירט ערגעץ אַראָפּ=צו, אין אַ פינסטערן לאָך אַריין, פאַר דער טיר אויפן טראָטואַר איז געווען אַ גרוב, פון ביידע זייטן אַרומגעצוימט מיט אַ נישט=הויכער אייזערנער נעץ. דאָס הויז, וואו ס'האָט זיך געפונען דאָס געוועלב, איז געווען הויך, פירשטאָקעדיק, שמאָל, צו דריי פענסטער אין אַ שטאָק, ברודיק=געל, מיט אַראָפּגעקראָכענער וואַפּנע. דאָס הויז האָט אויסגעזעען קורצזיכטיק, נאָר עפּעס פּיפּיק און אומפּריינטלעך.

— נו, וואָס, — האָט געפרעגט דער פעטער, — זעסט נישט, וואו עס איז?

— אָט! — האָט ס'ייִנגל אָנגעוויזן און אַ בייג געטון מיטן קאָפּ אַהין.

— צלם דיך איבער — קום...

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף שטיינערנע טרעפּ צו דער טיר — פינף טרעפּ געווען — דער שמיד האָט אַראָפּגענומען ס'היטל און פאָרזיכטיק אַריינגעקוקט אין געוועלב.

— קומט אַריין! — האָט זיך דערהערט אַ זאַנפט קול.

דער באַלעבאָס איז געזעסן ביים טיש און געטרונקען טיי. אויפן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ סאַמעטן היטעלע אָן אַ דאַשעק.

— נעם אַ שטול, פעטער, זעץ זיך, טרינק טיי. ייִנגל, גיב אַ גלאָז... דאָרט אויף דער פּאָליצע...

דער באַלעבאָס האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אין דער שוואַרצער טייל פונם געוועלב, יעוסיי האָט אַהין אַ קוק געטון, נאָר קיי=

נעם נישט געזעען. דעמאָלט האָט דער באַלעבאָס זיך געווענדעט צו אים:

— נו, וואָס זיצסטו? ביסט נישט קיין יינגל?

— נאָך נישט צוגעווייִנט! — האָט פעטער פיאָטר שטיל געזאָגט. דער באַלעבאָס האָט ווידער געוויזן מיט דער האַנט:

— די צווייטע פּאָליצע רעכטס. — אַ באַלעבאָס דאַרף מען פאַרשטיין אין אַ האַלב וואָרט — אַזוי פירט זיך.

דער פעטער האָט אַ זיפץ געטון. יעווסיי האָט אין דער פינ־סטער אָנגעטאַפּט דאָס גלאָזוואַרג, און גיך, זיך אָנשטויסנדיק אָן קופּעס ביכער אויף דער ערד, האָט ער דערלאַנגט דעם באַלע־באָס אַ גלאָז טיי.

— שטעל אוועק אויפן טיש. און אַ טעצל?

— אָך, דו — האָט אויסגערופן דער פעטער פיאָטר — פאַר־וואָס אָן אַ טעצל?

— מע דאַרף אים נאָך זייער לאַנג לערנען! — האָט געזאָגט דער באַלעבאָס, און פאָרשנדיק אָנגעקוקט דעם שמיד — יעצט, יינגל, גיי אַרום אין געוועלב און נעם דיר אין זינען אַריין, וואו עס ליגט יעדע זאַך...

יעווסיי האָט דערפילט, ווי אין זיין קערפּער האָט זיך פאַר־קליבן עפּעס באַפעלערישס און פירט מיט אים אָן, ווי עס וויל. ער האָט זיך צענויפגעקורטשעט, אַריינגעשטופּט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, אָנגעשטרענגט דעם בליק און אַרומגעקוקט דאָס געוועלב, זיך צוגעהערט צום באַלעבאָס רייד. אין געוועלב איז געווען קיל, טונקל און שטיל. דאָס געריוש פון דער שטאָט האָט זיך דאָרט אַ־דאָפּגעלאָזט אַזוי ווי אָן חשק, פאַרטעמפּט. דאָס געוועלב, שמאָל, לאַנג, ווי אַ קבר, איז געווען געדיכט אָנגעהאָנגען מיט פּאָליצעס און אויף זיי, פעסט צענויפגעדריקט, זענען געשטאַנען ביכער. אויף דער פּאָדלאָגע האָבן זיך אויך געוואַלגערט גרויסע פּעק ביכער, און אין דער טיפעניש פון געוועלב האָבן זיי געגרייכט ביזן פּולאָפּ, פאַרשטעלט די גאַנצע הינטערשטע וואַנט. אַחוץ ביכער האָט יעווסיי געזען נאָר אַ לייטער, אַ גרויסן שירעם, קאָלאָשן און אַ ווייסן

טאָפּ אָן אַן אויער. ס'איז געווען פול שטויב און ס'האָט אויסגעזען, אַז דערפון האָט זיך גענומען דער שווערער ריח.

— איך בין אַ מענטש אַן איינזאַמער, אַ שטילער, און אויב ער וועט מיר צוליב טון, וועל איך אים נאָך אפשר מאַכן פאַר אַ פולשטענדיק־גליקלעכן מענטש.

דער פעטער פּיאַטר האָט געזאָגט:

— פאַרשטייט זיך — די ברירה איז ביי אייך...

— איך בין אַלט זיבן און פופציק יאָר, דאָס גאַנצע לעבן האָב איך פאַרבראַכט ערלעך און געזעצמעסיק, אַ נישט ערלעכן מענטש וועל איך קיינמאָל נישט מוחל זיין, און אויב איך פאַק אַ־זוינעם, געב איך אים גלייך איבער אין געריכט. ווייל היינט משפּט מען אפילו מינדעריעריקע, די תּפיסה איז געמאַכט געוואָרן, כּדי זיי איבערצושרעקן, מען רופט זי: אַ קאָלאָניע פאַר קליינע פאַרברע־כער — גנבימלעך...

זיינע ווערטער, גרויע און קלעפּיקע, האָבן מאָדנע אַרומגענו־מען יעווסייען, אַרויסגערופן אין אים אַ שרעקעוודיקן פאַרלאַנג צו־ליב צוטון דעם אַלטן, געפעלן אים.

— יעצט געזעגנט אייך, דאָס ייִנגל דאַרף זיך פאַרנעמען מיט זיינע זאַכן.

דער פעטער איז זיפצנדיק אויפגעשטאַנען:

— נו, יתום... אָט, הייסט עס, לעב... פאָלג דעם באַלעבאָס... ער מיינט נישט דיין רעה — פאַרוואָס זאָל ער דען וועלן? אָט וועט ער דיר קויפן אַ שטאָטישן בגד... יאָ... בענק נישט..

— שיין! — האָט יעווסיי געענטפערט.

— מע דאַרף זאָגן: גוט, און נישט — שיין! — האָט דער באַלעבאָס פאַרריכט.

— גוט! — האָט יעווסיי נאָכגעזאָגט.

— נו, זיי געזונט! — האָט דער פעטער געזאָגט, אַרויפגע־לייגט אַ מאָזאָלנע האַנט אים אויפן אַקסל, אַ שאָקל געטון דעם פלימעניק און גיך אַרויס, גלייך ער וואָלט זיך פלוצלינג פאַר עפּעס דערשראָקן.

יעווסיי האָט אויפגעציטערט, אַרומגענומען פון אייזיקן יאוש,

צוגעגאַנגען צו זיער טיר און פרעגנדיק אָנגעשטעלט די געלע אויגן אויפן באַלעבאָס געלן פנים. דער אַלטער האָט געדרייט מיטן פינגער דאָס גרויע קופּקעלע האָר אויף דער גאָמבע, געקוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ און דעם יינגל האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער זעט אַ פּאָר גרויסע, אומעטיק־שוואַרצע אויגן. אַ פּאָר סעקונדן זענען זיי אַזוי געשטאַנען, געוואַרט עפּעס איינער פונם אַנדערן, אוןביים יינגל אין ברוסט האָט זיך גיך אַריינגעכאַפּט עפּעס אַ ביזאַהער־אומבאַקאַנטע שרעק. נאָר דער אַלטער האָט אַרויסגענומען אַ בוך פון אַ פּאָליצע, און אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויפן שער־בלאַט, געפרעגט:

— ס'אַראַ ציפער איז דאָס?

— 1873 — האָט יעווסיי געענטפערט און נידעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— יאָ.

דער באַלעבאָס האָט מיט אַ דאַרן פינגער אָנגענומען יעווסייען פאַר דער גאָמבע.

— קוק אויף מיר.

דאָס יינגל האָט אויסגעבויגן דעם האַלז און גיך אָנגעהויבן צו שטאַמלען, פאַרדעקט די אויגן:

— פעטערשי, איך וועל אַלעמאָל פאָלגן... מע דאַרף מיך נישט שלאָגן... — און איז אָפּגעשטאָרבן, מער נישט געזען פאַר זיך גאָרנישט.

— קום אַהער...

דער אַלטער איז געזעסן אויף אַ שטול, אָנגעלענט די האַנט אויף די קני. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטעלע פון קאָפּ און אויסגעווישט דעם פּליך מיט אַ טיכעלע, די ברילן זענען אים אַראָפּגעפאָרן אויפן סוף נאָז, און דורך זיי האָט ער אָנגעקוקט יעווסייען. יעצט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט צוויי פּאָר אויגן, — די אמתדיקע אויגן זענען געווען קליין, אומבאַוועגלעך, טונקל־גרוי, מיט רויטע וויעס. אָן די ברילן האָט דאָס פּנים אויסגעזעען נאָך ערגער, איינגעקניישט, עס האָט אויסגעזעען צו זיין נישט שטרענג, נאָר נידערגעשלאָגן און די אויגן איז שוין גאָר נישט געווען קיין שרעקלעכס,

און די בייל אויפן קאָפּ איז אים געוואָרן נאָך גרעסער.
— אָפּט האָט מען דיך געשלאָגן?
— אָפּט! — האָט יעווסיי שטיל געענטפערט.
— ווער?
— יינגלעך...
— אַ—אַ...
ער האָט אַראָפּגערוקט די ברילן אויף די אויגן, אויסגעגע-
געצט זיך מיט די טונקעלע ליפּן און געזאָגט:
— דאָ די יינגלעך זענען אויך גרויסע שלעגערס, זאָלסט זיך נישט אָפּגעבן מיט זיי — הערסט?
— כ'הער.
— ווייך פון זיין מנוולים און גנבים. זאָלסט וויסן זיין — איך וועל דיך קיין שלעכטס נישט לערנען. און האָב נישט קיין מורא פאַר מיר. איך בין אַ גוטער מענטש, מיך דאַרף מען נאָר ליב האָבן. וועסטו מיך ליב האָבן — וועט דיר זייער גוט זיין מיט מיר. פאַר-שטאַנען?
— פאַרשטאַנען. איך וועל...
דער באַלעבאָס האָט צוריקגעקריגן דאָס זעלבע פּנים, וואָס פריער. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אָנגענומען יעווסייען פאַר דער האַנט, אוועקגעפירט אין דער טיפענעש פון געוועלב און גערעדט:
— און דאָס איז דיין אַרבעט: זעסט — ביכער. אויף יעדן בוך איז אָנגעשריבן ס'יאָר, יעדער יאָר האָט צוועלף ביכער. דאַרפסטו זיי אויסלייגן כסדר, לויט דער רייע נאָך. ווי אַזוי וועסטו עס מאַכן?
יעווסיי האָט זיך פאַרקלערט און שעמעוודיק געענטפערט:
— כ'ווייס נישט...
— איך וועל עס דיר נישט זאָגן. קאָנסט לערנען און דאַרפסט אַליין וויסן... אַרבעט!
דעם אַלטנס טרוקן און גלייכמעסיק קול האָט ווי געזעגנט יעווסייען; ער האָט פון זיך אָפּגעטריבן דאָס בענקענדיקע געפיל פון צעשיידונג מיטן פעטער, און אויף דעם אָרט געהאַט דאָס געפיל פון שרעקעוודיקן פאַרלאַנג — וואָס גיכער אָנצוהייבן די אַרבעט.
ער האָט איינגעהאַלטן די טרערן און אָנגעהויבן גיך און

שטיל אויפצופּאַקן די פּעק. און יעדעס מאָל, ווען אַ בוך איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, האָט ער אויפגעציטערט און זיך אומגעקוקט. דער באַלעבאָס איז געזעסן ביים טיש און געשריבן. די פּעדער האָט דין געקראַצט איבערן פּאַפּיר. פאַרביי דער טיר זענען גיך פאַרבייגעגאַנגען אַ סך מענטשן, פיס האָבן געשווינדלט פאַר די אויגן, שאָטנס זענען אַריינגעפאַלן אין קלייט און אַרומגעשפּרונגען. פון יעווסייס אויגן האָבן זיך, איינע נאָך דער אַנדערער, אַראָפּגעקייקלט טרערן, ער האָט זיך פאַר זיי דערשראָקן, גיך אויסגעווישט ס'פּנים מיט די פאַרשטויבטע הענט, און פול מיט פינסטערער שרעק, אָנגעשטרענגט אָנגעהויבן אויפצופּאַקן די ביכער. תחילת איז עס אים אָנגעקומען שווער, נאָר נאָך עטלעכע מינוט האָט ער זיך שוין אַריינגעלאָזט אין דעם צושטאַנד פון נישט־טראַכטן, וואָס איז אים אַזוי געווען באַקאַנט, אין דער צוגעוויינטער הוילקייט, וואָס האָט אים אַזוי מעכטיק אַרומגעכאַפּט נאָך די קלעפּ און באַליידיקונגען, ווען ער פלעגט איינזאַם זיסן ערגעץ אין אַ ווינקל. די אויגן האָבן געכאַפּט דעם ציפער פון יאָר און דעם חודש, און די הענט האָבן אויטאָמאַטיש אַריינגעלייגט די ביכער אין דער רייע. ער איז געזעסן אויף דער ערד, גלייכמעסיק זיך געשאָקלט און אַלץ טיפער זיך אַראָפּגעלאָזט אין רויקן צושטאַנד פון האַלב־באַוואוסטזיניקן נישט־אָנערקענען די ווירקלעכקייט. און, ווי אַלעמאָל אין אַזעלכע מינוטן, האָט טיף אין אים געטליעט די אומעטיקע האָפענונג, האָט זיך צעפלאַקערט אַן ערוואַרטונג פון עפּעס אַנדערש, נישט ענלעכס אויף דעם, וואָס ער זעט, וואָס רינגלט אים אַרום. טיילמאָל האָט ביי אים אין געדאַנק אויפגעפלאַמט דאָס אַלצאַרומבאַמעמענדיקע ריזיקע וואָרט:

— ס'עט אַריבערגייי.

אָט דאָס וואָרט האָט וואַרעם און ווייך צענויפגעדריקט דאָס האַרץ מיטן צוזאָג פון עפּעס אומגעוויינלעכס. די הענט האָבן נישט ווילנדיק זיך אָנגעהויבן גיכער צו באַוועגן און די צייט איז אומבאַמערקט אַדורכגעגאַנגען.

— אָט אַזוי — פאַרשטייסט, ווי מען דאַרף עס מאַכן! — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט.

יעווסיי האָט אַ ציטער געטון, זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט נישט געהערט, ווי דער אַלטער איז צוגעגאַנגען. און געקוקט אויף זיין אַרבעט ער האָט געפרעגט:

— אַזוי?

— אָן שום ספק. טיי ווילסטו?

— כ'וויל נישט.

— מע דאַרף זאָגן אַ דאַנק, אָדער כ'דאַנק אייך, נישט: כ'וויל נישט! — האָט געזאָגט דער באַלעבאָס — נו, אַרבעט...

און איז אַוועק. יעווסיי האָט אים נאָכגעקוקט און דערזעען אין געוועלב אַן עלטערן מענטש אָן וואָנסעס און אַ באָרד, אין אַ קיילעכדיקן קאַפּעלוש, אַראָפּגערוקט אויף הינטן און מיט אַ שטעקן אין דער האַנט. ער איז געזעסן ביים טיש, אויסגעשטעלט אויף אים עפּעס שוואַרצע און ווייסע ביינדלעך. און אַז יעווסיי האָט זיך ווי-דער גענומען צו דער אַרבעט, האָבן זיך צייטנווייז געלאָזט הערן אָפּגעריסענע אָפּקלאַנגען פונם גאַסט און פון באַלעבאָס:

— טורעם...

— שאַך דער קעניגין...

— צו פּרי...

אין געוועלב האָט זיך מיד אָפּגעזעצט דער מוטנער געדויש פון דער גאַס, מאָדנע ווערטער האָבן אין אים געקוואַקעט, ווי זשאַבעס אין אַ בלאָטע.

— וואָס טוען זיי? — האָט זיך ס'יינגל שרעקעוודיק געפרעגט און שטיל אָפּגעזיפצט, געפילט, אַז פון אומעטום גייט אויף אים עפּעס אומגעוויינלעכס, נאָר נישט דאָס, וואָס ער האָט אַזוי הייס געגאַרט. דער שטויב האָט זיך אים געלייגט אויפן פּנים, געקיצלט די נאָז און די אויגן, געקריצט אין די ציין. ער האָט זיך דערמאָנט אָן פעטערס ווערטער:

— וועסט מיט אים זיין, ווי הינטער אַ קושאַק...

ס'איז פינסטער געוואָרן.

— שאַך און מאַט! — האָט דער גאַסט הויך אויסגערופן און דער באַלעבאָס האָט, באַלעקנדיק זיך מיט דער צונג, הויך באַפוילן:

— יינגל, פאַרמאַך דאָס געוועלב!

דער אַלטער האָט פאַרנומען צוויי קליינע שטיבלעך אויפן פערטן שטאָק אין זעלבן הויף, וואו ס'איז געווען דאָס געוועלב. אין ערשטן צימער מיט איין פענסטער איז געשטאַנען אַ גרויסע קאָמאָדע און אַ שאַנק.

— דאָ וועסטו שלאָפן! —האָט געזאָגט דער באַלעבאָס

די צוויי פענסטער פון אַנדערן צימער זענען אַרויס אויף דער גאַס, פון דאָרט האָט מען געקאָנט זען אַן ענדלאָז פלאַכלאַנד פון הויקערדיקע דעכער און אַ רויזן הימל. אין איין ווינקל, פאַר די איקאָנעס, האָט אין אַ בלוי גלעזערן לעמפל געציטערט אַ פייערל, אין אַנדערן איז געשטאַנען אַ בעט, באַדעקט מיט אַ רויטער קאָלדרע. אויף די ווענט זענען געהאָנגען העלע בילדער פון קיסר און פאַרשידענע גענעראַלער. אין צימער איז געווען ענג, נאָר ריין און ס'האָט געשמעקט, ווי אין קלויסטער.

יעווסיי איז געשטאַנען ביי דער טיר, באַטראַכט דעם באַלעבאָס וואוינונג, דער אַלטער איז געשטאַנען לעבן אים און גערעדט:

— נעם דיר אין זינען אַריין, וואו ס'שטייט יעדע זאַך און אַלעמאָל זאָל זיין אַזוי, ווי ס'איז אַצינדערט...

ביי דער וואַנט איז געלעגן אַ ברייטער שוואַרצער דיוואַן, געשטאַנען אַ קיילעכדיקער טיש, און אַרום טיש דריי שטולן, אויך שוואַרצע. דאָס גאַנצע ווינקל האָט געמאַכט אַן אומעטיקן און ביין איינדרוק.

ס'איז אַריין אַ הויכע, ווייספּנימדיקע פרוי, מיט שעפסענע אויגן, און געפרעגט מיט אַ שטיל, קלינגנדיק קול:

—דערלאַנגען וויעטשערע?

— גיב... גיט, ראַיסאַ פּיאָטראָוונאַ...

— אַ פרישן יינגל?

— יאָ, אַ פרישער... יעווסיי הייסט ער...

די פרוי איז אַרויס.

— פאַרמאַך די טיר! — האָט דער אַלטער געזאָגט, און אַז יעווסיי האָט עס געטון, האָט ער ווייטער גערעדט, אַראָפּלאָזנדיק דאָס קול:

— זי איז די באַלעבאָסטע פון דער וואוינונג, איך פאַרנעם ביי איר די צימערן, מיט מיטאָג און וויעטשערע, פאַרשטייסטו?

— כ'פאַרשטיי...

— נאָר דו האָסט איין באַלעבאָס — מיך... פאַרשטייסט?

— יאָ — האָט יעווסיי געענטפערט.

— דאָס הייסט, אַז פאָלגן דאַרפסטו נאָר מיך... עפן די טיר און גיי אַריין אין קיך, וואַש דיך.

דעם באַלעבאָס קול האָט טרוקן אָפּגעהילכט אין יעווסייס ברוסט, דאָס אָנגעשראָקענע האַרץ האָט שרעקעוודיק געציטערט. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער אַלטער באַהאַלט הינטער די ווערטער עפּעס געפערלעכס, פאַר וועלכעס ער אַליין האָט אויך מורא.

ער האָט זיך אָפּגעוואַשן אין קיך, אומבאַמערקט זיך באַמיט צו באַטראַכטן די באַלעבאָסטע פון דער וואוינונג — זי האָט שטיל, נאָר גיך געגרייט וויעטשערע, אויסגעלייגט אויף אַ גרויסער טאַץ טעלערלעך, מעסערס, ברויט. דאָס גרויסע קיילעכדיקע פּנים מיט די דינע ברעמען האָבן אויסגעוויזן צו זיין גוטע, די גלאַט־צוגעקעמטע האָר, די רויקע אויגן און די ברייטע נאָז האָבן דעם ייִנגל געלאָזט פאַרשטיין:

— אַ וואוילע, ווייזט אויס...

אַז ער האָט באַמערקט, אַז זי האָט פעסט צענויפגעדריקט די דינע און רויטע ליפּן פונם קליינעם מויל און קוקט אויך אויף אים, האָט ער זיך פאַרלוירן און פאַרגאָסן אויף דער ערד.

— ווישט אויס — האָט זי נישט בייז געזאָגט. — די שמאַטע ליגט אונטער דער שטול.

אַז ער איז אַריין אין צימער, האָט אים דער אַלטער אָנגעקוקט און געפרעגט:

— וואָס האָט זי דיר געזאָגט?

נאָר יעווסיי האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענטפער׳ן, האָט די פרוי אַריינגעטראָגן דעם פּולמעסיק, אַרויפגעשטעלט אויפן טיש און געזאָגט:

— נו, איך גיי שוין...

– גוט! — האָט דער באַלעבאָס געענטפערט.

האָט אויפגעהויבן אַ האַנט, זיך צוגעגלעט די האָר אויפן שלייף — זי האָט געהאַט לאַנגע פינגער — און איז אוועק.

זיי האָבן זיך געזעצט עסן. דער באַלעבאָס האָט געגעסן פּאַמעלעך, הויך נעקייט און צייטנווייז מיד אָפּגעזיפצט. אַז מען האָט אָנגעהויבן צו עסן קלאָפּס, האָט ער געזאָגט צו יעווסייען:

— זעסט, ס׳איז גוט עסן דאָס איז? איך עס שטענדיק נאָר גוטס...

נאָך דער וויעטשערע האָט ער געהייסן יעווסייען אַוועקטראָגן דאָס געפּעס אין קיך אַריין, האָט אים געוויזן, ווי מען צינדט אָן אַ לאָמפּ און דערנאָך געזאָגט:

— יעצט גיי שלאָפן. אין שענקל ליגט אַ קאָץ, אַ קישן און אַ קאָלדרע. דאָס איז דיינס, יאָ. מאָרגן וועל איך דיר קויפן אַ נייעם אָנצוג, אַ גוטן. גיי.

אַז ער האָט, האַלבשלעפעריק פון די שווערע איינדרוקן, זיך געלייגט, איז דער באַלעבאָס צו אים אַרויס און געפרעגט:

— ס׳איז גוט?

אויף דער קאָמאָדע איז געווען הארט, נאָר יעווסיי האָט געענטפערט:

— גוט...

— טאָמער איז דיר הייס — זאָלסטו עפענען ס׳פענסטער.

יעווסיי האָט עס גלייך געטון. דאָס פענסטער איז אַרויס אויף אַ דאַך פון אַ שכינותדיקן הויז. ער האָט איבערגעציילט די קוימענס — פיר, אַלע די אייגענע. ער האָט געקוקט אויף די שטערן מיט בענקנדיקע אויגן פון אַ שרעקעוודיק היהלע, וואָס איז איינגעזעצט אין אַ שטייג, נאָר די שטערן האָבן גאָר נישט געזאָגט זיין האַרץ. ער האָט זיך צוריק אַנידערגעלייגט אויף דער קאָמאָדע, איינגעוויקלט מיט דער קאָלדרע ביז איבערן קאָפּ און פעסט פאַרמאַכט די אויגן. ס׳האָט אים אָנגעהויבן צו שטיקן, ער האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ, און נישט עפענענדיק די אויגן, זיך צוגעהערט — אין באַלעבאָס צימער האָט עפּעס גלייכמעסיק געפּליסטערט. דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ טרוקן, זאַנפט קול:

—לעב אין הילף דעם אייבערשטן, אין בלוט פון גאָט אין הימל...

יעווסיי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער אַלטער לייענט תהילים... און, איינגעהערט אין די באַקאַנטע, נאָר אומפאַרשטענדלעכע ווערטער פון דוד המלך, איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן.

## III.

...דאָס לעבן איז אים אַוועק גלייך און גלאַטיק. ער האָט געהאָלט געטעלן דעם באַלעבאָס, געפילט, אַז ס׳געלינגט אים, פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פאַר אים גוט, נאָר דאָך האָט ער זיך באַצויגן צום באַלעבאָס מיט לויערנדיקער פאָרזיכטיקייט, אָן וואַרעמקייט גאָר האַרץ. די מורא פאַר מענטשן האָט ביי אים געמאַכט געבערן דעם פאַרלאַנג זיי אַנטקייגנצוקומען, זיין גרייט אויף אַלע באַדינגונגען — אַבי זיך צו פאַרטיידיקן פון מעגלעכן אָנפאַל. די פסדרדיקע דערוואַרטונג פון אַ געפאַר האָט ביי אים אַנטוויקלט אַ שאַרפע עמפּינדלעכקייט, און די דאָזיקע אייגנשאַפט האָט נאָך מער פאַרטיפט דעם אומצוטרוי צו מענטשן אין זיין פאַרסמט, יינגלש האַרץ.

ער האָט זיך צוגעקוקט צום מאָדנע לעבן פון הויז און עס ניט פאַרשטאַנען. פון קעלער ביזן דאַך איז דאָס הויז געווען ענג אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, און יעדן טאָג, פון אינדערפרי ביז ביינאַכט האָבן זיי זיך אין אים אַרומגעפּאַרעט, ווי מילבן אין אַ קויש. געאַרבעט האָט מען דאָ מערער, ווי אין דאָרף, און געקריגט האָט מען זיך שטאַרקער, שאַרפער. מען האָט געלעבט אומרויק, רעשיק, כאַפּנדיק. טיילמאָל האָט זיך אויסגעזעהן, אַז די מענטשן ווילן וואָס גיכער ענדיקן די גאַנצע אַרבעט — אַז זיי גאַרן נאָך יום-טוב, ווילן אים באַגעגענען פרייע, ריין-געוואַשענע, רויקע, מיט רויקער פרייד. דאָס האַרץ פלעגט אים אָפּשטאַרבן, און שטיל האָט זיך אין אים געשלאָגן אַ פראַגע:

— ס׳וועט אַריבערז..

נאָר דער יום-טוב איז ניטש געקומען. האָבן די מענטשן געשטויסן איינער דעם צווייטן, זיך געזידלט, טיילמאָל זיך געשלאָגן, און כמעט יעדן טאָג פאַרציילט עפּעס געמיינס איינער וועגן דעם אַנדערן.

אין די פרימאָרגנס פלעגט דער באַלעבאָס אַוועקגיין אין געשעפט אַריין, און יעווסיי איז געבליבן אין דער דירה, אויף צו ברענגען די צימערן אין דער געהעריקער אָרדענונג. אַז ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך אָפּגעוואַשן, אַוועק אין שענק נאָך געקאָכט

וואסער און דערנאָך אין געוועלב אַריין — דאָרט האָבן זיי, ער מיטן באַלעבאָס, געטרונקען טיי און כמעט אַלעמאָל פלעגט אים דער באַלעבאָס פרעגן:

— נו, וואָס?..

— גאָרנישט...

— ווייניקו — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט.

נאָר איינמאָל האָט יעווסיי געענטפערט אַנדערש:

— היינט האָט דער פּאָליציאַנט געזאָגט דעם קירזשנערס דינסט, אַז איר פאַרנעמט זיך מיט פּאַסערייַ...

ער האָט עס געזאָגט אומגעריכט פאַר זיך אַליין און, אַרומגעכאַפּט פון עפּעס אַ שרעקנס־ציטער, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

דער אַלטער האָט שטיל אַ שמייכל געטון, דערנאָך האָט ער אויסגעצויגן און הארצלאָז געזאָגט:

— מנ—נוול...

און זיינע פינסטערע, טרוקענע ליפּן האָבן אַ ציטער געטון.

— אַ דאַנק דיר, וואָס האָסט מיר געזאָגט, אַ דאַנק. זעסט, ווי פיינט מע האָט מיך?

פון דעמאָלט אָן האָט יעווסיי זיך אָנגעהויבן אויפמערקזאַם צוהערן צו די שמועסן און אַלץ, וואָס ער האָט געהערט, האָט ער גלייך מיט אַ שטיל קול איבערגעגעבן דעם באַלעבאָס, און בשעת־מעשה איבגלייך געקוקט אין פּנים אַריין.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, ביים אויפרוימען די שטוב, האָט ער געפונען אויף דער ערד אַ צעקנייטשטן פּאַפּירענעם רובל, און אַז ביים טרינקען טיי האָט אים דער אַלטער געפרעגט:

— נו, וואָס?

— אָט — אַ רובל האָב איך געפונען...

— אַזוי. דו האָסט געפונען אַ רובעל, און איך — גאָלד! — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט מיט אַ שמייכל.

אַן אַנדער מאָל האָט ער געפונען אויף דער שוועל פון געוועלב אַ פּערציקער און אויך אָוועקגעגעבן דעם באַלעבאָס. דער אַלטער האָט אַראָפּגערוקט די ברילן אויף דער שפּיץ נאָז,

ויסגעריבן די מטבע מיט די פינגער און עטלעכע סעקונדן שווייגנדיק
'צקוקט דעם יינגל אין פּנים אַריין.

— על פּי דין — האָט ער פאַרטראַכט געזאָגט — קומט דיר
אַ דריטל פון דער מציאה — זעקס קאָפּעקעס...

און אנטשוויגן געוואָרן, אַ זיפץ געטון און נאָכאַמאָל געזאָגט,
אַראָפּלאָזנדיק די מטבע אין וועסטל־קעשענע:

— יאָ... פונדעסטוועגן ביסטו אַ מאָדנע יינגל...

און אים די זעקס קאָפּעקעס נישט געגעבן.

אַ שטילער, אַן אומבאַמערקטער, און אַז מען האָט אים באַ־
מערקט — אַ נאָכגיביקער, האָט קלימקאָוו כמעט נישט געצויגן אויף
זיך קיין מענטשלעכע אויפמערקזאַמקייט, און אַליין האָט ער עקשנות־
דיק נאָכגעקוקט נאָך מענטשן מיט אַ הוילן, צעשוואומענעם בליק
פון די סאָווענע אויגן, — אַ בליק, וואָס איז ביי קיינעם נישט
פאַרבליבן אין זכרון.

פון די ערשטע טעג אָן האָט אים שטאַרק פאַראינטערעסירט
די שווייגנדיקע און וואוילע ראַיסאַ פּיאָטראָוונאַ. יעדן אָוונט
פלעגט זי אָנטון אַ טונקל, רוישיק קלייד, אַ שוואַרצן הוט און איז
ערגעץ אַוועק. אינדערפרי, אַז ער פלעגט אויפרוימען די שטובן,
פלעגט זי נאָך שלאָפן. זעען פלעגט ער זי נאָר אין די אָוונטן פאַר
וויעטשערע — און דאָס אויך נישט יעדן טאָג. איר לעבן איז אים
אויסגעקומען געהיימניספול. אַ שווייגנדיקע, מיט אַ ווייס פּנים און
שטייענדיקע אויגן, האָט זי אין אים דערוועקט אומקלאָרע אָנדייטונ־
גען אויף עפּעס אויסטערלישס. אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין האָט
ער זיך איינגערעדט, אַז זי לעבט בעסער ווי אַלע, ווייסט מער פון
אַלע. אין אים האָט געשפּראָצט אַ גוט געפיל צו אָט דער פרוי,
וואָס ער האָט אַליין נישט פאַרשטאַנען. מיט יעדן טאָג האָט זי אים
אויסגעזען וואָס שענער.

איינמאָל האָט ער זיך איבערגעוועקט פאַרטאָג, איז אַריין אין
קיך נעמען אַ טרונק און פּלוצלינג דערהערט, אַז עמעצער עפנט די
טיר פון דרויסן. דערשראָקן, האָט ער זיך געוואָרפן אין זיין צימער
אַריין, זיך געלייגט, איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע, זיך באַמיט
צוצוהערן צו דער קאַמאָדע וואָס שטאַרקער. נאָך אַ ווײלע האָט

ער אַרויסגעשטעקט דאָס אויער און דערהערט אין קיך שווערע טריט, אַ גערויש פון קליידער און ראַיסאַ פּיאָטראָווגאַס קול:

— עך—ך, א—איר! — האָט זי געזאָגט.

ער איז אויפגעשטאַנען, פאַרזיכטיק צוגעגאַנגען צו דער טיר און אַריינגעקוקט אין קיך אַריין.

די ווײַלע פרוי איז געזעסן ביים פענסטער און זיך אַראָפּגענומען דעם הוט. דאָס פּנים האָט אויסגעזעען צו זיין בלאַסער, ווי תמיד, פון די אויגן זענען געדיכטע גרויסע טרערן. איר גרויסער קערפּער האָט זיך געוואַקלט, די הענט האָבן פּאַמעלעך באַוועגט.

— איך קען אייך... — האָט זי געמורמלט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך געשטעלט אויף די פיס, אָנלענענדיק זיך ביים פענסטער־ביישטידל.

אין באַלעבאָס צימער האָט אַ סקריפּע געטון ס'בעט. יעווסיי איז גיך אָפּגעשפּרונגען פון זיין קאָמאָדע, זיך געלייגט און איינגענורעט.

— מ'האָט זי באַליידיקט! — האָט ער געטראַכט, פול מיט אַ געפיל פון שאַרפן רחמנות. און אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך שטיל געפרייט מיט אירע טרערן — זיי האָבן דערנענטערט צו אים אָט די דאָזיקע ווײַלע פרוי, וואָס לעבט אַזאַ געהיימניספול, נאַכטיש לעבן.

אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עמעץ איז פאַרביי אים בגנבה אדורכגעגאַנגען. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און איז מיטאַמאָל אָפּגעשפּרונגען, ווי אָפּגעבריט פון אַ דיגעם, ביינן קוויטש:

— גיי אַוו—וועק!

דערנאָך האָט עפּעס אָנגעהויבן צו רוישן. פון קיך, איינגעבויגן, איז גיך אַרויס דער באַלעבאָס אין די אונטערוועש, געבליבן שטיין און געזאָגט צו יעווסייען, אונטערפאָנפּענדיק:

— שלאָף, שלאָף... וואָס'יז שלאָף...

אינדערפרי, אין געוועלב, האָט אים דער אַלטער געפרעגט:

— 'סט זיך איבערגעשראָקן ביינאַכט?

— יאָ...

— זי האָט געמאַכט אַ כּוסה... מיט איר טרעפט זיך עס אָפּט...

יעווסיי האָט געוואָלט פרעגן, וואָס זי טוט, נאָר ר'האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט. נאָך עטלעכע מינוט האָט אים דער אַלטער אַליין געפרעגט:

— זי געפעלט דירז

—ז'געפעלט מיר... — האָט יעווסיי איבערגעחזרט.

— נו, — האָט דער באַלעבאָס שטרענג געזאָגט, — זאָלסט וויסן זיין — אָט די פרוי איז גאָר אַ כיטראַטשקע. זי שווייגט, נאָר זי איז אַ מרשעת. און אַ בעל־עבירה־ניצע... יאָ. דו ווייסט, וואָס זי טוט? זי איז אַ מוזיקאַנטין, שפּילט אויף פּאַרטעפּיאַן...

ער האָט געניי פאַרציילט, וואָס איז אַזוינס אַ פּאַרטעפּיאַן און באַלערנדיק צוגעגעבן:

— אַ פרוי, וואָס שפּילט אויף פּאַרטעפּיאַן, הייסט אַ מוזי־קאַנטין... און דו ווייסט, וואָס הייסט אַזוינס אַ שאַנדהויז?

יעווסיי האָט שוין עפּעס וועגן דעם געהערט פון די קירזש־נערס און די גלעזער אויפן הויף, נאָר ער האָט געוואָלט וויסן מע־רער און געענטפערט:

— כ'ווייס נישט...

דער אַלטער האָט אים דערקלערט, גערעדט לאַנג, זייער פּאַר־שטענדלעך און מיט היץ. טיילמאָל האָט ער אויסגעשפּיגן, געקנייטשט דאָס פּנים, געוואָלט ווייזן, אַז ער מיאוסט זיך. יעווסיי האָט געקוקט מיט אַ פּאָר גלעזערנע אויגן אויפן אַלטן און ר'האָט עפּעס נישט געהאַט קיין צוטרוי צו זיין עקל.

— איז, הייסט עס, אַ גאַנצע נאַכט שפּילט זי אין אַזאַ מין סאָרט הויז, און אונטער איר מוזיק טאַנצן בלאַטע נקבות מיט שיכורע מאַנסלייט. די מאַנסלייט זענען, ווידער, לויטער גנבים, און אַ טייל, אַפילו, אפשר נאָך מערדערס...

ער האָט פאַרמאַטערט אָפּגעזיפצט, אָפּגעווישט ס'פאַרשוויצטע פּנים און צוגעגעבן:

— זאָלסט איר צופיל נישט געטרויען... פאַרשטאַנען? איך זאָג דיר — זי איז אַ פיפיקע... אַ געמיין שטיק...

דער יונג האָט געגלייבט אַלץ, וואָס דער באַלעבאָס האָט דערציילט וועגן פּאַרטעפּיאַן, וועגן שאַנד־הויז, נאָר קיין אייז וואָרט

נישט וועגן דער פרוי, און אַלץ, וואָס דער אַלטער האָט דערציילט וועגן איר, האָט נאָך פאַרגרעסערט דאָס פאַרזיכטיקע, עמפּינדלעכע אומצוטרוי־געפיל, מיט וועלכן ער האָט זיך באַצויגן צום באַלעבאָס. און דאָס האָט נאָך מער געהויבן אין זיינע אויגן ראַיסאַ פּיאָטראָוו־נאַן, האָט נאָך שענער זי איינגעהילט אין אויסטערלישקייט.

אַחוץ ראַיסאַן, האָט נאָך יעווסייען שטאַרק פאַראינטערעסירט אַ לערן־יונג ביי אַ גלעזער, אַנאַטאָלי. דאָס איז געווען אַ דאַרער, דינער יאַט, מיט קוטשמעס האָר אויפן קאָפּ, אַ שיקלדיקער; פון אים האָט זיך שטאַרק געפילט דער ריח פון פּוטער, ער איז געווען ברוי־דיק און שטענדיק פריילעך. אַ קול האָט ער געהאַט אַ הויכס, אַ קלינגענדיקס, און יעווסייען איז שרעקלעך געפעלן צו הערן דעם יונגס זינגענדיקע, לויטערע געשרייען:

— שאַ—אָבן אַרַא—אַנצושטעלן...

ער האָט דער ערשטער אָנגעהויבן צו רעדן מיט יעווסייען. יעווסיי האָט געקערט די טרעפּ, האָט ער פּלוצלינג דערהערט פון אונטן אַ הויך קול:

— העי, דו, שמעגדע, — פון וועלכער גובערניע ס'טוּ?

— פון דער היגער! — האָט יעווסיי געענטפערט.

— און איך בין פון קאָסטראָמער. ווי אַלט ביסטו?

— אין דרייצעטן...

— איך אויכעט... גייסט מיט מיר?

— וואוּאַהין?

— צום טייך באָדן זיך...

— כ'דאַרף גיין אין געוועלב אַריין...

— היינט אי'דאָך זונטאָג...

— אַלץ איינס...

— נו — כאַפּט דיך דער רוח!

און דער גלעזער איז אוועק, נישט זידלענדיק יעווסייען.

אַ גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט מיט אַ קאָסטן שויבן, אַלעמאָל צוריקגעקומען אַהיים פּונקט דעמאָלט, ווען מ'האָט פאַרמאַכט ס'געוועלב און אַ גאַנצן אָוונט האָט זיך פון הויף דערטראָגן זיין אומרויִק קול, זיין געלעכטער, פייפעריי און

געזאנג. אַלע האָבן אים געזידלט, און אַלע האָבן ליב געהאַט זיך מיט אים אַרומצופירן, געקייכט פון זיינע משוגעתן. יעווסייען האָט שטאַרק געוואונדערט די דרייסטקייט, מיט וועלכער דער דאַזיקער ברודיקער און אָפּגעריסענער יונג האָט זיך געווענדעט צו עלטערע, ער האָט אים מקנא געווען, ווען די גאָלדנייעריגס זענען געלאָפן איבערן הויף, נאָכגעיאָגט דעם פרייליכן שאָדנווינקל. לסוף האָט אים מעכטיק צוגעצויגן צום גלעזער דאָס געפּיל פון דרך-ארץ פאַר אים. ער האָט זיך פאַרטיפט אין זיינע טרוימען וועגן אַ שטיל און ריין לעבן, און געפונען אַן אָרט אויך פאַר אָט דעם פריילעכן, אָפּגעריסענעם ייִנגל. נאָך דער וויעטשערע האָט ער געפרעגט דעם באַלעבאָס:

— כ׳מעג אַרויסגיין אַביסל אויפן הויף?

דער אַלטער האָט אָן חשק געענטפערט:

— גיי. נאָר נישט אויף לאַנג...

און טיילמאָל נאָך צוגעגעבן:

— קיין שום גוטס נישטאָ פאַר דיר אויפן הויף...

ער איז גיך אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ, זיך געזעצט ערגעץ-וואו אין שאָטן און פון דאַנען נאָכגעקוקט אַנאַטאָלין. דער הויף איז געווען אַ קלייניקער, פון אַלע זייטן אַרומגעצוימט מיט הויכע ווענט פון הייזער, ביי די ווענט איז געלעגן קופּעסווייז אַ פאַרשידנאַרטיקע בלאָטע, אויף איר האָבן זיך געזעצט מענטשן אָפּרוען — דינסטן, מייסטעראָוועס, אַרבעטער, און אינמיטן האָט אַנאַטאָלי געגעבן אַ פאָרשטעלונג.

— דער קירזשנער זוואָריקין גייט אין קלויסטער אַריין! — האָט ער אויסגערופן.

און יעווסיי האָט פאַרחושט געזען דעם גראָבן קירזשנער, מיט דער אַראָפּגעהאָנגענער אונטערשטער ליפּ און פאַרזשמורעטע אויגן. אַנאַטאָלי האָט אַרויסגעשטופּט דעם בויך, אָנגעבויגן דעם קאָפּ אין אַ זייט און מיט קליינע טריט, מיט קענטיקן אומחשק, אַריין אין טויער אַריין. און דאָס פּובליקום האָט אים באַגלייט מיט געלעכטער און פריינטלעכע אויסגעשרייען.

— זוואָריקין גייט צוריק פון שענק! — האָט דער יונג

אויסגערופן און שוין זיך געקאַטשעט איבערן הויף, אוממעכטיק גע־דרייט מיט די הענט און מיט די פיס, טעמפּ אויסגעשטאַרצט די אויגן, עקלהאַפט און לעכערלעך צעעפנט די ליפּן. ער האָט זיך אָפּ־געשטעלט, געקלאַפּט זיך מיט די הענט אין האַרצן אַריין און מיט אַ תחנונימדיק קול גערעדט:

— גאָט—ט... אוי, ווי צופרידן בין איך מיט אַלעמדינגן!... גאָ—טעניו מײַנער, ווי אַלץ איז אַזוי גוט און ליב פּאַר דײַן קנעכט יאַקאָוו איוואַניטש, גאָטעניו! נאָר...דער גלעזער קוזין...איז אַ מנוול... און טוט אָן צרות מײַן גאָט... און אַלע מענטשן... אַ בהמה! דאָס איז אמת... גאָטעניו!

דאָס פּובליקום האָט געקייכט פון געלעכטער, נאָר איין יעווּ־סיי האָט נישט געלאַכט. אים האָט געדריקט אַ געמישט געפיל פון באַוואונדערונג און קנאה. און יעדעס מאָל, וואָס ער האָט געוואַרט אויף אַנאַטאָליס אַ פרישן אויפטריט, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וועט אים באַלד זעען דערשראָקן און באַליידיקט, און ס'איז געווען אומאָנגענעם, אומהיימלעך, וואָס דער גלעזער שטעלט נאָר פּאָר אַ לעכערלעכן מענטש, נישט קיין געפערלעכן. ער האָט געעפנט דאָס מויל, ס'פּנים האָט זיך אים באַרישעוואַטע אויסגעקרימט, די סאָוועגע אויגן האָבן זיך צעעפנט.

— דער גלעזער קוזין גייט! — האָט אַנאַטאָלי אויסגערופן.

און יעווסיי האָט געזען אַ גראָבן, האַלב־שיכּורן פּויער מיט אַ רויט פּרצוף, מיט אַ געלער צעקעמטער באָרד און פאַרשאַרצטע אַרבל פון ברודיקן העמד. ער האָט פאַרלייגט די רעכטע האַנט אין פאַרטוך־ברוסט, געמיטלעך געגלעט מיט דער לינקער האַנט די באָרד. אַ פאַרוואָלקנטער, אַ ברוגזער, גייט ער פּאַמעלעך, ווי אַ שווערער וואָגן, קוקט פון אונטער די ברעמען אַפער, סקריפּעט מיט אַן אָפּ־געריסן, שיטנדיק קול:

—זידלסט זיך ווייטער, דו אפּיקורס דו? לאַנג וועל איך עס נאָך הערן, האַ? פאַרשאָלטענע נשמה דו!

— דער סוכאָטניק ראַספּאָפּאָוו! — האָט אַנאַטאָלי געמאָלדן.

פאַרביי יעווסייען, שטיל באַוועגדיק מיט די פיס, איז גע־קראָכן דאָס גלאַטע און שאַרפע פיגורל פונם באַלעבאָס.

ער האָט קאָמיש געזשמאָרעט מיט דער נאָז, גלייך ער וואָלט עפּעס אויסגעשמעקט, גיך געשאָקלט מיטן קאָפּ און, פאָכענדיק מיטן קליינעם הענטל, זיך געצופּט ביי דער באָרד. אין אָט דעם בילד איז געווען אַזויגס עקלהאַפטיקס, רחמנותדיקס, שלעכטעס. יעווסייס אומצופרידנקייט איז געוואָקסן. ער האָט געוואוסט. אַז דער באַלעבאָס איז נישט אַזעלכער, ווי דער קליינער גלעזער ווייזט אים.

געפּאַטערט די באַלעבאַטים, האָט זיך אַנאַטאָלי גענומען נאָכקרימען עמעצן פון פּובליקום. אויפגערעגט, אומדערשעפּט, האָט ער ביז שפּעטער נאַכט געקלונגען, ווי אַ גלעקל, אַרויסגערופן אַ פריילעך גוטמוטיק געלעכטער. טיילמאָל האָט זיך די פאָרגעשטעלטע פּערזאָן געוואָרפן אים צו כאַפּן, ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ רוישיק געיעג. יעווסיי האָט אַ זיפץ געטון.

אַנאַטאָלי האָט דערזעען יעווסייען, אַרויסגעשלעפּט אים פאַר דער האַנט אויפן מיטן הויף און פאָרגעשטעלט אים פאַרן פּובליקום:

— אָט—אַ—דאָס איז ער — צוקער מיט זייף! ראַספּאָפּאָווס גלידראָצערל! — און אַרומגעדרייט דאָס יינגל אין אַלע זייטן, בינדיק גערעדט לעכערלעכע, מאָדנע ווערטער וועגן באַלעבאָס, וועגן ראַיסאַ פּיאָטראָוונאַ און וועגן יעווסייען אַליין.

— לאָז אָפּ! — האָט זיך יעווסיי שטיל געבעטן, זיך באַמיט אַרויסצורייסן פון גלעזערס פעסטער האַנט, און דערווייל זיך אויפמערקזאַם צ...עהערט, געוואָלט פאַרשטיין די רייד און די אָנדייטונגען, וואָס זייער שמוץ האָט ער געפילט. אויב יעווסיי האָט זיך שוין אַביסל צושטאַרק אַרויסגעריסן, האָט דאָס פּובליקום, מערסטנטייל די ווייבער, גערעדט צו אַנאַטאָלין:

— לאָז אים אָפּ.

דאָס, וואָס זיי האָבן זיך אָנגענומען פאַר אים, איז אים עפּעס געווען זייער נישט-אָנגענעם, אַנאַטאָלי, ווידער, איז אַריינגעפאַלן אין אַ צערייצטקייט, האָט אים אָנגעהויבן צו בוכצען און צו קנייפּן, אים געוואָלט אַרויסרופן אויף אַ געשלעג. אַ טייל פון די מאַנסלייט האָבן געמוטיקט:

— אַנו, פּרואווט אייך שלאָגן, ווער איז שטאַרקער!

די ווייבער האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט:

— ניטע... מע דאַרף נישט...

און ווידער האָט יעווסיי געפּילט אין די ווערטער עבעס אומאָנגענעמס.

געוויינלעך פּלעגט זיך ענדיקן מיט דעם, וואָס אַנאַטאָלי האָט מיט עקל אָפּגעשטויסן יעווסייען אין א זייט.

— עך, דו, שלים־מזל...

איינמאָל אינדערפרי, אויף צומאָרגנס נאָך אַזא פאַרשטעלונג, האָט יעווסיי באַגעגנט אַנאַטאָלין אויפן הויף מיט א קעסטל שויבן. פּלוצלינג, נישט ווילנדיק, האָט ער אים געפרעגט:

— פאַרוואָס מאַכסטו פון מיר חוזק?...

דער גלעזער האָט אויף אים א קוק געטון און געפרעגט:

— וואָס אי־דען?

יעווסיי האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן.

— ווילסט זיך שלאָגן? — האָט אַנאַטאָלי ווידער געפרעגט.— קום צו מיר אין שפּייכלער אַריין... ביז נאַכט ׳עלן מיר זיך קײלן!

ער האָט גערעדט רויק און זאַכלעך.

— ניין... כ׳וויל זיך נישט שלאָגן... — האָט יעווסיי שטיל געענטפערט.

— און מע דאַרף נישט אויכעט — כ׳וואָלט דיך צעמזיקט, װי גרויס דו ביסט! — האָט דער גלעזער געזאָגט און דערנאָך זיכער צוגעגעבן: — כ׳וואָלט דיך זיכער צעהרגעט!

יעווסיי האָט א זיפץ געטון. ער האָט נישט פאַרשטאַנען דאָס דאָזיקע יינגל, און ווענדיק אים פאַרשטיין, האָט ער נאָכאַמאָל שטיל איבערגעפרעגט:

—איך פרעג מיך — פאַרוואָס מאַכסטו פון מיר חוזק?

אַנאַטאָלין איז, ווייזט אויס, געווען אומבאַקוועם. ער האָט א שווינדל געטון מיט די פלינקע אויגן, זיך צעלאַכט און פּלוצלינג ביין אויסגעשריגן:

— אוועק צו אַלדע רוחות! וואָס ׳כטו זיך צוגעטשעפּעט אָן מיר? אָט גיב איך דיר איין שאָס...

יעווסיי איז גיך אוועקגעלאָפן אין געווע־לב אַריין און א גאַנצן טאָג געפּילט אין הארצן דאָס זידעריי פון אומפאַרדינטער

באַליידיקונג. עס האָט אים נישט געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט אויף אַנאַטאָלין, באַר ס'האָט אים געהייסן אַרויסגיין פון הויף אַלע מאָל, ווען אַנאַטאָלי האָט אים באַמערקט. און ער האָט באַזייטיקט דעם גלעזער פון זיינע געדאַנקען...

נישט לאַנג נאָך אָט דעם אומגעלונגענעם פּרוּוו צוצוגיין צו אַ מענטש, האָבן אים איינמאָל, ביינאַכט, אויפגעוועקט קולות פון זיין באַלעבאָס צימער. ער האָט זיך איינגעהערט — דאָרט איז געווען ראַיסאַ פּיאָטראָוונאַ. ער האָט געוואָלט זיין זיכער. איז שטיל אַראָפּ פון געלעגער, צוגעגאַנגען צו דער שטאַרק פאַרמאַכטער טיר און צוגעלייגט איין אויג צום שליסל־לאָך.

דאָס ש עפעריקע אויג איז, קודם כל, פאַרבלענדט געוואָרן פון פייער פונם ליכט. דערנאָך האָט ער דערזען אויפן שוואַרצן דיוואַן דעם ריזיקן אַרויסשטאַרצנדיקן קערפּער פון דער פרוי. זי איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף, אינגאַנצן נאַקעט, מיט די האָר אויף דער ברוסט און מיט די דינע פינגער פאַמעלעך זיך אויפגעפלאָכטן די צעפּ. אויף איר ווייסן קערפּער האָבן געציטערט אָפּגלאַנצן פון פייער, דער קערפּער איז געווען ריין און העל, האָט אויסגעזען לייכט, ווי אַ וואָלקן, זיך געצוויגט, געשוועבט. דאָס איז געווען זייער שיין. זי האָט עפּעס גערעדט, נאָר ער האָט די ווערטער נישט דערהערט, נאָר דאָס קול, אַ זינגענדיקס, אַ מידס און אַ טרויעריקס. דער באַלעבאָס איז אין די אונטערהויזן געזעסן אויף אַ שטול לעבן דיוואַן און וויין אין אַ גלאָז אַריין; די האַנט האָט אים געציטערט, און דאָס קופּעלע גרויע האָר אויף דער גאָמבע האָט אויך געציטערט. די ברילן האָט ער אַראָפּגענומען, און ער האָט אויסגעזען צו זיין עקל אַזוי.

— יאָ, יאָ — האָט ער געזאָגט — זעסט ס'אַרא דו ביסט...

יעיסיי איז אַוועק פון דער טיר, זיך געלייגט אויפן געלעגער און געטראַכט:

— זיי האָבן חתונה געהאַט...

ער האָט געקריגן רחמנות אויף ראַיסאַ פּיאָטראָוונאַ דערפאַר, וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט אַזאַ מענטש, וואָס האָט אויף איר אַזוי פיל שלעכטס אויסגערעדט און דערפאַר, וואָס איר

איז מסתמא גוט קאַלט צו ליגן אַזוי נאַקער אויף דעם לעדערנעם דיוואַן. אַ שלעכטער געדאַנק האָט ביי אים אַ בליץ געטון, נאָר דער דאָזיקער געדאַנק האָט אונטערגעהאַלטן דעם אַלטנס ווערטער וועגן ראַיכאַן, און יעווסיי האָט דערשראָקן פאַריאָגט דעם גע־דאַנק.

אויפצומאָרגנס איז אָוונט דאָס ראַיסאַ פיאָטראָווגאַ, ווי תמיד, אַריינגעטראָגן וועטשערע און, ווי געוויינלעך, געזאָגט:

— איך גיי אַוועק...

און אַזוי געוויינלעך, טרוקן און נישט ווילנדיק, ווי אַלע־מאָל, האָט דער באַלעבאָס מיט איר גערעדט. ס'זענען אַוועק עטלעכע טעג, און זייערע קעגנזייטיקע באַציונגען האָבן זיך נישט געענדערט. יעווסייען האָט זיך שוין אָנגעהויבן אויסצוווייזן, אַז ד נאַקעטע פרוי האָט ער געזעען אין חלום. ער האָט שטאַרק נישט געוואָלט גלייבן דעם באַלעבאָס ווערטער וועגן ראַיסאַ פיאָטראָוונאַ.

איינמאָל, עפּעס אומדערוואַרט און אומנייטיק, איז געקומען דער פעטער פּיאָטר. ער איז גרוי געוואָרן, געקנייטשט, עפּעס נידעריק געוואָרן.

— אין איך — ווער בלינד, יתום! — האָט ער געזאָגט הויך געשלונגען די טיי פון שעלעכל און געשמייכלט מיט די נאַסע אייגן. — אַרבעטן קאָן איך שוין נישט, ס'קומט מיר אויס, נישט אַ דערש, ווי צו גיין בעטלען. פון יאַשקען איז נישטאָ קיין נחת — רייכט זיך אין טייאַטר אריין... וועכט נישט לאָזן, ט'ר צונגלויפן... ער איז שוין אַזוינער...

אַלץ, וואָס דער פעטער האָט גערעדט, איז געווען עווער און אומעטיק צו הערן. ס'האָט אויסגעזעען, אַז דער פעטער איז נאַרישער געוואָרן, ער האָט געקוקט פאַרשולדיקט און יעווסיי האָט זיך עפּעס געשעמט מיט אים פאַרן באַלעבאָס. אַז דער פעטער האָט זיך געקליבן אַוועקצוגיין, האָט אים יעווסיי עט לינקע אַריינגע־רוקט אין האַנט אַ דרייער־רובל און אים באַגלייט מיט צו־פרידנקייט.

אַזוי ווי פריער, האָט ער זיך באַמיט צוליב צו טאָן דעם באַ-
לעבאָס, נאָר מורא געהאַט מיט אים מסכּים צו זיין. דאָס ביכער-
געוועלב האָט ביסלעכווייז רעוועקט בײַ אים אימעטיקע חשדים
מיט זיין ענלעכקייט צו אַ קבר, ענג אָנגעפּאַקט מיט געשטאָרבענע
ביכער. אַלע זענען זיי געווען צעשויסן, אויסגעקנייטשט און אויס-
געריבן, און אַ פינצטער, שימלדיקער ריח האָט זיך פון זיי גע-
טראָגן. קויפן פלעגט מען זיי ווייניק, יעוסיי האָט זיך נישט גע-
האַנדעלט אויך, נאָר דעם באַלעבאָס באַציִונג צו די קונים און צו
די ביכער האָט אים שטאַרק פאַראינטערעסירט.

ס'פלעגט זיין אַזוי: דער אַלטער פלעגט נעמען אַ בוך אין
דער האַנט אַרײַן, פאָרזיכטיק געבלעטערט די פוילע בלעטלעך, מיט
די פינסטערע פינגערלעך געגלעט דעם אײַנבאַנד, געשאָקלט מיטן
קאָפּ, געשמייכלט — עס פלעגט זיך דעמאָלט אויסווייזן, אַז ער
צערטלט דאָס בוך, ווי עפּעס אַ לעבעדיקע זאַך, שפּילט זיך מיט
עס, ווי מיט אַ קעצל אָדער ווי מיט אַ הינטל. אַז ער פלעגט
לייענען, פלעגט ער, גלייך ווי דער פעטער פּאָטער מיטן פייער
פון אָרוון, פירן מיט די ביכער אַ שטילן, וואָרטשעדיקן שמועס.
די ליפּן האָבן בײַ אים גוטמוטיק אין מיט חיזק זיך באַוועגט, ער
האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, געברומט און צוגעלאַכט:

— אַזוי, אַזוי... יאָ, זעסטו? אַ - אַ, וואָס׳? כע - כע... אַ-
אָך, נבלה... כ'זאָגשטיי, כ'פאַרשטיי... דאָס וועט נישט זיין...
נײַן... כע - כע. אָ! ?

אָט די כאָ נע איסגעשרייען, וואָס זענען געווען צו עמעצן
געווענדעט, האָבן יעוסייען געוואונדערט, געשראָקן און געגעבן
אָנצוהערן, אַז דער אַלטער פירט אַ געהיימניספולן טאָפּלט לעבן.

— דו לייענסט נישט קיין ביכער — האָט איינמאָל דער
באַלעבאָס געזאָגט, — דאָס איז גוט, יאָ. מחמת אַ בוך איז אַלעמאָל
סם, פאַרסמט דעם געדאַנק — יעדע זאַך טשעפּעט עס, צערייצט
די פאַנטאַזיע, ערגערט און שרעקט גלאַט, אָן אַ שום נוצן. אַמאָל
פלעגן זיין גוטע היסטאָרישע ביכער, דערציילונגען פון רויקע
מענטשן וועגן אַמאָליקן — הײַנט אָבער וויל יעדעס בוך אין דיר
אַרײַנטאָן שנאה צום לעבן, וויל איפּרעקן דעם מענטשן, וואָס

דאַרף לעבן פאַרדעקט סיי קערפּערלעך: סיי גייסטיק, כּדי זיך צו פאַרטיידיקן פון טייוול פון נייגעריקייט און פון די פאַנטאַזיעס, וואָס מאַכן פאַרלירן דעם גלייבן... א בוך שאַדט נישט דעם מענטשן נאָר אויף דער עלטער, ווען זיין געזעצטער שׂכל לאָזט אים נישט באַגיין קיין געוואַלד־טאַט.

יע־סיי האָט זיך גוט גענומען אין זכּרון אַריין די דאָזיקע רייד, נאָר ער האָט זיי נישט פאַרשטאַנען, זיי האָבן גאָרנישט געוועקט אין אים, האָבן נאָר פאַרשטאַרקט דאָס געפיל פון געהיימנישפולקייט, וואָס רינגלט שנהאַדיק אַרום יעדעס מענטשלעכע לעבן.

אַז דער אַלטער פלעגט פאַרקויפן א בוך, פלעגט ער אויף עס קוקן מיט צער און אַלעמאָל האָט זיך יעווסייען אויסגעוויזן, אַז ער שמעקט אַרום דעם קונה. ער פלעגט רעדן מיט אים נישט געוויינלעך, זייער הויך, גיך. און טיילמאָל, ווידער, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דאָס קול זייער נידעריק. און זיינע פינסטערע ברילן האָבן זיך אומבאַוועגלעך און איינגעעקשנט אָפּגעשטעלט אויפן קונהס פנים. אַמאָל, אַז ער פלעגט באַגלייטן א סטודענט, וואָס האָט געקויפט אַ בוך, האָט ער אים נאָכגעשמייכלט, מאָדנע געשאָקלט מיטן קאָפּ, און איינמאָל געדראָט מיטן פינגער נאָכן קונה — א קליינעם, שיינעם יונגנמאַן מיט שוואַרצינקע וואָנסעלעך אויפן בלאַסן פנים. מער פון אַלע פלעגן קויפן ביכער סטודענטן און אַנדערע אַזעלכע מענטשן, וואָס זענען געווען ענלעך צו זיי; טיילמאָל זענען געקומען זעלטענע לייט, האָבן זיך לאַנג געגראָבן אין די ביכער און זיך שטאַרק געדונגען וועגן פּרייז. כּמעט יעדן טאָג פלעגט אַריינקומען אַ מענטש אין אַ כאַק מיט א ברייטער הויקערדיקער נאָז אויפן גלאַטן פלאַכן און פעטן פנים. ער האָט געהייסן דאָרימידאָנט ליקיטש, האָט געטראָגן אויף דער רעכטער האַנט אַ גרויסן גאָלדענעם רינג, און אַז ער פלעגט שפּילן מיטן באַלעבאָס אין שאָך, האָט ער הויך געסאָפּעט מיט דער נאָז און זיך געצופּט מיט דער לינקער האַנט ביים אויער. אָפט פלעגט ער אויך ברענגען עפּעס פאַרשיידענע ביכער און שטיקלעך פּאַפּיר, דער באַלעבאָס פלעגט זיי צונעמען, גוטמוטיק צושאָקלען מיטן

קאָפּ, שטיל געשמייכלט און זיי באַהאַלטן אינם טיש אָדער עס געלייגט אין ווינקל אַריין, אויף דער פּאָליצע, וואָס איז געהאָנגען הינטער זיין פּלייצע. יעוויסיי האָט נישט געזען, אַז דער באַ־לעבאָס זאָל געווען צאָלן פאַר אָט די ביכער, נאָר פאַרקויפט האָט ער זיי יאָ.

א געוויסע צייט פלעגט אין געוועלב אַריינקומען עפטער פון אַלע באַקאַנטע קונים א הויכער, בלויאויגיקער סטודענט מיט געלע וואָנסעס, אין א היטל, וואָס איז געווען אַראָפּגערוקט אויף הינטן און האָט אויפגעדעקט א גרויסן, ווייסן שטערן. ער האָט גערעדט מיט א געדיכטן קול, הויך געלאַכט און אַ מאָל געקויפט א סך אַלטע זשורנאַלן.

איינמאָל האָט אים דער באַלעבאָס פאָרגעלייגט א בוך, וואָס דאָרמידאָנט האָט געגנבעט און בשעת־מעשה, וואָס דער סטודענט האָט עס שווייגנדיק אַדורכגעבלעטערט, האָט דער אַלטער גיך, שטיל עפּעס פאַרציילט.

— אינטערעסאַנט! — האָט דער סטודענט אויסגערופן און צאַרט געשמייכלט — טך, איר, אַלטער בעל־עבירהניק! איר האָט נישט קיין מורא, הא?

דער באַלעבאָס האָט אָפּגעזיפצט און געענטפערט:

— אויב דו פילסט דעם זיכערן אמת, דאַרפסטו אים העלפן אין דער מאָס פון דיינע שוואַכע כוחות...

זיי האָבן לאַנג צווישן זיך געשושקעט און, לסוף, האָט דער סטודענט געזאָגט:

— איז, הייסט עס, געמאַכט. געדענקט דעם אַדרעס!

דער אַלטער האָט אים פאַרשריבן אויף א באַזונדער בלעטל, און אַז דאָרמידאָנט איז געקומען און געפרעגט:

— וואָס הערט זיך עפּעס נייס, מאַטוויעוויטש?

האָט דער באַלעבאָס אים דערלאַנגט דאָס בלעטל, געשמייכלט:

— אָט א פרישער...

— אַזוי־וי. ניקאָדים אַרכאַנגעלסקי, — האָט דאָרמידאָנט איבערגעלייענט. — פיין! מאַ, מ'עט זען, ס'צרא ניקאָדים דאָס איז.

און אין א ווינקל צווישן ארום, אז ער האָט זיך געזעצט שפּילן אין שאָך, האָט ער דערציילט דעם באַלעבאָס:

— און אָט דער ניקאָדים האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר א גאַנץ כעמיקער העכט! מ׳האָט ביי אים געפונען מכל טוב...

— די ביכער זאָלסטו מיר אָפּגעבן — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט און באַוועגט מיטן קערפּער.

— זיכער!

און דאָרימיעדאָנט האָט ווידער אָנגעהויבן צו סאָפּען.

דער בלויאויגיקער סטודענט איז שוין מער נישט געקומען. ס׳איז אויך נעלם געוואָרן דער קליינער יונגערמאַנטשיק מיט די שוואַרצע וואָנסעס, נאָכן עם, ווי דער באַלעבאָס האָט איבערגעגעבן דאָרימיעדאָנטן זיין אַדרעס. דאָס אַלץ איז געווען מאָדנע, האָט געוועקט אין יעזוסיען א פאַרדעכטיקייט און אים געגעבן אָנצוהערן אויף עפּעס סודות, ר טעניש

איינמאָל, ווען דער באַלעבאָס איז נישט געווען אין געוועלב, האָט ער, אָפּשטויבנדיק די דער... די ביכער, וואָס דאָרימיעדאָנט האָט געבראַכט. זיי זענען געווען גרויסע, פונאַנדערגעריסענע און צעקלאַפּטע. ער האָט פאָרזיכטיק אין גיך זיי צוריקגעשטעלט אין דער זעלבער אָרדענונג, ווי זיי זענען געשטאַנען און עפּעס דערפילט אין זיי עפּעס געפערלעכס.

בכלל האָבן ביכער נישט דערוועקט אין אים קיין שום אינטערעס. ער האָט געפּרוּווט לייענען, נאָר קיינמאָל נישט געקענט קאָנצענטרירן אויפן בוך זיין געדאַנק. ער איז שוין געווען צונויפגעפילט מיט א מאַסע באַטראַכטונגען, האָט ער זיך צעקלאַפּט אויף קליינע שטיקלעך, איז צעשוואומען געוואָרן אין, לסוף, פאַרשוואונדן געוואָרן ווי פאַרע, ווי א דין שטרעמל וואַסער אויף א שטיין אין א הייסן טאָג.

אַז ער פלעגט עפּעס טון, ערגעץ גיין, האָט ער אינגאַנצן נישט געקאָנט טראַכטן. ס׳האָט אויסגעזען, אַז באַוועגונג האָט אים צעריסן דעם שפּינוועבס פון געדאַנקען. זיין אַרבעט פלעגט ער אויספירן באַמעלעך, פּינקטלעך און גענוי, ווי א מאַשין, נאָר גאָר נישט בייגעטראָגן קיין אייגנס צום קיים. קיים פאַרשטאַנען דעם זינען פון דער אַרבעט.

אַז ער איז, ווידער, געזען פריי און געזעצן אומבאַוועגלעך, האָט אים באַהערשט דאָס אָנגענעמע געפיל פון פליען אין דורכזיכטיקן וואָלקן, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לעבן און אַלץ ווייכער געמאַכט, איבערגעאַרבעט די רוישיקע ווירקלעכקייט אין אַ שטילן און וואויל־קלינגעוודיקן האַלב־חלום.

אין אָט דער שטימונג זענען די טעג אַדורך זייער גיך. דאָס אויסערלעכע לעבן איז געווען איינטאָניק, געשעענישן, וואָס פילן וועקן דעם געדאַנק, האָבן זיך געטראָפן זעלטן. דער מיח האָט זיך אומבאַמערקט באַדעקט מיט קלעפיקן שטויב פון וואָכעדיקייט. אין שטאָט פלעגט ער גיין זעלטן — זי איז אים נישט געפעלן געוואָרן.

די אומאויפהערלעכע באַוועגונג האָט פאַרמאַטערט די אויגן, דאָס גערויש האָט פאַרגאָסן דעם קאָפ מיט אַ שווערער, פאַרטעמפנדיקער מוטנעקייט; די אָנסופיקע שטאָט איז תחילת געווען ענלעך צו אַ פאַרזעעניש פון אַ מעשהלע אַרויס, וואָס האָט געעפנט הונדערטער הונגעריקע מיילער, גערעוועט מיט הונדערטער אומגעזעטיקטע גאָרגלען, נאָר אַז יעווסיי האָט זיך צוגעקוקט צום בונטן כוואַלען פונם גאַסן־לעבן, האָט ער געזען אין איר אַ שווערע און אומעטיקע איינטאָניקייט.

אין די פרימאָרגנס, ביים צורויכערן דעם באַלעבאָס צימער, האָט ער אויף עטלעכע מינוט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפ פון פענצטער, געקוקט אויפן אָפגרונט פון דער שמאָלער און טיפער גאַס, תמיד געזען די זעלבע מענטשן און באַלד געוווּסט, וואָס יעדער וועט טון אין אַ שעה אַרום און אַפילו מאָרגן. די דראָזשקעס זענען געפאָרן אַלע גלייך פויל, געזעסן אַלע אויף די קאָזלעס, ווי איין מענטש, ער דאָט געקענט די ייִנגלעך פון די געוועלבער, די משרתימלעך. ער האָט זיי נישט געקאָנט פאַרליידן, זיי זענען געווען געפערלעך מיט זייער פרעכקייט. יעדער מענטש, האָט אויסגעזען, איז צוגעקאָוועט צו זיין געשעפט ווי אַ הונט צו זיין בודע. טיילמאָל האָט אַ בליק געטון אָדער אַ קלינג געטון עפעס פרישס, נאָר עס איז געווען שווער

עס צו באַטראַכטן אין דער געדיכטער מאַסע פּנים באַקאַנטע טאָג־טעגלעכן און אומאָנגענעמען.

די קלויסטערס אין שטאָט זענען אים אויך נישט געפֿעלן געוואָרן. אין זיי איז געווען אומהיימלעך, ליכטיק, שטיקנדיק און ס'האָט זיך דאָרט שטאַרק געשפּירט דער ריח פֿון ווייַרויך, פֿון פּוטער און פֿון שווייס. יעוסיי האָט נישט געקאָנט פֿאַרליידן קיין שטאַרקע ריחות, דער קאָפּ פֿלעגט דערפֿון זיך דרייען, און עס האָט אין אים דערוועקט עפּעס אַזיינע אומעטיקע, שרעקעוודיקע פֿאַרלאַנגען.

טייל מאָל, אין אַ יום־טוב, פֿלעגט דער באַלעבאָס שליסן דאָס געוועלב און פֿירן יעוסייען איבער דער שטאָט. זיי זענען געגאַנגען לאַנג, פּאַמעלעך, דער אַלטער האָט אים געוויזן אויף הייזער פֿון רייכע און באַקאַנטע מענטשן, גערעדט וועגן זייער לעבן. אין זיין דערציילן איז געווען אַ סך ציפֿערן, פֿרויען וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿון די מענער, טויטע און באַגראָבעניש. דערציילן פֿלעגט ער עס מיט הנאה און אַלץ פּרוּוון באַטראַכטן, אָפּגעלייקנט, און נאָך ווען ער פֿלעגט האַלטן בײַם דערציילן, ווער ס'איז פֿון וואָס און ווי אַזוי געשטאָרבן, האָט ער אויפֿגעלעבט און גערעדט וועגן דעם אַזוי, גלייך קראַנקהייטן און טויט וואָלטן געווען די אינטערעסאַנטסטע זאַכן אויף דער וועלט.

נאָך יעדן אַזאַ שפּאַציר פֿלעגט ער מכבד זיין יעוסייען מיט טיי אין אַ שענק, וואו ס'האָט געשפּילט אַ שפּיל־מאַשין. אַלע האָבן דאָרט געקענט דעם באַלעבאָס, זיך באַצויגן צו אים מיט שרעקעוודיקער אַכטונג, און יעוסיי, מיד פֿון דער קוויטשעריי פֿון דער מוזיק, אַרומגעהילט אין אַ וואָלקן פֿון שווערע ריחות, איז אַריינגעפֿאַלן אין אַ האַלבשלעפֿעריקער באַוווּסטלאָזיקייט.

נאָר איינמאָל האָט אים דער באַלעבאָס געפֿירט אין אַזאַ מין הויז, וואו ס'איז געווען אָנגעזאַמלט אַ מענגע פֿאַרשידענע שיינע זאַכן פֿון גאָלד און זילבער, אויסטערלישע מינים געווער, בגדים פֿון זייד און בריליאַנטן. אינעם יונגס נשמה האָבן זיך פֿלוצלונג אַ וויג געטאָן דער מאַמעס פֿאַרגעסענע מעשהלעך, האָט פֿריידיק אַ ציטער געטאָן אַ באַפֿליגלטע האָפֿענונג. ער איז לאַנג און שווייגנדיק אַרומגעגאַנגען איבער די צימערן, פֿאַרלויר־

עפינטלט מיט די דורשטיק ב־ענענדיקע אויגן, און אז זיי זענען אהיימגעגאנגען, האָט ער געפרעגט דעם באָלעבאָס:

— װעמענס איז דאָס?

— מלוכהשעס, דעם קיסרס! — האָט דער אַלטער זאַנפט ד קלערט.

האָט יעװסיי אַנדערש געפרעגט:

— און װער האָט דאָס געטראָגן אַזעלכע קאַפּאָטעס און שוכ־דן?

— די קיסרים, די שררות... כאַרשידענע קעניגלעכע מענטשן...

— יעצט זענען זיי שוין נישטאָ?

— װאָס הייסט נישטאָ? זיי זענען דאָ. אָן זיי האָט גאָר ניט געװען. נאָר יעצט טוען זיי זיך אָן אַנדערש...

— פאַרװאָס אַנדערש?

— װעלטװעלער. פריער איז רוסלאַנד געװען רייכער, און היינט האָבן זי באַרויבט פרעמדע מענטשן — יידן, פּאָלאַקן, דייטשן...

ער האָט לאַנג גערעדט װעגן דעם, אז רוסלאַנד האָבן אַלע פיינט, אַלע באַגנבענען זי און װילן איר שלעכטס. אז ער האָט גערעדט אַ כך, האָט יעװסיי אויפגעהערט אים צו גלייבן און צו פאַרשטיין. נאָר דאָך האָט ער געפרעגט:

— און איך בין אַ מלוכהשער מענטש?

— צו װאָ! ביי אונז איז אַלץ מלוכהש. די גאַנצע װעלט איז גאָט׳ס, גאַנץ רוסלאַנד — דעם קיסרס.

פאַר יעװסייס אויגן האָבן זיך געדרייט און א בונטן, העלן קאַראַהאָד חשובע, שיינע מענטשן אין גלאַנציקע קליידער — א ...פישוטדיק לעבן איז אַנטשטאַנען. אָט דאָס לעבן איז געבליבן מיט אים, װען ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, און אין מיטן פון אָט דעם לעבן האָט ער געזען זיך אין אַ אָנצוג פון גאָלד, אין רויטע שיך פון פערל און ראַיסאַן אין אַ קלייד, װאָס איז באַפוצט מיט טייערע איידלשטיינער.

— קומט עס, הייסט עס, אָן! — האָט ער געטראַכט.

היינט האָט שוין אַט דער געדאַנק דערוועקט אין אים נישט האָפענונג אויף אַן אַנדער צוקונפט, נייערט אַ שטילן רחמנות צום פאַרגאַנגענעם.

הינטער דער טיר האָט טרוקן געקלונגען דעם באַלעבאָס גלייכמעסיק קול:

— דאָס גאַנצע שלעכטס פון דער ערד... און אַלע מלאכי חבלה...

# IV

אינגיכן איז אים אויסגעקומען איבערצולעבן נאָך עפּעס שאַרפס.

ווען ער מיטן באַלעבאָס, נאָכן שליסן ס'געוועלב, זענען אַריין אין הויף אַריין, איז זיי אַנטקעגנגעקומען אַנאַטאָליס קלינגענדיק, פלאַטערנדיק געשריי:

— כ'וועל שוין נישט מער... פעטערשי... קיינמאָל נישט!...

יעווסיי האָט אַ ציטער געטון און נישט ווילנדיק, מיט שטילער הנאה, געזאָגט:

— אַה — אַ — אַ...

אָנגענעם איז אים געווען צו הערן דאָס געשריי פון מורא און ווייטאָק, פון דער ברוכט פונם פריילעכן, פון אַלעמען געליבטן יינגל. ער האָט געפרעגט דעם באַלעבאָס:

— איך מעג בלייבן אויפן הויף?

— מע דאַרף עסן וועטשערע... און, איבעריקנס, וועל איך אויך גיין אַ קוק טון... ווי מע לערנט אָן אַן עזות־פנים...

הינטערן גאַניק פון הויז, ביי דער טיר צום געמויערטן שפייכלער, האָט זיך צונויפגעקליבן א פובליקום. פונם שפייכלער האָבן זיך געהערט שווערע, נאַסע שמיץ און אַנאַטאָליס קלינגענדיק קול:

— פעטערשי... איך בין נישט שולדיק... גאָטעניו... איך וועל שוין נישט... לאָזט אָפּ... האָט גאָט אין האַרצן...

יאַקובאָוו, אַ זייגערמאַכער, האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און געזאָגט:

— גוט אַזוי... לייג אים נאָך אויס צו...

אַ קרומע גאַלדנייערין, זינאַ, האָט אונטער געהאַלטן דעם לאַנגן און געלן זייגערמאַכער:

— אַוודאי, אַזוי וועט דאָך כאָטשע שנעלער זיין. קיינער אין הויף האָט דאָך נישט קיין מנוחה פון אים...

און דער באַלעבאָס האָט געפרעגט יעזיסייען:

— מע זאָגט, ער קרימט זייער פיינסטלעריש נאָך מענטשן?

— אַ שאלה אַביסל! — האָט דעם קירזשנערס קעכין געענטפערט. — אַזאַ שדל — צזא חוצפה...

פון שפּייכלער האָט זיך געלאָזט הערן אַ שטיל געררויש, גלייך מע וואָלט איבער די אַלטע ברעטער געשלעפּט אַהין און צוריק אַ זאַך, אָנגעפּילט מיט עפּעס ווייכס; קוזינס שווער־ווערטער, שטנדיקער קול איז געקראָכן, און ס'האָבן זיך געלאָזט הערן אַנאַטאָליס אַלץ טעמפּערע, אַלץ זעלטענערע געשרייען:

— זייט מ'ר מוחל... אָי... נעמט זיך אָן פאַר מיר... כ'וועל שוין נישט... נאָטיניו...

די ווערטער זענען געוואָרן געדיכטער, מ'האָט זיי שוין נישט געקאָנט פאַנאַנדערקלייבן, זיי האָבן זיך צעגאָסן אין אַ דינער פאַרכליפּעטער געוואָרעריי... יעווסיי האָט אויפגעציטערט, דערמאַנענדיק זיך זיינע קלעפּ. דאָס געווייעריי פון די צוקוקער האָט אין אים געוועקט עפּעס אַ געמישט געפיל — ער האָט זיך געשראָקן צו שטיין צווישן מענטשן, וואָס האָבן נאָך וועכן זיך גוטמוטיק און פריילעך געוויילט פון אָט דעם לעבעדיקן יאָס זיך, יעצט קוקן זיי אַזויצופרידן, ווי מע שלאָגט אים. נאָר יעצט האָבן זיך די האַלבקראַנקע, מידע פון דער אַרבעט, בייזע מענטשן אים אויסגעוויזן צו זיין ערנסטער, קליגער. ער איז געווען זיכער, אַז קיינער פון זיי פאַרשטעלט זיך נישט, ווען זיי קוקן,

ווי מען ה־געט אַ מענטש, מיט אויפריכטיקער נייגעריקייט. אַביסל האָט יעווסיי רחמנות געהאַט אויף אַנאַטאָלין, און דאָך איז אים געווען אָנגענעם צו הערן זיינע קולות. ס'האָט אַדורכגעבליצט אַ געדאַנק:

— יעצט וועט ער ווערן מער געכטאַקעוועט און וועט זיך חבֿרן מיט מיר...

מיטאַמאָל איז אָנגעקומען אַ קירזשנער, דער מייסטער געהילף ני אָליי, אַ קליינער, אַ שוואַרצער, אַ געקרייזלטער, מיט לאַנגע הענט. ווי אַלעמאָל, ביז אין אויף קיינעם נישט קוקנדיק, האָט ער צעטריבן דאָס פּובליקום, איז אַריין אין עפּייכלער און באַלד האָט זיך געווער דערהערט פון דאָרטן זיין גראָב קול:

— לאָז אָפּ! איזעק!

אַלע זענען מיטאַמאָל אָפּגעטרעטן פון דער טיר פון שפּייכלער איז אַרויסגעשפּרונגען קוזין, האָט זיך געזעצט אויף דער ערד, זיך געכאַפּט מיט די הענט פאַרן קאָפּ, אויסגעשטאַרצט די אויגן און אָנגעהויבן צו וואָיען:

— קאַ - ראַ - אול...

— קום יעווסיי, אַוועק פון דעם אומגליק! — האָט דער באַליבאָס געזאָגט און איז אַוועק אין אַ זייט. יעווסיי האָט זיך אָפּגעווענדעט אין ווינקל צום גאַניק צו און האָט זיך דאָרט אַרויפגעשטעלט קוקן.

ס'איז אַרויס ניקאָליי. אויף די הענט זיינע האָט זיך הילפלאָז געוויגט דעם ייִנגלס קליינער, צעהאַקטער קערפּער. ער האָט אים אַנידערגעלייגט אויף דער ערד, זיך אויסגעגלייכט און אַ יכגערופן:

— ווייבער, וואַסער, — נבלות...

זינע און די קעכין זענען אַוועקגעלאָפן.

קוזין האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און טעמפּ געסאַפּעט:

— מערדערס... פּאָליצי...

ניקאָליי האָט זיך צו אים אויסגעדרייט, אַ קאָפּ געטאָן אין ברוסט און אין פּלייצע, און דערנאָך צוגעהויבן צו שרייען, געלויכטן מיט די ווייסלעך פון די שוואַרצע אויגן:

— מנוולים! דאָ דערהרגעט מען אַ קינד... און איר ווילט אייך! איך וועל אייך אַלעמען די בייכער אויפשניידן...

פון אַלע זייטן האָט מען אים געענטפערט מיט זידלערייען, נאָר קיינער האָט זיך נישט דערוועגט צוצוגיין נאָענט.

— קום! — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט און אָנגענומען יעווסייען פאַר דער האַנט. זיי זענען אַוועק און געזען, אַז קוזין, איינגעבויגן, פּלאָנטערט צום טויער.

— נאָך פּאָליציי! — האָט דער באַלעבאָס דערקלערט יעווסייען.

אַז יעווסיי איז געבליבן אַליין, האָט ער דערפילט, אַז די גאַנצע שנאה צו אַנאַטאָלין איז ביי אים פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט אָנגעשטרענגט דעם מידן מוח, זיך באַמיט צו פאַרשטיין, וואָס ער האָט געזען: דאָס האָט זיך נאָר, הייסט עס, אַזוי אויסגעוויזן, אַז מ'האָט ליב געהאַט דעם פריילעכן אַנאַטאָלי, אינדערעמתן איז עס נישט געווען אַזוי. אַלע האָבן ליב זיך צו שלאָגן, האָבן ליב צו קוקן, ווי מע שלאָגט, אַלע האָבן ליב צו זיין ברוטאַל, אַכזוריותדיק. ניקאַנאָר האָט זיך נאָר דערפאַר אָנגענומען פאַר אַנאַטאָלין, ווייל ער האָט ליב צו שלאָגן קוזינען און שלאָגט אים כמעט יעדן יום-טוב. ער איז זייער אַ דרייסטער און אַ שטאַרקער, ער קאָן צעמזיקן יעדן מענטש אין אָט דעם הויז, און אים ווידער, וועט מען שלאָגן אין פּאָליציי. הייסט עס אַזוי: צי דו וועסט זיין אַ שטילער, צי אַ שטיפער — אַלץ איינס וועט מען דיך שלאָגן און באַליידיקן.

אַוועק עטלעכע טעג. אויפן הויף האָט מען געשמועסט, אַז אַנאַטאָלי איז אין שפּיטאָל אַראָפּ פון זינען. דאָ האָט זיך יעווסיי דערמאָנט, ווי דעם יונגנס אויגן האָבן געברענט בעת די פּאָר טעלוגען, ווי שטורמיש ס'זענען געווען זיינע באַוועגונגען און ווי גיך ער האָט געענדערט ס'פּנים — און ער האָט מיט שרעק געטראַכט, אַז אַנאַטאָלי איז, אפשר, אַלעמאָל געווען משוגע. און גיך האָט ער אָן אים פאַרגעסן.

..אין רעגנדיקע האַרבסט-נעכט זיינען אויפן דאַך, אונטער דעם פענסטער פון יעווסייס צימער, געבוירן געוואָרן קליינע צאַפּ-

קלאַנגען, האָבן געשטערט אים צו שלאָפן, געוועקט אין האַרצן אַ מורא. אין איינער אַזאַ נאַכט האָט ער געהערט דעם באַלעבאָס בייזע געשרייען:

— נבלה...

ראַיסאַ פּאַטראָוונאַ האָט, ווי תמיד, נישט הויך און זינגנדיק געענטפערט:

— איך קאָן אייך נישט דערלויבן, מאַטוויי מאַטווייעוויטש...

— געמיין שטיק! וויפל געלט צאָל איך דיר!

די טיר פון באַלעבאָס צימער איז נישט געווען אינגאַנצן פאַרמאַכט, זייערע שטימעס האָבן לויטער געקלונגען. אַ קליינער רעגן האָט שטיל געזונגען הינטערן פענסטער זיין טרערנדיק ליד. איבערן דאַך איז געקראָכן דער ווינט, ווי אַ ריזיקער, היימלאָזער פויגל. דערשלאָגן פון וועטער, האָט ער געזיפצט, ווייך אָנגערירט מיט די נאַסע פליגל די שויבן פון די פענסטער. יעווסיי האָט זיך געזעצט אויפן געלעגער, אַרומגענומען די קני מיט די הענט און ציטערנדיק, געהערט:

— גיב מיר אָפּ מיינע פינף און צוואַנציק רובל, גנבטע!

— איך פאַרלייקן גאָרנישט — דאָרימעדאָנט לוקיטש האָט מיר געגעבן דאָס געלט...

— אַהאַ! זעסטו שוין, מנוולטע...

— ניין, ערלויבט! ווען איר האָט מיך געבעטן, איך זאָל נאָכגיין יענעם הער.

— ש - ש! וואָס דברסטו!

און די טיר האָט זיך פאַרמאַכט. נאָר אַפילו דורך דער וואַנט דאָס מען געקאָנט הערן כמעט אַלצדינג.

— געדענק, נבלה, ביסט ביי מיר אין די הענט! — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט און, ווייזט אויס, געבאַמבלט מיט די פינגער אויפן טיש. — און אויב איך וועל באַמערקן, אַז דו האָסט מיט דאָרימעדאָנטן געמאַכט בלאַט...

דער פרויס קול איז געווען שלאַנק און וואַרעם, ווי אַ קעצל; עס האָט זיך לייכט אונטערגעגנבעט, אַרומגעהילט דעם אַלטנס שלעכטע רייד און זיי אָפּגעווישט פון יעווסייס זכרון.

זי איז געווען גערעכט. אין דעם האָט יעווסייען איבערצייגט איר רויקייט און זיין גאַנצע באַציִונג צו איר. ער איז שוין געווען אין פופצעטן יאָר, זיין אינטערעס צו דער וואוילער און שיינער ראַיסאַ פּיאָטראָוונאַ האָט זיך אָנגעהויבן אויסצופורעמען אין אַ שרעקעוודיק-אָנגענעם געפיל. ער פלעגט זי באַגעגענען זייער זעלטן און אַלעמאָל אויף אַ פּאָר מינוט. ער האָט געקוקט איר אין פּנים אַריין מיטן געהיימנישפולן געפיל פון שעמעוודיקער פרייד. זי פלעגט מיט אים רעדן זייער איידל, צאַרט, און דאָס האָט ביי אים אין ברוסט אַרויסגערופן אַ ליבהאַרציקע אויפרעגונג און אַלץ מעכטיקער געצויגן צו איר...

נאָך אין דאָרף האָט ער געקענט דעם ברוטאַלן אמת פון באַציִונגען צווישן אַ מאַנספּערשוין און אַ פרוי; די שטאָט האָט אַרומגעצירט דעמדאָזיקן אמת מיט שמוץ, נאָר דער שמוץ האָט נישט פאַרברודיקט יעווסייען. אַ שרעקעוודיקער, האָט ער נישט געוועגט זיך צו גלייבן דאָס אַלץ, וואָס מ'פלעגט רעדן וועגן פרויען, און די דאָזיקע רייד פלעגן אין אים אַרויסרופן נישט קיין געלעכטער, נאָר קיצלדיקן עקל. יעצט, זיצנדיק אויפן געלעגער, האָט ער זיך דערמאָנט ראַיסאַס אַלע גוטע שמייכלען, צערטלדיקע רייד. אינגאַנצן אַדורכגענומען מיט דעם, האָט ער זיך נישט באַוויזן צו לייגן, האָט די טיר פון באַלעבאָס צימער זיך געעפנט און פאַר אים איז געשטאַנען זי — האַלבנאַקעט, מיט צעלאָזטע האָר, פאַרלייגט די הענט אויף די בריסט. ער האָט זיך דערשראָקן, איז אָפּגעשטאָרבן — די פרוי האָט געוואָלט צוריק עפענען דעם אַלטנס טיר, זי האָט שוין אויסגעצויגן די האַנט, נאָר פלוצלינג האָט זי אַ שמייכל געטון, אַ מאַך געטאָן צו יעווסייען מיטן פינגער און איז אַוועק צו זיך. ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

אינדערפרי, ביים רוימען די פּאָדלאָגע אין קיך, האָט ער דערזען ראַיסאַן אין דער טיר פון איר צימער און איז געבליבן שטיין פאַר איר גלייך, מיטן בעזעם אין דער האַנט.

— גוט מאָרגן! — האָט זי געזאָגט. — ווילסט מיט מיר טרינקען קאַווע?

דערפרייט און פאַראומערט, האָט ער געענטפערט:

— כ׳האָב מיך נאָכנישט געוואָשן... באַלד!

און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער געזעסן ביים טיש ביי איר אין צימער, גאַרנישט געזעען אַ חוץ דעם ווייסן פּנים מיט די דינע ברעמען און די גוטע, פייכט - שמייכלענדיקע אויגן אין אָט דעם פּנים.

— כ׳געפעל דיר? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ! — האָט ער געענטפערט.

— פאַרוואָס?

— איר זענט אַזאַ גוטע און אַזאַ שיינע...

ער האָט געענטפערט, ווי אין חלום. ס׳איז אים מאָדנע געווען צו הערן אירע פראַגן; אירע אויגן האָבן געקוקט אויף אים ווי די אויגן פון אַ חיות - בענדיקער — זיי האָבן, ווייזט אויס, געוואוסט, וואָס טוט זיך ביי אים אין דער נשמה.

— און... און מאַטוויי מאַטווייעוויטשן האָסטו ליב? — האָט פאַמעלעך און נישט הויך געפרעגט.

— ניין! — האָט יעווסיי גלייך געענטפערט.

— טאַקע? ער האָט דאָך דיך ליב... ער האָט עס מיר אַליין געזאָגט...

— ניין! — האָט ער איבערגעחזרט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

זי האָט אויפגעהויבן די ברעמען און האָט זיך אַביסל נענטער צו אים צוגערוקט, געפרעגט:

— גלייבסט מיר נישט!

— אייך גלייב איך, נאָר עם ביי, עבאָט גלייב איך נישט... אויף קיין האָר נישט...

— פאַרוואָס? פאַרוואָס? — האָט זי צוויי מאָל גיך און שטיל געפרעגט און זיך נענטער געררוקט צו אים. דער וואַרעמער שטראַל פון איר בליק איז אים אריין אין האַרצן אַריין, געוועקט דאָרט קליינינקע געדאַנקען, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט אויסגעדריקט, און ער האָט זיי גיך אַרויסגעוואָרפן פאַר אָט דער פרוי.

— איך האָב פאַר אים מורא... איך האָב פאַר אַלע מורא, אַחוץ פאַר אייך...

— פאַרוואָס האָסטו מורא?

— איר ווייסט אַליין.

— וואָס חייס איך?

— אייך באַליידיקט מען אוּרכעט... נישט נאָר דער באַלע־באָס אַליין... איך האָב געזעען, ווי איר האָט געוויינט... איר האָט נישט געהערט דערפון, וואָס איר זענט געווען שיכור... איך פאַר־שטיי. איך פאַרשטיי אַ סך זאַכן, נאָר אַלץ צוזאַמען קאָן איך נישט פאַרשטיין. יעדע זאַך באַזונדער זע איך ביזן לעצטן פּאָדעס' און דאָס, וואָס איז גלייך דערמיט און איז אַפילו נישט ענלעך פאַרשטיי איך אויך... נאָר צו וואָס דאַרף מען דאָס אַלץ? איינס קריגט זיך מיטן אַנדערן און ווערט קיינמאָל נישט גוט צווישן זיך... פאַראַן איין לעבן — און נאָך אַ צווייטס...

— וואָס רעדסטו? — האָט זי פאַרוואונדערט געפרעגט.

— דאָס איז אמת!

עטלעכע סעקונדן האָבן זיי זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט, דאָס האַרץ האָט אים גיך געקלאַפט, די באַקן האָבן זיך אים באַדעקט מיט אומעטיקן רייטל.

— נו, יעצט גיי — האָט זי שטיל געזאָגט און זיך אויפגע־שטעלט. גיי, אַנישט וועט ער פרעגן, פאַרוואָס זוימסט זיך אַזוי לאַנג. זאָג אים נישט, אַז ביסט געווען ביי מיר — גוט?

— יאָ.

ער איז אַוועק, זאַט מיטן צאַרטן קלאַנג פון איר זינגנדיקן קול, אָנגעוואַרעמט מיטן מיטליידנדיקן בליק, און אַ גאַנצן טאָג האָב ביי אים אין זכרון געקלונגען אירע ווערטער, וואַרעם אָנגע־טון דאָס האַרץ אין שטילער פרייד.

דער טאָג האָט זיך מאָדנע = לאַנג געצויגן. איבער די דעכער פון די הייזער און איבערן פלאַץ איז אומבאַוועגלעך געהאָנגען אַ גרויסער וואָלקן; דער פידער, גרויער טאָג האָט זיך גלייך ווי פאַרפלאָנטערט אין זיין גרויער מאַסע און איז אויך געבליבן שטיין.

נאָך מיטאָג זענען אין געווע‎ב אַריינגעקומען צוויי קונים — איינער, א הויכער, אַ דארער, מיט שיינע, האַלבגרויע וואָנסעס, דער אַנדערער — מיט אַ געלער באָרד, אין ברילן. זיי האָבן ביידע לאַנג און אויפמערקזאַם זיך געגראָבן אין די ביכער, דער דאַרער האָט די גאַנצע צייט שטיל אונטערגעפייפט און באַוועגט מיט די וואָנסעס, און דער געלער האָט גערעדט מיטן באַלעבאָס. יעווסיי האָט אָפּגעלייגט די אָפּגעקליבענע ביכער אין אַ זייט מיט די רוקנס ארויף און זיך צוגעהערט צום אַלטנס רייד.

ער האָט נאָך פון פאָרויס געוואוסט, וואָס דער באַלעבאָס וועט רעדן מיט די קונים, געוואוסט, ווי אַזוי ער וועט רעדן, און פון נודנעקייט, און דערוואַרטונג אויף אָוונט, האָט ער גענומען קאָנטראָלירן, צי ער וועט טאַקע אַזוי רעדן.

— פאַר אַ ביבליאָטעק קויפט איר דאָס? — האָט דער אַלטער העפלעך געפרעגט.

— פאַר דער ביבליאָטעק ביים לערער-פאַריין! — האָט דער געלער געענטפערט און געפרעגט:

— וואָס אי׳דען?

— ער וועט זיי לויבן! — האָט יעווסיי זיך געטראַכט, און זיך נישט טועה געווען.

— איר מאַכט דעם אויסוואַל מיט גרויס קענטעניש... ס׳איז ממש אַ נחת צו זען, ווי ריכטיק איר קלויבט אָפּ...

— אַ נחת?

— ער׳ט באַלד א שמייכל טון... — האָט יעווסיי אַ טראַכט געטון.

— אוודאי! האָט דער אַלטער געזאָגט און ליבלעך אַ שמייכל געטון — געווייגסט זיך צו צו אָט דער סחורה, קריגסטו זי אַפילו ליב. ס׳איז דאָך נישט קיין האָלץ, נאָר גייסטיקע פּראָדוקציע. און אַז מען זעט, אַז דער קונה קען זיך אויך אויפן בוך — טוט עס טאַקע שטאַרק הנאה. בכלל איז אונזער קונה אַ מאָדנער טיפּ, קומט צוגיין און פרעגט זיך: נישטאָ עפּעס אַן אינטערעסאַנט ביכל? אים איז אַלץ איינס. ער זוכט אַ פאַרוויילונג, אַ שפּילעכל, נישט

קין נוצן. און אנדער מאָל מאַכט זיך — ס'פרעגט זיך פּלוצלינג עמעצער אויף פאַרווערטע ביכער...

— וואָס הייסט פאַרווערטע? — האָט דער געלער געפרעגט און פאַרזשמורעט די אייגלעך.

— פאַרווערטע — ס'הייסט פאַר ביבליאָטעקן. מע דרוקט זיי אין אויסלאַנד, אָדער אין געהיים אין רוסלאַנד...

— און אַזעלכע ביכער זענען דאָ אין פאַרקויף אויך?

— יעצט וועט ער רעדן שטיל! — האָט זיך יעווסיי דער־מאַנט דעם אַלטנס טבע און ווידער זיך נישט טועה געווען.

דער אַלטער האָט אָנגעשטעלט די ברילן אויפן געלבס פּנים און כמעט ווי געשעפּטשעט:

— פאַרוואָס זאָל עס נישט זיין? טיילמאָל קומט אויס אָפּ־צוקויפן אַ גאַנצע ביבליאָטעק, אַ גאַנצן ראַמש, נו, איז דאָרט דאָ אַלץ, אַלצדינג.

— און יעצט האָט איר אַזוינע ביכער?

— ס'וועלן זיך געפינען אַ פּאָר...

— אַנו, ווייזט נאָר אַהער! — האָט דער געלער געבעטן.

— נאָר איך וועל אייך בעטן... האַלטן עס בסוד... איר ווייסט דאָך... נישט פון פאַרדינסט וועגן האַלט איך עס, נאָר מחמת דרך־ארץ... מע וויל צונויף קומען...

דער הויכער פאַרשוין האָט אויפגעהערט צו פּייפן, פאַררוקט זיך די ברילן אויף דער נאָז און באַטראַכט דעם אַלטן.

היינט איז דער באַלעבאָס געווען מוראַדיק איבלדיק יעוו־סייען; אַ גאַנצן טאָג האָט ער אים נאָכגעקוקט מיט קאַלטן, בעני־קענדיקן כעס, און אַצינד, אַז דער אַלטער איז אַוועק מיטן געלן אין ווינקל פון געוועלב ווייזן אים די ביכער, האָט יעווסיי פּלוצ־לינג, נישט ווילנדיק, אַרויסגעשעפּטשעט צום הויכן קונה

— די ביכער זאָלט איר נישט קויפן...

געזאָגט און אַ ציטער געטאָן אין שאַרפער שרעק. פון הינטער די ברילן האָבן אויף איך אַ קוק געטון אַ פּאָר לויטערע, פאַרזשמורטע אויגן.

— פאַרוואָס?

נישט מיטאמאָל, מיט גרויסער אָנשטרענגונג, האָט יעווסיי געענטפערט:

— כ׳ווייס נישט...

דער קונה האָט ווידער פאַריכט די ברילן, זיך אָפּגערוקט פון אים און אָנגעהויבן צו פייפן, געקוקט פונדערווייט אויפן אַלטן. דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אויסגעגלייכט, אויסגעוואָקסן, אַ גלעט געטאָן די גרויסע וואָנסעס און איז געמיטלעך צוגעגאַנגען צו זיין חבר, האָט אַרויסגענומען פון זיין האַנט דאָס בוך, אַריינגעקוקט און אַ וואָרף געטון אויפן טיש. יעווסיי האָט אים נאָכגעקוקט, געהאַרט, אַז עפּעס צעשמעטערנדיקס וועט דאָ באַלד געשען. נאָר דער הויכער האָט אָנגענומען דעם חבר פאַר דער האַנט און געזאָגט גלייך, רויק:

— נו, קום...

— און די ביכער? — האָט דער געלער אויסגערופן.

— קום... איך וועל דאָ נישט קויפן...

דער געלער האָט אַ קוק געטון אויף אים, דערנאָך אויפן באַלעבאָס, די קליינע אייגעלעך האָבן אָנגעהויבן צו פינטלען, און ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר.

— איר ווילט נישט? — האָט ראַספּאָפּאָוו געפרעגט. יעווסיי האָט דערקענט אין קול, אַז דער אַלטער וואונדערט זיך.

— כ׳וויל נישט! — האָט דער קונה געענטפערט, און עקשנותדיק אַריינגעקוקט דעם באַלעבאָס אין פּנים אַריין. דער אַלטער האָט זיך איינגעקורטשעט, איז אָפּגעטרעטן צום טיש, האָט אַ פּאָכע געטון מיט דער האַנט און עפּעס אויסטערליש אויסגערופן — מיט אַזאַ קול, וואָס יעווסיי האָט נאָך נישט געהערט:

— אייער ברירה, ר׳פאַרשטייט... פונדעסטוועגן, אַנטשולדיקט, פאַרשטיי איך דאָ נישט...

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? — האָט דער הויכער געפרעגט, שמייכלענדיק.

— זיך געגראַבלט העכער צוויי שעה... שוין מושווה געוואָרן — און דאָ — מיטאמאָל — פאַרוואָס? — האָט דער אַלטער שרעקעוודיק אויסגערופן.

— שוין כאָטש צוליב דעם, וואָס כ׳האָב מיך דערמאָנט אָן אייער עקלהאַפטן פּרצוף... איר זענט נאָך נישט געשטאָרבן? ס׳אַראַ שאָד!...

דער הויכער האָט אַרויסגערעדט אָט די ווערטער פּאַמעלעך נישט הויך, געציילט, און איז אַרויס פון געוועלב נישט געאיילט געשפּאַנט שווער, הילכיק.

אַ ווײַלע האָט אים דער אַלטער נאָכגעקוקט, דערנאָך זיך אַ ריס געטון פון אָרט, מיט קליינע טריטעלעך צוגעלאָפן צו יעווסייען, אָנגעכאַפּט אים בײַם אַקסל און אַרויסגעשעפּטשעט:

— גיי אים נאָך, ווער געוויער, ווו ער ווױנט — גיי! ער זאָל נישט זען, פאַרשטייסט, גיכער...

יעווסיי האָט זיך געוואַקלט אויף ביידע זײַטן און ער וואָלט זיכער אומגעפאַלן, ווען דער אַלטער וואָלט אים נישט אונטערגעהאַלטן. אין האַרץ איז אים געווען הויל, און דעם אַלטנס ווערטער האָבן דאָרט טרוקן געקנאַקט, ווי אַרבעס אין אַ בלעכענער פּושקע...

— וואָס ציטערסטו, בלייערנער פויגל? כ׳זאָג דאָך דיר...

ער האָט דערפילט, אַז דעם באַלעבאָס האַנט האָט אַרויסגעלאָזט דעם אַקסל און ער איז גיך אַוועקגעלאָפן צו דער טיר —

— שטיי.. אידיאָט...

פאַרהאַלטן פונם געשריי, איז ער געבליבן שטיין.

— וואו גייסטו... קאָנסט דען... אַ־אַך גאָט מײַנער... אַוועק פון מײַנע אויגן, דו...

יעווסיי איז אָפּגעשפּרונגען אין ווינקל. ס׳ערשטע מאָל האָט ער געזעען דעם באַלעבאָס אַזאַ בייזן, פאַרשטאַנען, אַז אין אָט דעם כּעס איז פאַראַן אַ סך שרעק — אַ געפיל, וואָס איז אים גוט באַקאַנט — און נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז אַליין געווען אַרומגענומען פון שרעק, האָט אים דאָך הנאה געטון דעם אַלטנס שרעק.

דאָס קליינע באַלעבעסל האָט זיך געוואָרפן אין געוועלב, ווי אַ מויז אין אַ פּולאַפּקע. ער איז צוגעלאָפן צו דער טיר, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אויף דער גאַס, אויסגעצויגן דעם האַלז־

צוריק אַריין אין געוועלב, זיך אַרומגעטאַפּט מיט די פאַרלוירענע מאַכּאָלזע הענט, געברומט און נעהעשעט, געצאַפּלט מיטן קאָפּ, אַז די ברילן זענען אים געשפּרונגען איבערן פּנים.

— נ-נאַ-אַ... אַ מנוול... אָ... אַ שטיק נבלה... איך לעב... לעב...

ין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער אויסגערופן צו יעווסייען:

- פאַרמאַך ס'געוועלב!

אַז ער איז אַריין צו זיך אין צימער, האָט ער זיך איבערגעצלמט, שווער אָפּגעזיפצט און זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן שוואַרצן דיוואַן. אַלעמאָל אַ גלאַטער, איז ער יעצט געווען איינגאַנצן באַדעקט מיט קנייטשן, דאָס פּנים האָט זיך אים צעקנייטשט, דאָס אָנטוועכטס איז מיטאַמאָל גרויס געוואָרן און געהאָנגען, ווי פאַסן, אויפן צעצאַפּלטן קערפּער.

— זאָג דער באַלעבאָסטע, זי זאָל מיר געבן בראָנפן... אַ גרויס גלעזל...

אַז יעווסיי האָט געבראַנגט בראָנפן, האָט זיך דער באַלעבאָס אויפגעהויבן, מיט איין שלוק עס אויסגעטרונקען, און ברייט עפּענענדיק ס'מויל, לאַנג געקוקט יעווסייען אין פּנים אַריין, און דערנאָך געפרעגט:

— פאַרשטייסט, אַז ער האָט מיך באַליידיקט

— יאָ — האָט יעווסיי געזאָגט.

— און פאַרוואָס — ווייסטו?

— ניין...

דער אַלטער האָט אויפגעהויבן די האַנט, שווייגנדיק געדראָט מיטן פינגער און מיט אַ צעבראָכן קול געזאָגט

— איך קען אים... איך קען אַ סך!

ער האָט אַראָפּגענומען דאָס שוואַרצע היטעלע, אויסגעווישט מיט די הענט דעם גלאַטן שאַרבן, אַרומגעקוקט דעם צימער, דערנאָך האָט ער אַרומגענומען די הענט מיטן קאָפּ און זיך געלייגט אויפן דיוואַן.

ראַיסאַ פּיאָטראָווגאַ האָט אַריינגעטראָגן וועטשערע, צעשטעלט די טעלערלעך אויפן טיש און געפרעגט ׳

— ר׳זענט מיד ?

— עפּעס נישט געזונט... אַ קדחת, דאַכט זיך... גיט מיר בראָנפן... זיצט נאָך מיט אונז, נאָך צו פרי אַוועקצוגיין...

געערדט האָט ער גיך. אַז ראַיסאַ האָט זיך געזעצט, האָט דער אַלטער אויפגעהויבן די ברילן און פאַרדעכטיק זי אָנגעקוקט פון אויבן ביז אַראָפּ.

ביים עסן האָט ער פּלוצלינג, אויפהייבנדיק דעם לעפל אינדערהייך, אָנגעהויבן צו רעדן :

— ס׳גלוסט זיך נישט צו עסן... כ׳וועל אייך דערציילן — ס׳איז געשען אַזאַ פּאַסירונג...

און אָנגעבויגן דעם קאָפּ איבערן טעלער, לאַנג געשוויגן, גלייך ער וואָלט זיך מישב געווען, צי ער זאָל דערציילן. דערנאָך האָט ער, אָפּזיפּצנדיק, געזאָגט :

— צומביישפּיל : ס׳לעבט אַ מענטש, ער האָט אַ ווייב, אַן אייגן הויז, אַ קליין הייזל, אַ סעדל און אַ גאָרטן. און אַ קו. אַלץ באַלעבאַטיש, נישט קאַרג... קומט צוגיין אַ יונגערמאַנטשיקל, אַן אייגעהויקערטס, אַ שווינדזוכטיקס, דינגט אַ צימער אויפן בוידעם, עסט צוזאַמען מיטאָג מיט די באַלעבאַטים... מיט די באַלעבאַטים...

ראַיסאַ האָט אויסגעהערט די מעשה רויק, אויפמערקזאַם, און יעווסייען איז געווען אומעטיק. ער האָט געקוקט אויף דער פרויס פּנים און עקשנותדיק זיך באַמיט צו פאַרשטיין, וואָס האָט אַזוינס געטראָפן היינט אין געוועלב. ס׳איז אים אויסגעקומען, גלייך ער וואָלט אומדערוואַרט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, און פון אָט דעם קליינעם פלעמל האָט פּלוצלינג ריזיק אויפגעפלאַמט עפּעס גאָר אַלטס, פון לאַנג פאַרטריקנטס, עפּעס האָט זיך מוראדיק צעפלאַקערט און שיער נישט פאַרברענט אים אַליין אין דעם אומגעריכטן בייזן פייער.

— מע דאַרף נישט רעדן ! — האָט ער געטראַכט.

— איר זענט עס געווען ?! — האָט ריאַסע געברעגט.

דער אַלטער האָט גיך אויפגעהויבן דעם קאָפּ

— פאַרוואָס עפּעס איך ?

זיך אַ קלאַפּ געטון מיט היץ אין האַרצן אַריין און בייז אויסגערופן:

— דאָ רעדט זיך נישט וועגן קיין מענטש, נאָר וועגן געזעץ. דאַרף אַ מענטש אונטערגעהאַלטן ס'געזעץ? יאָ מ'דאַרף. אָן געזעץ איז אוממעגלעך צו לעבן אויף דער וועלט... נאַרישע מענטשן זענט איר, מחמת דער מענטש איז אין אַלעמען ענלעך צו דער חיה. ער איז גיריק, בייז און אכזריותדיק.

דער אַלטער האָט זיך אונטערגעהויבן אויף דער שטול, אַריינגעשריגן ראַיסאַן אין פּנים אַריין די אַלע ווערטער, דער פּליך איז אים רויט געוואָרן. יעווסיי האָט געהערט זיינע געשרייען, אים נישט געגלייבט און געטראַכט וועגן דעם, אַז די מענטשן זענען צונויפגעבונדן־געפּענטעט מיט אומגעזעענע פּעדעם. אויב מע זאָל נישט ־ ווילנדיק פּאַרטשעפּען עטוואָס אַזאַ פּאָדעם, רייסט זיך דער מענטש, בייזערט זיך, שרייט... און צו זיך האָט ער גערעדט:

— פּאָרזיכטיקער!

— ווערטער ברענגען נישט קיין שאָדן, אויב מע הערט זיי נישט. נאָר אַז ער האָט אָנגעהויבן איר צו פּאַראומערן די נשמה.. און זי איז אַ פרוי אַ יונגע, אַ נאַיווע... און ער, דער פרייער, וועלכער... וועלכער האָט היינט..

דער אַלטער איז פּלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן און אָנגעקוקט יעווסייען. דערנאָך האָט ער שטיל און פּאָרזיכטיק בעפרעגט:

— וועגן וואָס קלערסטו?

יעווסיי איז אויפגעשטאַנען און אומעטיק געענטפערט:

— איך קלער גאָרנישט...

— נו, גיי שוין... האָסט אָפּגעגעסן, טאָ גיי! רוים אויף דאָס געפּעס.

יעווסיי האָט געוואָלט אָפּטון דעם באַלעבאָס עפּעס אַ צו־להכעיס, האָט ער בכיוון אויפגערוימט ס'געפּעס פּאַמעלעך. דאַן האָט דער באַלעבאָס קווייטשנדיק אויסגערופן:

— גיי, זאָג איך דיר! אַך, ס'אַרע אידיאָט!

יעווסיי איז אַרויס, זיך געזעצט אויף דער קאַמאָדע; די טיר האָט ער צוגעמאַכט נישט שטאַרק, און ער האָט געהערט דעם באַלעבאָס גיכע דערציילונג:

— זענען זיי נאָך אים געקומען ביינאַכט. זי האָט זיך דערשראָקן, געפּלאָנטערט, פאַרשטאַנען, אין וואָס פאַרא מעמד די דאָזיקע מענטשן לאָזן זי יעצט... יאָ, זאָג איך איר...

— איז זענט איר דאָס געווען? — האָט ראַיסאַ הויך געפרעגט.

דער אַלטער האָט אָנגעהויבן צו רעדן שטיל, כמעט געשעפּטשעט. דערנאָך האָט זיך דערהערט ראַיסאַס קול

— ר' אי' געשטאָרבן?

— איז וואָס? — האָט דער אַלטער גערייצט געענטפערט — פון שווינדזוכט הײלט מען זיך נישט אויס... אַלץ איינס!

יעווסיי איז געזעסן אויף דער קאַמאָדע, זיך געשאָקלט, הערנדיק דעם שטילן גערויש פון די ווערטער

— וואָס זיצסטו?

ער האָט זיך אויסגעדרייט. אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פון דער טיר, האָט אויף אים געקוקט דער אַלטער.

— לייג דיך שלאָפן!

דעם באַלעבאָס פּנים איז פאַרשוואונדן געוואָרן, די טיר האָט זיך פעסט צוגעמאַכט, יעווסיי האָט זיך געלייגט און געטראַכט:

— ווער האָט דאָס געקאָנט שטאַרבן?

דעם אַלטנס טרוקענע ווערטער האָבן זיך געשאָטן, געשאָטן, ווי האַרבסט - בלעטער אויף אַ קבר. יעווסיי האָט אַלץ קלערער דערפילט, אַז ער געפינט זיך אין אַ פינסטערן ראָד פון אומאָנגענעמע סודות. טיילמאָל האָט זיך דער אַלטער געבייזערט, געשריגן — דאָס האָט געשטערט יעווסייען אי צו טראַכטן, אי צו שלאָפן. ס'איז געווען אַ רחמנות אויף ראַיסאַן, וואָס זי האָט אַזוי געשוויגן, נישט געענטפערט אויף די געשרייען. אָט איז זי, לסוף, שוין אַריבער צו זיך אין קיך אַריין. עטלעכע מינוט איז אין באַלעבאָס צימער אומבאַוועגלעך געשטאַנען אַ שטילקייט, און

דערנאָך האָט זיך שוין ווידער דערהערט זיין קול, נאָר שוין גלייכמעסיק, ווי אַלעמאָל:

— געליובט איז דער מענטש, וואָס גייט נישט נאָך דער ראָט פון נישט־ערלעכע און אויפן וועג פון זינדיקע טוט ער נישט.

אונטער אָט די זיכערע רייד איז יעווסיי אַנטשלאָפן געוואָרן.

אינדערפרי האָט אים ראַיסאַ ווידער גערופן צו זיך, און אַז ער האָט זיך געזעצט, האָט זי מיט אַ שמייכל געפרעגט:

— דו ווייסט, ווער ער איז?

— ניין

— אַ שפּיאָן! — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן און די אויגן האָבן זיך איר דערשראָקן אויפגעפּראַלט.

יעווסיי האָט געשוויגן. זי איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו אים און, גלעטנדיק איבערן קאָפּ, פאַרטראַכט און צאַרט געזאָגט:

— ווי דו ביסט מיר אַ שאָד... פאַרשטייסט גאָרנישט... ביסט אַזאַ קאָמישער... וואָס אַזוינס האָסטו מיר געזאָגט? ס'איז אַ אַנדער לעבן?

די פראַגע האָט אים אויפגעלעבט, ער האָט שטאַרק געוואָלט רעדן וועגן דעם. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט איר אין פּנים אַריין מיטן אָפּגערונטלאָזן בליק פון די נישט־רייפע אויגן, גיך אָנגעהויבן צו דערציילן

— פאַרשטייט זיך, פאַראַן אַ צווייט לעבן... פונוואַנען דען זענען די מעשהלעך? און נישט נאָר די מעשהלעך...

די פרוי האָט, לאַכנדיק, אים געשויבערט די האָר מיט די וואַרעמע פינגער:

— ביסט אַ נאַרעלע..

און ערנסט, שטרענג אפילו, צוגעגעבן:

— מע וועט דיך כאַפּן, אַהעקפירן וואו מע וויל און טוען מיט דיר, וואָס מע וויל — אָט דאָס איז ס'גאַנצע לעבן.

יעווסיי האָט שווייגנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, איינגעגאַנגען אויף אירע ווערטער. זי האָט אָפּגעזיפצט, אַ קוק געטון פון פענ־סטער אויף דער גאַס, און אַז זי האָט זיך נאָכאַמאָל אויסגעדרייט צו יעווסייען, האָט איר פּנים אים איבערראַשט — עס איז געווען רויט, די אויגן זענען עפּעס קלענער געוואָרן, פינסטערער. זי האָט געזאָגט מיט אַ פול און טעמפּ קול:

— ווען דו וואָלסט געווען... קליגער, שטאַרקער, וואָלט איך דיר נאָך, אפשר, עפּעס דערציילט. נאָר דו ביסט אַזעלכער. אַז דערציילן אַפילו קאָן מען דיר נישט... און דיין באַלעבאָס דאַרף מען דערשטיקן... גיי, פאַרמסר פאַר אים, וואָס איך זאָג... דו פאַרמסרסט דאָך פאַר אים אַלץ, יאָ.

יעווסיי האָט זיך אויפגעהויבן פון דער שטול, באַגאָסן מיט קאַלטער באַליידיקונג, און אָנבויגנדיק דעם קאָפּ, אַ ברום געטון:

— איך וועל וועגן אייך קיינמאָל נישט דערציילן... קיינעם נישט... איך האָב אייך זייער ליב, און... ווען איר זאָלט אים אַפילו דערשטיקן... איז מיר אויך אַלץ איינס! אַזוי ליב האָב איך אייך...

ער איז, וואַקלענדיק זיך, צוגעגאַנגען צו דער טיר, נאָר אירע הענט, ווי וואַרעמע ווייסע פליגל, האָבן אים אַרומגענומען, צוריק אויסגעדרייט.

— איך האָב דיך באַליידיקט? — האָט ער געהערט. — נו, זיי מוחל... ווען דו וואָלסט וויסן, ס׳אַראַ מנוול דאָס איז, ווי ער פייניקט מיך... און איך האָס אים... אַך, דו...

זי האָט פעסט צוגעדריקט זיין פּנים צו איר ברוסט און צוויי מאָל אַ קוש געטון.

— האָסטו מיך ליב, הייסט עס?

— יאָ, — האָט יעווסיי געמורמלט, געפילט, אַז ער דרייט זיך שווימענדיק אין הייסן שטורעם פון אומבאַוואוסטער פרייד.

— ווי אַזוי?

— כ׳ווייס נישט... כ׳האָב אייך שטאַרק ליב...

זי האָט געשמייכט און אים געגלעט, געזאָגט:

— ווען מיר דערציילן... אך, דו... יונגאטש...

ביים אראפגיין פון די טרעפ, האט ער געהערט איר האר ציק געלעכטער און געשמייכלט צו זיך. דער קאפ האט זיך אים געדרייט, דער גאנצער קערפער איז געווען אנגעגאסן מיט זיסער מידקייט; ער איז געגאנגען שטיל און פארזיכטיק, גלייך ער וואלט מורא געהאט צו צעיאגן די הייסע פרייד פון הארצן.

— פארוואס אזוי לאנג? — האט דער באלעבאס געפרעגט.

יעזוסיי האט אויף אים א קוק געטון, נאר דערזעען פאר זיך עפעס אן אומעטיקן פלעק אן א פארם.

— דער קאפ טוט מיר וויי! — האט ער פאמעלעך גע ענטפערט.

— מיר אויך... וואס הייסט דאס?.. ראיסא איז שוין אויפ געשטאנען?

— יא...

— גערעדט מיט איר?

— יא - א...

— וועגן וואס? — האט דער באלעבאס גיך געפרעגט.

די פראגע האט גלייך ווי א שמיץ געטאן יעזוסייען איבערן פנים, ער האט זיך געכאפט און פויל געענטפערט:

— זי האט געזאגט, אז איך רוים שלעכט צו די קיך...

נאך עטלעכע סעקונדן האט יעזוסיי דערהערט דעם אלטנס א שטילן און פאראומערטן וויטן אפקלאנג:

— דאס איז א געפערלעכע פרוי... אן אשה רעה... יא, יא... זי פרעגט זיך צופיל נאך, הייסט זיך דערציילן אזעלכע זאכן, וואס זי דארף נישט וויסן...

יעזוסיי האט פונדערווייטנס אויף אים א קוק געטון און צו־געוואונטשן:

— פגרן זאלסטו...

# V

טעג זענען געלאָפן גיך, ווי אַ פונאַנדערגעטריבענער פאַר־פלאָנטערטער המון, גלייך ס׳וואָלט זיי פון פאָרנט דערוואַרט עפּעס אַ פרייד, נאָר יעדער טאָג איז געוואָרן וואָס מער שרע־קעוודיקער.

דער אַלטער איז געוואָרן אָפּגעזונדערט, שווייגנדיק, מאָדנע פלעגט ער זיך אַרומקוקן, אָפט וויינען, שרייען, בייזערן זיך מיטן שרעקעוודיקן וואָי פון אַ קראַנקן הונט...

ער האָט זיך אָפט געקלאָגט אויף קאָפּ־ווייטאָק, ס׳פלעגט אים אָפט נישט־גוט ווערן, ביים מיטאָג האָט ער פאַרדעכטיק אַרומגעשמעקט דאָס עסן, געשניטן מיט ציטערנדיקע פינגער דאָס ברויט אויף פיצלעך, טיי און בראָנפן האָט ער באַטראַכט אויך. דער ליכטיקייט. אין די אָוונטן פלעגט ער אַ סך עפּעס זידלען ראַיסאַן, געסטראַשעט, אַז ער וועט זי אומגליקלעך מאַכן. זי האָט געענטפערט אויף זיינע געוואַלדן רויק, ווייך, און יעווסייס ליבע צו איר און די שנאה צום באַלעבאָס, אַזאַ אומעטיקע, שטענדיקע איז געוואָקסן.

— מיינסט, אַז איך ווייס נישט, וואָס דו האָסט צוגעטראַכט, נבלה! — האָט דער אַלטער געשריגן ווייטיקלעך און בייז. — פון וואָס בין איך קראַנק? מיט וואָס פאַרסמסטו מיך?

— וואָס רעדט איר! — האָט זי אויסגערופן, און איר רויק קול האָט ציטערנדיק געקלונגען. — איר ווערט קראַנק פון אַלטקייט.

— זאָגסט ליגן, זאָגסטו!

— און פון שרעק אויך...

— אַך, דו פאַרשאָלטענע, שווייג!

— שווערע יאָרן אויף אייך...

— זאָגסט ליגן!

— ס׳איז שוין צייט, איר זאָלט אַ טראַכט טון וועגן טויט..

— אהאַ, אָטאָ דאָס ווילסטו? זאָגסט ליגן! האָסט נישט אויף וואָס צו האָפן. נישט איין סוד דיינעם קען איך זייער גוט... איך האָב דאָרימיעדאָנטן דערציילט וועגן דיר...

און ווידער זיך צעוואָיעט, טרערנדיק און הויך

— איך ווייס — ער איז דיין ער האָט עס דיך אָנגערעדט, זאָלסט מיך פאַרסמען. דו מיינסט, אַז ביי אים וועט דיר זיין בעסער? יאָ? זאָגסט ליגן — ס'וועט נישט זיין! ס'וועט נישט זיין!

און געשען איז אַזוי: אין אַ פינסטערער שעה פון איינער אַזאַ ענלעכער סצענע, איז ראַיסאַ אַרויס פון אַלטן מיט אַ ליכט אין דער האַנט, אַ האַלבנאַקעטע, אַ ווייסע און אַזאַ שיינע: זי איז געגאַנגען, ווי אין חלום, זיך געוואַקלט אין גאַנג, נישט זיכער און אָנמעכטיק געשאַרט מיט די באָרוועסע פיס איבער דער פאָדלאָגע; די אויגן האָט זי געהאַלטן האַלבפאַרמאַכט, די פינגער פון דער אויסגעשטרעקטער רעכטער האַנט האָבן זיך קראַמפּהאַפטיק באַוועגט, געוואָלט כאַפּן לופט. דער פלאַם פונם ליכט האָט זיך געלעקט צו איר ברוסט, דאָס רויטע, רויכיקע צינגל האָט שוין אָנגערירט דאַס העמד, באַלייכטנדיק מיד אין ווייטיקלעך די געעפנטע ליפּן און געגלאַנצט אויף די ציין.

אַז זי איז פאַרביי יעשוסייען און אים נישט באַמערקט, האָט ער זיך נישט ווילנדיק געלאָזט נאָך איר, איז צוגעגאַנגען צו דער קיך-טיר, אַריינגעקוקט אַהער און איז פאַרשטיינערט געוואָרן פון שרעק: זי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס ליכט איפן טיש, און אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ ריזיק קיך-מעסער און מיטן פינגער געפּרוווט זיין שאַרפקייט. דערנאָך האָט זי אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, צוגערירט זיך מיט די הענט צו איר פולן האַלז לעבן אויער, געזוכט עפּעס דאָרט מיט די לאַנגע פינגער, שווער אָפּגעזיפצט, שטיל אַנידערגעלייגט דאָס מעסער אויפן טיש, און די הענט האָבן זיך איר אַראָפּגעלאָזט.

יעשוסיי האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים ביישטידל, זי האָט אויפגעציטערט, זיך אויסגעדרייט און מיט אַ בייזן מורמל געפרעגט:

— וואָס דאַרפסטו דאָ?

קוים עטעמענדיק, האָט יעווסיי געענטפערט:

— ער וועט אײַנגיכן שטאַרבן... פאַרוואָס טוט איר אַזוי! כ'בעט אײַך, מען דאַרף זיך נישט...

— ש-ש! — האָט זי אים איבערגעהאַקט, און אָנלענענ־דיק זיך אָן יעווסייען, איז זי צוריק אַרײַן צום אַלטן אין צימער.

און דער אַלטער האָט שוין אײַנגיכן נישט געקאָנט זיך אויפהייבן פון בעט, דאָס קול איז אים אָפּגעשוואַכט און הייזעריק געוואָרן, דאָס פּנים שוואַרץ, דער אָנמעכטיקער האַלז האָט שוין נישט געקאָנט האַלטן דעם קאָפּ און דאָס גרויע קופּקעלע האָר אויף דער גאָמבע האָט מאָדנע געשטאַרצט אַרויף. יעדן טאָג פלעגט קומען דער דאָקטאָר, און יעדעס מאָל, ווען ראַיסאַ פלעגט געבן דעם חולה דעם רעצעפּט, האָט דער אַלטער געכאָרכלט און גע־העטעט:

— מיט סם, האַ? אָ-אָ, נבלה...

— אויב איר ווילט נישט טרינקען, וועל אי ך אויסטרינ־קען! — האָט די פרוי שטיל געזאָגט.

— ניין... ניין, לאָז איבער... מאָרגן וועל איך רופן פאָלי־ציי... איך וועל זי פרעגן, מיט וואָס דו סמסט מיך...

יעווסיי איז געשטאַנען בײַ דער טיר, צוגעשטעלט צו דער שפּאַרונע אַמאָל אַן אויג, אַמאָל אַן אויער, כמעט ביז טרערן זיך געוואונדערט אויף ראַיסאַס געדולדיקייט, אין זײַן ברוסט האָט זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער צעוואָקסן דאָס רחמנות צו איר, דער שאַרפער פאַרלאַנג, אַז דער אַלטער זאָל שטאַרבן. און ס'איז אים געווען אַזוי שווער צו עטעמען, ווי אין אַ טרוקענעם, פראָסטיקן טאָג...

דאָס בעט האָט אַ סקריפּע געטון און אַ דינער קלאַנג פון אַ לעפל אָן אַ גלאָז האָט געציטערט.

— מיש פאַנאַנדער, מיש פאַנאַנדער, נבלה! — האָט דער אַלטער געברומט.

— טראָג מיך אַראָפּ אויפן דיוואַן! — האָט ער אײַנמאָל באַ־פוילן.

ראיסאַ האָט אים גענומען אויף די הענט און לייכט, ווי אַ קינד, אַראָפּגעטראָגן. זיין געל פּנים איז איר געלעגן אויף איר רויזן אַקסל, די שוואַרצע, טרוקענע פּיס האָבן זיך געוויגט, זיך געפּלאָנטערט אין די ווייסע גאַסקעס.

— גאַטעניו... — האָט ער זיך צעוואָיעט, ווען ער האָט זיך צעלייגט איבערן ברייטן דיוואַן, — גאָטעניו, פאַרוואָס האָסטו דיין קנעכט איבערגעגעבן אין אַזוינע זינדיקע הענט? זענען דען מיינע עבירות שווערער פאַר זייערע, אַלמעכטיקער? און צי איז שוין געקומען די שעה פון מיין טויט?...

ער האָט זיך פאַרכליפּעט, זיך צעכריפּעט און מיט אַ פייפנדיק קול ווייטער גערעדט:

— אַוועק פון מיר! האָסט פאַרסמט איינעם... איך האָב דיך געראַטעוועט פון קאַטאָרגע, און יעצט טוסטו מיר... אַ - אַ!.. זאָגסט ליגן...

ראיסאַ איז פאַמעלעך אַוועק אָן אַ זייט, יעזוסיי האָט געזען דעם באַלעבאָס קליין, טרוקן קערפּערל, דער בויך האָט זיך אים אָנגעבלאָזן און אָפּגעפאַלן, די פיס האָבן זיך געפּלאָנטערט, אויפן גרויען פּנים האָבן זיך קראַמפּהאַפטיק געקרימט די ליפּן, ער האָט זיי געעפנט און צוגעמאַכט, גיריק געכאַפּט די לופט און זיך באַלעקט מיטן דאַרן צינגל, געעפנט די שוואַרצע גרוב פון מויל. דער שטערן און די באַקן, פייכט פון שווייס, האָבן געגלאַנצט, די קליינינקע אייגעלעך האָבן יעצט אויסגעזען גרויס, טיף און אומאויפהערלעך נאָכגעקוקט ראיסאַן.

— און קיינעם האָב איך נישט... נישטאָ קיין איין נאָענטער מענטש אויף דער וועלט... נישטאָ קיין איין געטרייער פריינט... פאַרוואָס? אָ, גאָטעניו!

דעם אַלטנס קול האָט געפּייפט און זיך איבערגעבראָכן.

— דו, אויסגעלאַסענע... שווער זיך פאַר דער איקאָנע, אַז פאַרסמסט מיך נישט...

ראיסאַ האָט זיך אויסגעדרייט אין ווינקל און זיך איבערגעצלמט.

— כ׳גלייב נישט... כ׳גלייב נישט! — האָט ער אַרויסגעמורמלט, געכאַפּט און געריסן מיט די הענט די ברוסט, די וועש, דעם דיוואַן.

— טרינקט שוין אויס, ס׳וועט בעסער ווערן! — האָט ז׳ פּלוצלינג אויסגעשריגן.

— בעסער... — האָט ער נאָכגעזאָגט. — ליבינקע מײַנע. אײַנציקע מײַנע... איך וועל דיר אַלץ אָפּגעבן... ליבינקע.. ראַיסאַ...

ער האָט אויסגעצויגן צו איר די בײַנערדיקע האַנט און זי גערופן צו זיך, באַוועגט מיט די שוואַרצינקע פינגער.

— אַך, ביסט מיר מיאוס געוואָרן, פאַרשאָלטענער דו! — האָט ראַיסאַ אויסגעשריגן מיט אַ פאַרשטיקט קול, — און זי האָט אַרויסגעכאַפּט אַ קישן פון הינטער זײַן קאָפּ, געוואָרפן עס דעם אַלטן אין פּנים אַרײַן, אַרויפגעוואָרפן זיך אויף אים מיט דער ברוסט, אָנגעכאַפּט די דאַרע הענט, וואָס האָבן געשטאַרצט אין דער לופטן.

— מיאוס געוואָרן... דערעסן... גיי צו אַל׳דע רוחות, גיי... גיי...

יעסוויי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. ער האָט געהערט אַ פאַרשטיקטן כאָרכל, אַ שטילן קוויטש, טעמפּע קלעפּ, פאַרשטאַנען, אַז ראַיסאַ שטיקט דעם אַלטן און אַז ער קאָפּעט מיט די פיס אויפן דיוואַן, — ער האָט נישט געפילט נישט קיין רחמנות, נישט קיין שרעק, נאָר געוואָלט, אַז אַלץ זאָל געשעען גיכער, און זיך פאַרדעקט מיט די הענט די אויגן און די אויערן.

ער האָט באַקומען אַ זעץ אין דער זייט מיט דער טיר פון באַלעבאָס צימער — ער איז אויפגעשפּרונגען, פאַר אים איז געשטאַנען ראַיסאַ, פאַרריכט די האָר, וואָס זענען איר געווען צעפּלוישט איבער די אַקסלען.

— נו, ׳סט געזען? — האָט זי שטרענג געפרעגט.

דאָס פּנים איז איר געווען רויט, נאָר שוין רויק. די הענט האָבן נישט געציטערט.

— געזען! — האָט יעווסיי געזאָגט, אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, און זיך נענטער צוגערוקט צו ראַיסאַן.

— אָט, ווילסט — פאַרמסר מיך פאַר דער פּאָליציי...

זי האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק צו זיך אין צימער, געלאָזט אָפן די טיר, און יעווסיי איז געבליבן שטיין בײַ דער טיר, זיך באַמיט נישט צו קוקן אויפן דיוואַן און שטיל געפרעגט:

— ער איז אינגאַנצן טויט?

— יאָ! — האָט זי גיך געענטפערט.

יעווסיי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, מיט מיטליידלאָזע אויגן אַ קוק געטון אויפן באַלעבאָס קליינעם קערפּער; ס'האָט אויסגעזען, אַז ס'איז צוגעקלעפּט צום קליינעם דיוואַן, פלאַך און טרוקן. ער האָט אַ קוק געטון אויף אים, אויף ראַיסאַן און אָפּגעזיפצט.

אין ווינקל, בײַם בעט, האָט דער וואַנטזייגער נישט אַנטשלאָסן און נישט הויך אויסגעשלאָגן איינס — צוויי. די פרוי האָט צוויי מאָל איפּגעציטערט, איז צוגעגאַנגען, האָט אָפּגעשטעלט די הינקענדיקע באַוועגונג פונם אומרו מיט אַ נישט זיכערער האַנטבאַוועגונג און זיך געזעצט אויפן בעט. זי האָט אָנגעלענט די עלנבויגנס אָן די קני, צענויפגעדריקט דעם קאָפּ מיט די פויסטן, די האָר האָבן זיך איר ווידער צעפלוישט, אַרומגעהילט די הענט, פאַרדעקט דאָס פּנים, ווי אַ געדיכטער, פינסטערער פוירהאַנג.

קוים אָנגערירט די פּאָדלאָגע מיט די פינגער פון די באָרוועסע פיס, כדי נישט צו שטערן אָט די שטרענגע שטילקייט, איז יעווסיי צוגעגאַנגען צו ראַיסאַן און זיך אַוועקגעשטעלט לעבן איר, שווייגנדיק און טעמפּ געקוקט אויף איר ווייסן, קיילעכדיקן אַקסל.

איר פּאָזע האָט געוועקט בײַ אים דעם פאַרלאַנג צו זאָגן איר עפּעס אַ טרייסט - וואָרט, און ער האָט נישט הויך, ערנסט געזאָגט:

— אַזוי איז אים טאַקע געקומען...

די שטילקייט ארום האָט אַ ציטער געטון און איז ווידער אָפּגעשטאָרבן, זיך איינגעהערט, דערוואַרט עפּעס.

— עפן דאָס פענסטער! — האָט ראַיסאַ שטרענג געזאָגט. נאָר אַז יעווסיי איז פון איר אַוועקגעגאַנגען, האָט זי אים אָפּגע־שטעלט מיט אַ שטיל קול:

— האָסט מורא?

— ניין!

— פאַרוואָס? ביסט דאָך אַ שרעקעוודיקער.

— מיט אייך האָב איך נישט קיין מורא...

— ער איז דיר אַ שאָד?

— ניין...

— עפן דאָס פענסטער!

נאַכט־קעלט האָט זיך אַריינגעריסן אין צימער און אין אים אַרומגעפלויגן, פאַרטשעפעט דאָס פייער אין לעמפּל. איבער די ווענט זענען גיך אַרומגעשפּרונגען שאָטנס, נעלם געוואָרן. די פרוי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, פאַרוואָרפן די האָר אויף די אַקסלען, זיך אויסגעגלייכט, אַ קוק געטון אויף יעווסייען מיט די גרויסע אויגן און אומצופרידנשלאָסן געפליסטערט:

— מיט וואָס פאַטער איך מיינע יאָרן? ס'גאַנצע לעבן אָט אַזוי — פון איין גרוב אין אַנדערן אַריין... אייגער טיפער פון אַנדערן...

יעווסיי האָט זיך ווידער אַוועקגעשטעלט לעבן איר און ביידע האָבן לאַנג געשוויגן. לסוף האָט זי אים אַרומגענומען פאַר דער טאַליע מיט אַ ווייכער, נאָר קאַלטער האַנט, צוגעדריקט אים צו זיך און שטיל געפרעגט:

— הער נאָר, וועסט עמעצן דערציילן וועגן דעם?

— ניין — האָט ער געענטפערט און פאַרמאַכט די אויגן.

— וועסט נישט דערציילן? קיינעמען? קיינמאָל נישט? — האָט זי פאַרטראַכט געפרעגט.

— קיינמאָל נישט! — האָט ער נאָכגעזאָגט שטיל, נאָר פעסט.

— אַז וועסט נישט אויסזאָגן, וועל איך דיר צונויף קומען, — האָט זי צאַרט צוגעזאָגט, גלעטנדיק אים איבער די באַקן.

זי איז אויפגעשטאַנען, זיך אַרומגעקוקט און זאַכלעך באַמערקט:

— טו זיך אָן, סאיז קאַלט! און מ'דאַרף אַביסל אויפּרוימען ס'צימער... גיי, טו זיך אָן!

אַז ער האָט זיך אומגעקערט, האָט ער געזעען, אַז דעם באַלעבאָס טויטער קערפּער איז איבערגעדעקט מיט אַ לייַלעך, און ראַיסאַ איז געבליבן, ווי געווען, האַלב־אָנגעטון, מיט נאַקעטע אַקסלען. דאָס האָט אים געריִרט. זיי האָבן לאַנג, נישט געאיילט, אויפגערוימט דאָס צימער, שווייגנדיק און ערנסט געקוקט איינער אויפן אַנדערן, און יעווסיי האָט געפילט, אַז אָט דאָס שטומע געשעעניש בייַנאַכט, אין ענגן צימער, פאַרבינדט אים פעסט מיט אָט דער פרוי, וואָס איז אויך אַזוי איינזאַם, ווי ער און וואָס ווייס אויך, ווי ער, שרעקלעכע זאַכן. ער האָט זיך כסדר באַמיט צו האַלטן זיך נאָענט אָן איר, אויסגעמיטן צו קוקן אויפן באַלעבאָס קערפּער.

ס'האָט געשאַריִעט אויף טאָג. ראַיסאַ האָט זיך צוגעהערט צו די קלאַנגען פון דער שטאָט און פון הויז, וואָס האָט זיך יעצט אויפגעכאַפּט, און דערנאָך, זיפצנדיק, אַ וואונק געטון צו יעווסייען:

— יעצט גיי, לייג זיך, ווער אַנטשלאָפן. איך וועל דיך באַלד אויפוועקן און אַוועקשיקן מיט אַ צעטעלע צו דאָרים־עדאָנט לוקיטשן. גיי...

זי האָט אים באַגלייט ביז דער קאָמאָדע, אויף וועלכער ער פלעגט שלאָפן, אָנגעטאַפּט מיט דער האַנט דאָס געלעגער און געזאָגט:

— אַי, ווי האַרט מוז דיר זיין...

און אַז ער האָט זיך געלייגט, האָט זי זיך אַנידערגעזעצט אויף דער קאָמאָדע, געגלעט אים דעם קאָפּ און די אַקסלען מיט דער ווייכער און גלאַטיקער האַנט, און, זינגענדיק, שטיל גערעדט:

— וועסט אים אָפּגעבן ס'צעטעלע. און טאָמער וועט ער דיך פרעגן, ווי אַזוי דער טויט איז געקומען, זאָלסטו זאָגן, אַז דו ווייסט נישט... אַז ביסט געשלאָפן און גאָרנישט געזעען...

די איז אנטשווּיגן געוואָרן, צעטויפגעצויגן די ברעמען. פון מידקייט, פון וואַרעמקייט פון פּרוויאישן קערפּער און פון די גלאַטע רייד, האָט יעוּוסיי אָנגעהויבן צו דרעמלען.

— ניין! — האָט זי געזאָגט. — ס'טויג נישט. זאָלסט בעסער אַזוי זאָגן —

און רויק און גענוי האָט זי אים געלערנט, ווי אַזוי ער זאָל רעדן, און איר צערטלעכקייט, די וואַרעמע און זיסע, האָט אין אים דערוועקט אַ דעראינערונג וועגן דער מוטער. ס'איז אים גוט געווען. ער האָט געשמייכלט.

— דאָרימיעדאָנט איז אויך אַ שפּיאָן... — האָט ער געהערט אַן איינשלעפערנדיק, שווימענדיק קול. — גיב אַכטונג, זיי פאַרזיכטיק... אויב ער וועט פון דיר עפּעס געוואויער ווערן, וועל איך זאָגן, אַז דו האָסט וועגן אַלץ געוואוסט און מיר דערין געהאָלפן — וועט מען דיך אויך איינזעצן אין תּפיסה.

יעצט האָט זי אויך געשמייכלט און איבערגעחזרט:

— אין תּפיסה, און דערנאָך אויף קאַטאָרגע... פאַרשטייסט?

— יאָ! — האָט יעוּוסיי שטיל און גליקלעך געענטפערט און געקוקט איר אין פּנים אַריין מיט אַנטשלאָפענעוודיקע אויגן.

— שלאָפסט? גוּ, שלאָף...—האָט ער, אַ גליקלעכער און דאַנקבאַרער, געהערט דורכן דרימל. — וועסט פאַרגעסן אַלץ, וואָס איך האָב געזאָגט?.. ס'אַרא שוואַכינקער דו ביסט... אַזאַ דאַרינקער... שלאָף!

ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

נאָר אינגיכן האָט אים אויפגעוועקט אַ שטרענג קול:

— ייִנגל, הייב דיך אויף, גיכער, הערי... ייִנגל!

ער האָט זיך אַ טרייסל געטון מיטן גאַנצן קערפּער, אויסגעצויגן פאַר זיך די הענט. ביים בעט איז געשטאַנען דאָרימיעדאָנט מיט אַ שטעקן אין דער האַנט.

— וואָס שלאָפסטו, וואָס? דער באַלעבאָס איז דיר אָפּגעשטאָרבן, און דו שלאָפסט!

— ער איז מיד, אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר דאָך נישט געשלאָפן! — האָט ראַיסאַ געזאָגט.

זי האָט אַרויסגעקוקט פון קיך — אין אַ הוט, מיט אַ שירעם אין דער האַנט.

— מיד! אין טאָג פון וואוילטעטערס טויט דאַרף מען וויינען, נישט שלאָפן... טו דיך אָן!

דעם שפּיאָנס פּנים איז געווען שטרענג, זיינע ווערטער האָבן באַפּעלעריש געווירקט אויף יעווסייען און געקערפּעוועט, ווי לייצעס מיט אַ פערד.

— לויף צו דער פּאָליציי, יינגל... נאַדיר אַ צעטל, פאַרליר נישט!

אין האַלבבאַוואוסטן צושטאַנד האָט זיך יעווסיי פּויל אָנגעטון, איז אַרויס אויף דער גאַס, זיך געשטאַרקט צו עפענען די אויגן און איז געלאָפן איבערן טראָטואַר, אָנשטויסנדיק זיך אָן די פאַרבייגייער.

— מע זאָל אים נאָר וואָס גיכער באַגראָבן! — האָט ער צוזאַמענהאַנגלאָז און שרעקעוודיק געטראַכט. — דאָרימיעדאָנט וועט זי אָנשרעקן, וועט זי נאָך נעמען און אים אַלץ דערציילן... דעמאָלט וועט מען מיך נאָך איינזעצן.... אויב צוזאַמען מיט איר — וואָלט'ך נישט מורא געהאַט... און זי איז אַליין אַראָפּ נאָך אים... מיך האָט זי נישט געשיקט, נישט געוואָלט אויפוועקן... אָדער זי האָט מורא... ווי אַזוי וועל איך ווייטער לעבן?...

אַז ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים, איז שוין דאָרט געזעסן אַ שווארצבערדיקער פּאָליציי־באַאַמטער און עפּעס אַ גרויער זקן אין אַ לאַנגן פראַק, און דאָרימיעדאָנט האָט גערעדט צום פּאָליציי־באַאַמטן מיט אַ באַפּעלעריש קול:

— איר הערט, איוואַן איוואַנאָוויטש, וואָס דער דאָקטאָר זאָגט? אַ ראַק, הייסט עס... אַהאַ! אָט איז דאָס יינגל, — הער, יינגל, גיי ברענג אַ האַלב טוץ ביר, גיכער!

ראַיסאַ האָט אין קיך געוואַרעמט קאַווע און געפּרעגלט אייער. די אַרבל זענען ביי איר געווען הויך פאַרשאַרצט, די ווייסע הענט האָבן גיך און פלינק געאַרבעט.

— וועסט קומען, וועל איך דיר געבן קאַווע! — האָט זי צוגעזאָגט, שמייכלענדיק.

אַ גאַנצן טאָג, ביז נאַכט, איז ער אַרומגעלאָפן, איינ-געגנצן זיך פאַרלוירן אין דער בהלה, נישט געהאַט קיין צייט צו זעען, וואָס טוט זיך אינדערהיים, נאָר געפילט, אַז אַלץ גייט פאַר ראַיסאַן אין אָרדענונג. יענעם טאָג איז זי געווען שענער, ווי תמיד, און אַלע האָבן אויף איר געקוקט מיט הנאה.

און אינאָווענט, אַז ער איז, קראַנק פון מידקייט, געלעגן אין בעט און געפילט אין מויל עפּעס אַן אומאָנגענעמען, קלעבע-דיקן טעם, האָט ער געהערט, ווי דאָרימיעדאָנט האָט שטרענג און באַפעלעריש גערעדט צו ראַיסאַן:

— מע טאָר אים נישט צולאָזן אויסן אויג, פאַרשטייסט? ער איז אַ נאַר.

דערנאָך איז ער, צוזאַמען מיט ראַיסאַן, אַריין צו יעווסייען אין צימער; דער שפּיאָן האָט גרויסמוטיק אויסגעצויגן די האַנט און, סאַמפּעטדיק, געזאָגט:

— שטיי אויף! נו, זאָג — ווי אַזוי וועסטו ווייטער לעבן?

— כ'ווייס נישט...

— ווייסט נישט? ווער דען ווייסט?

די אויגן זײַנען אים געווען געשוואָלן, די באַקן און די נאָז זײַנען אים, דאַכט זיך, איינגעפאַלן, ער האָט געשטעמט הייס, רוי-שיק און איז געווען ענלעך אויף אַ הייס-איינגעהיצטן אויוון.

— איך ווייס! — האָט ער זיך אַליין געענטפערט און אויפ-געהויבן איבערעדהויך אַ פינגער, מיט אַ פינגערל אויף אים.

— וועסט וואוינען מיט אונז... מיט מיר! — האָט ראַיסאַ צערטלעך גערעדט.

— יאָ וועסט וואוינען ביי אונז, און איך וועל דיר שאַפן אַ גוטע שטעלע.

יעווסיי האָט געשוויגן.

— נו, וואָס זאָגסטו?

— גאָרנישט. — האָט יעווסיי נישט מיטאַמאָל געענטפערט

— דאַנקען דאַרפסטו, שוטה! — האָט דאָרימיעדאָנט גרויס-מוטיק דערקלערט.

יעווסיי האָט געפילט, אַז די קליינע, גרויע אייגעלעך נעבן אים צו, ווי טשוועקלעך, צו עפּעס אַ פעלזנפעסטער זאַך.

— מיר וועלן דיר זיין נאָך בעסער ווי טאַטע־מאַמע! — האָט דערימיעדאָנס געזאָגט, איז אַהעק און איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ שווערן ריח פון ביר, שווייס און פעטס.

יעווסיי האָט געעפנט ס׳פענסטער, זיך צוגעהערט, ווי די מידע פינסטערע שטאָט וואָרטשעט און שלעפט זיך, ווי אַ פולער וואָגן.

פון ערגעץ־וואו האָט זיך שטיל אונטערגעגנבעט אַ שווערער, שטעכיקער ווייטאָק, אַ פייכטע שוואַכקייט האָט אַרומגענומען דעם קערפּער, אין האַרצן האָבן זיך אַריינגעגעסן דינינקע ריטלעך און עס געשניטן, באַשווערט דעם אָטעם. ער האָט זיך געלייגט, זיך צעוויינט, געקוקט מיט די איבערגעשראָקענע אויגן אין דער פינסטערניש. אין איר האָבן, פּאַמעלעך זיך וויגנדיק זיך באַוועגט שוואַרצע שטיקער — די בענק, די קאָמאָדע, האָבן זיך געוויגט אַהין און צוריק די ווענט, און אָט דאָס אַלץ האָט יעווסייען געשטיקט מיט ריזיקער שרעק, האָט אים געשטויסן אין ערגעץ אַן אומפאַרמיידלעכן, שטיקנדיקן ווינקל אַריין.

אין ראַיטאַס צימער האָט דער שפּיאָן געברומט און זיך פאַרקייכט:

— מ־מיינע... אַ־כאָ־כאָ! ס׳אי׳ גאָרנישט... ס׳וועט אַריבער... אַ־אַ... ׳סט זיך צוגעוויינען!

יעווסיי האָט אַרונטערגערוקט דעם קאָפּ אונטערן קישן, כדי נישט צו הערן די דאָזיקע זיגערישע, באַליידיקנדיקע געשרייען.

אין אַ מינוט אַרום, פאַרכלינענדיק זיך, איז ער אויפגעשפּרונגען — פאַר זיינע אויגן האָבן אַ ווינדל געטון דעם באַלעבאָסס טרוקענע, פינסטערע פיס, האָבן אַ פינקל געטון זיינע קליינע, רויטע פאַרראָפּעטע אייגלעך.

יעווסיי האָט זיך אַ ריס געטאָן, אַ לויף געגעבן, אויסגעצויגן אויף פאָרויס די הענט, אַ שטויס געטון אין ראַיטאַס טיר און שטיל זיך צעוואָיעט —

— כ׳האָב מורא...

צוויי גרויסע ווייסע קערפּערס האָבן זיך געהוידעט אין צימער, איינס פון זיי האָט דערשראָקן און בייז אַ ריטשע געטאָן:

— פּאַשאָל וואָן!

יעווסיי איז געפאַלן אויף די קני און זיך אָנגעקלאַפּט אָן דער ערד ביי די דאָזיקע מענטשן, ווי אַ דערשראָקענע זשאַבע און הויך געקלאָגט;

— כ'האָב מורא... כ'האָב מורא...

...דערנאָך זענען די טעג געווען פול מיט דער בהלה פון דער קבורה, מיט ראַיסאַס אַריבערציען זיך אויף דאָרימיעדאָנטס דירה. יעווסיי האָט געדאַנקענלאָז, ווי אַ פייגעלע, זיך געוואָרפן אין וואָלקן פון פינסטערער מורא, און נאָר צייטנווייז האָט אין אים, ווי אַ קליין לייכט־ווערעמל, אויפגעפלאַמט אַ באַהאַל־טענער געדאַנק:

— וואָס וועט זיין מיט מיר?

און אָנגעצונדן דאָס האַרץ מיט בענקעניש, אַרויסגערופן דעם פאַרלאַנג ערגעץ צו אַנטלויפן, זיך באַהאַלטן, נאָר אומעטום האָט ער באַגעגנט דאָרימיעדאָנטס אַדורכדרינגענדיקע אויגן און געהערט זיין טעמפּ קול:

— יינגל, גיכער!

אָט דער דאָזיקער באַפעל האָט געקלונגען ערגעץ אין יעווּ־ס ע, געוואָרפן אים פון איין זייט אויף דער אַנדערער. גאַנצע טעג איז ער אַרומגעלאָפן, און אין אָוונט, אויסגעשעפּט און הויל, איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ האַרטן, שוואַרצן שלאָף, פול מיט שרעקלעכע חלומות

## VI

פון אָט דעם לעבן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אין אַ פינסטערן ווינקל פון אַ גרויסן צימער מיט אַ נידעריקן בעליק, הינטער אַ טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ ברודיק גרוי געוואַנט. פאַר

אים איז געלעגן א גרויס אויסגעשריבן בוך, עטלעכע בויגן ריין ליניִרט פּאַפּיר; אין דער האַנט האָט ביי אים געציטערט אַ פּעדער, ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס מען דאַרף טון מיט אָט דעם אַלעמען, און הילפלאָז זיך אַרומגעקוקט.

אין צימער זענען געשטאַנען אַ סך טישן. הינטער זיי, צו צווייען און צו פירן, זענען געזעסן פאַרשידענע מענטשן. זיי האָבן געמיד און בייז זיך איבערגעוואָרפן מיט קורצע ווערטער, גיך געשריבן און זייער אַ סך גערייכערט. דער עסעדיקער בלויער רויך איז געפלויגן צו די אָפענע לופטשיקעס, און אַנטקייגן אים איז צודרינגלעך און אומאויפהערלעך אַריינגערונען פון דער גאַס אַ פאַרטייבנדיקער, מונטער גערויש. אַ סך פליגן האָבן זיך געדרייט איבער די קעפּ, אָרדענונגסלאָז געקראָכן צו די באַקאַנטמאַכונגען אויף די ווענט, איבער די טישן, זיך אָנגעקלאַפּט אָן די שויבן און אין ייער גערויש זענען זיי ענלעך געווען צו די מענטשן, וואָס האָבן אָנגעפילט אָט די שטיקנדיקע, ברודיקע שטייג. ביי די טירן זענען געשטאַנען פּאָליציאַנטן, זענען געקומען און אַוועק אָפיציר׳ן, געקומען פאַרשידענע מענטשן, זיך גענייגט, הכנעהדיק געשמייכלט, געזיפצט. אומאויפהערלעך האָט זיך געוויגט זייער פּ׳ בערהאַפטיקער, קלאָגנדיקער אַרט רעדן, וואָס די שטרענגע געשרייען אין דעם גערויש האָבן איבערגעריסן און פאַרטויבט.

יעווסיי האָט אויסגעצויגן דעם האַלז איבערן טיש, אויפגעריסן די וואַסערדיקע אויגן און פון זיין ווינקל אַרויס באַטראַכט דאָס צימער, די באַאַמטע, זיך באַמיט צו פאַרגעדענקען זייערע פּנימער, געשטאַלטן, געהיימניספול געוואָלט צווישן זיי געפינען אַזוינעם, וואָס זאָל אים צוהעלפן. אין אים האָט זיך דערוועקט דער אינסטינקט פון זעלבסטשוץ, ער האָט צענויפגעקליבן אַלע דערדריקטע געפילן, צעריסענע געדאַנקען אין איין קלאָרער שטרעבונג — זיך וואָס גיכער צוצופּאַסן צו דעם דאָזיקן אָרט און צו די מענטשן, כדי צו בלייבן אומבאַמערקט צווישן זיי.

אַלע באַאַמטע, סיי די יונגע, סיי די אַלטע, האָבן פאַרמאָגט עטוואָס געמיינזאַמס — גלייך אויסגעקנייטשט און אויסגעריבן, זענען זיי אַלע געווען גלייך פאַרצאָגט, נאָר זייער לייכט זיך

צערייצט און געשריגן, דערביי האָבן זיי אויסגעשטשירעט די ציין, געמאַכט מיט די הענט. געווען צווישן זיי אַ סך עלטערע און פּליכצוואַטע, עטלעכע געלע און צוויי גרויע: איינער, אַ לאַנגהאַריקער, אַ הויכער, מיט גרויסע וואָנסעס, ענלעך צו אַ גלח, וועמען מ׳האָט אָפּגעשוירן די באָרד, דער אַנדערער — מיט אַ רויט פּנים, מיט אַ ריזיקער באָרד און אַ גאָלן שאַרבן.

ער האָט עס אָוועקגעזעצט יעווסייען אין ווינקל, אַוועקגעלייגט פאַר אים דאָס בוך און באַפוילן, קלאַפּנדיק איבער עס מיטן פינגער, עפּעס איבערצושרייבן דערפון.

יעצט איז פאַר אָט דעם אַלטיטשקן געשטאַנען אַן עלטערע פרוי, איינגעאַנצן אין שוואַרצן, און טרויעריק געצויגן:

— פּאָטערל, טייערער האַר...

— איר שטערט מיר! האָט דער אַלטער אויסגערופן און נישט געגעבן אַפילו אַ קוק אויף איר.

און ביי דער טיר, אויף אַ באַנק, איז געזעסן אַ דאַר, קליין מיידעלע אין אַ רויז קליידל און געוויינט, זיך געווישט דאָס פּנים מיטן ווייסן פאַרטוך:

— איך בין דאָך נישט שולדיק...

— ווער מיאַוטשעט עס דאָרטן? — האָט עפּעס אַ שאַרף קול געפרעגט.

און אומעטום האָבן זיך מענטשן געקלאָגט, געבעטן, זיך פאַרענטפערט, גערעדט, שטייענדיק אויף די פיס, הכנעהדיק און וויינענדיק, די אַנדערע זענען געזעסן און בייז, מיט חוזק, מיד אויף זיי אָנגעשריגן. פּאַפּיר האָט געראַשעט, פעדערן האָבן געסקריפּעט, און דורך אָט דעם גאַנצן גערויש האָט זיך אַדורכגעגאָסן דעם מיידלס שטילער געוויין.

— אַלעקסיי! — האָט דער גרויבערדיקער פאַרשוין הויך אויסגערופן. — פיר פון מיר אַוועק די דאָזיקע פרוי...

די אויגן האָבן זיך אים אָפּגעשטעלט אויף קלימקאָוון, ער איז גיך צו אים צוגעגאַנגען און פאַרוואונדערט שטרענג געפרעגט:

— וואָסי׳? פאַרוואָס שרייבסטו נישט?

יעווסיי האָט געשוויגן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— נאַ, נאָך אַ וואָזשנער בעל־מלאכה איז צוגעקומען! — האָט דער אַלטער געזאָגט, קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס, און איז אַוועק, אויסגערופן:

— העי, זאַרובין...

אַ דאַר און דין בחורל מיט שוואַרצע פּאַטלעס האָר אויפן קליינעם קעפּל, מיט אַ נידעריקן שטערן און לויפנדיקע אייגעלעך האָט זיך געזעצט לעבן יעווסייען, אַ צופּ געטון מיטן עלנבויגן אין דער זייט און שטיל געפרעגט:

— וואָס איז?

— אָט, כ'פאַרשטיי נישט... — האָט יעווסיי שטיל און דערשראָקן געענטפערט.

ערגעץ אינעווייניק ביים בחורל, ווייזט אויס אין בויך, האָט טעמפּ און אָפּגעריסן אַ קוויטש געטון:

— אוּ!

און שטיל, גלייך ווי איבערגעבנדיק גאָר אַ וויכטיקן סוד, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל דיך אויסלערנען, און דו'סט מיר געבן אַ האַלבן רובל... האָסט אַ האַלבן רובל?

— ניין...

— ווען ד'עסט קריגן געהאַלט... גוט?

— גוט...

דאָס שוואַרציקע בחורל האָט אַ כאַפּ געטון דעם בויגן פּאַפּיר און געהיימניספול, ווי פריער, דערקלערט:

— זעסט? אין בוך זענען אָנגעצייכנט מיט רויטע פינטעלעך די נעמען און די צונעמען. נו, דאַרפסטו עס איבערשרייבן אויף אָט־אָ־דעם בלאַט... און אַז וועסט ענדיקן, זאָלסטו מיך צורופן, איך וועל זען, צי דו האָסט נישט קאַליע געמאַכט. איך הייס יאַקאָוו זאַרובין.

און ווידער האָט ביי אים אין ברוסט זיך עפּעס אָפּגעריסן און ווייך געפּאַלן.

— אוּ!

אָנבייגנדיק דעם קאָפּ, איז ער נעלם געוואָרן, גיך זיך געגליטשט צווישן די טישן, זיך איינגעבויגן ביים גיין, צוגעשטעלט די עלנבויגנס צו די זייטן, די דלאָניעס צו דער ברוסט, געדרייט מיטן שוואַרצן, צעפּאַטלטן קעפּל און געפינקלט מיט די שמאָלינקע אייגעלעך. יעווסיי האָט אים באַגלייט מיטן בליק, מיט יראת־הכבוד איינגעטונקען די פעדער אין טינט, אָנגעהויבן צו שרייבן און זיך באַלד אַראָפּגעלאָזט אין דער שטענדיקער און אָנגענעמער פאַרגעסונג פונם אַרומיקן, איז פאַרפרוירן געוואָרן אין דער זינלאָזער אַרבעט און פאַרלוירן אין איר זיין פחד.

ער איז גיך צוגעוווינט געוואָרן צום פרישן אָרט. מעכאַניש אויספירעריש און תמיד גרייט צו דינען, כדי וואָס גיכער זיך אָפּצופּאַטערן מיט אים, האָט ער הכנעהדיק זיך אַלעמען אונטערגעוואָרפן און פלינק זיך באַהאַלטן הינטער זיין אַרבעט פון דער קאַלטער ניגעריקייט און די בייזע בליקן פון די מיטאַרבעטער. שווייגנדיק און באַשיידן, האָט ער ביי זיך אין ווינקל באַשאַפן אַ נישט־געזעענע עקזיסטענץ, אַן אמט פון אַ פינסטערן באַאָבאַכטער, און געלעבט, ווי אַ נאַכט־פויגל, נישט פאַרשטאַנען דעם זינען פון די טעג, וואָס זענען בונט און רוישיק פאַרביי זיינע קיילעכדיקע, אָפּגרונטלאָזע אויגן.

יעדן טאָג האָט ער געהערט זיך קלאָגן, געבעטן, דערשראָקענע געשרייען, שטרענגע שטימען פון פּאָליצייאישע אָפיצירן, צערייצטע מורמלען און בייזע חוזק פון די באַאַמטע. אָפט האָט מען דאָ טייל מענטשן געפּאַטשט, אַרויסגעוואָרפן ביים קאָלנער פאַר דער טיר, נישט זעלטן איז דאָ גערונען בלוט; טיילמאָל האָט דאָ פּאָליציי געברענגט מענטשן, אָנגעבונדענע מיט שטריק, צעמאַזיקטע, וואָס האָבן שרעקלעך געקרעכצט פון ווייטאָק. גנבים פלעגן זיך דאָ האַלטן אַ ביסל אומעטיק, נאָר געשמייכלט צו יעדערן, ווי אַלטע באַקאַנטע. פּראָסטיטוטקעס האָבן אויך זוכנדיק געשמייכלט און אַלע האָבן זיי גלייכגעמאַכט זייערע קליידער מיט דער זעלבער האַנט־באַוועגונג. פּאַסלאָזע האָבן טעמפּ אָדער אומהיימלעך געשוויגן, האָפענונגסלאָז געקוקט אויף אַלץ פון אונטער די ברעמען אַפער; פּאָליטישע, וואָס זענען געווען אונטער פּאָליצייאישער אויפזיכט,

זענען געקומען שטאָלץ, זיך געקריגט, געשריען און קיינמאָל קיינעם נישט געזאָגט נישט אַ גוטמאָרגן, נישט אַ גוטן-טאָג, צו אַלעמען זיך באַצויגן מיט רויקן חוזק אָדער אָפענער שנאה. וועגן זיי פלעגט מען אין קאַנצעלאַריע רעדן אַ סך, כמעט אַלעמאָל שפּאַטיש, טיילמאָל בייז, נאָר יעווסיי האָט הינטער די אַלע שפּאָטרייען און דער שנאה געפילט אַ באַהאַלטענעם אינטערעס און ווי עפּעס אַ דרך-ארצדיקע שרעק פאַר אָט די מענטשן, וואָס האָבן מיט אַלעמען גערעדט הויך און אומגעקרעמפּירט.

מער פון אַלע האָבן געוועקט דעם אינטערעס פון די באַאַמטע די פּאָליטישע אַגענטן, מענטשן מיט פינסטערע פּנימער, שווייגנדיקע און שטרענגע. וועגן זיי פלעגט מען רעדן מיט קנאה, אַז זיי פאַרדינען אַ סך געלט, דערציילן מיט שרעק, אַז אָט די מענטשן ווייסן אַלץ, אַלץ איז פאַר זיי אָפן, אַז זייער קראַפט איבער מענטשלעכע לעבנס איז אומגעהייער, זיי קענען יעדן מענטש אַוועקשטעלן אַזוי, אַז וואו נאָר אָט דער מענטש זאָל זיך נישט רירן, מוז ער אומבאַדינגט אַריינפאַלן אין תפיסה.

קלימקאָווס ברייטער, צעשוואומענער בליק האָט לייכט אַרומגענומען אַלצדינג, וואָס האָט זיך פאַר אים געוויגט. אומבאַמערקט איז אין דער נשמה אָנגעוואַקסן אַ קאָפּעטש, דער שוואַכער, הילפלאָזער געדאַנק האָט נישט געקאָנט צעגליפּנעמען אַלץ אין איין גאַנצעס, נאָר אונטערגעבנדיק זיך דעם כוח פון זיין שווערקייט, האָט ער שטופּנווייז זיך אַליין אויסגעלייגט און אַרויסגערופן אַן אומבאַוואוסטזיניקן דורשט נאָך פרישע באַאָבאַכטונגען, געשאַרפט די נייגעריקייט, אומדערוואַרט אונטערגעאָנט יעווסייען די אויספירן, וואָס האָבן אָפּט אים געשראָקן מיט זייער דרייסטקייט און געהיימנישפולן אָנגעדייט אויף פאַרשידענע מעגלעכקייטן.

אַרום אים האָט קיינער נישט געהאַט אויף קיינעם קיין רחמנות, און יעווסיי האָט אויך אויף קיינעם נישט רחמנות געהאַט; אים האָט זיך אָנגעהויבן אויסווייזן, אַז אַלע מאַכן זיך נאָר אַזוי, אפילו ווען זיי זענען צעהרגעט, ווען זיי וויינען און קרעכצן. איין יעדנס אויגן האָט ער געזען עפּעס באַהאַלטנס, אומצוטרויעלעכס.

און נישט איינמאָל האָט זיין אויער געכאַפּט אַ נישט הויכן, נאָר דראָענדיקן צוזאָג:

— וואַרטס אונטער, ס׳וועט נאָך אַ מאָל זיין יום - טוב אויף אונזער גאַס...

אין די אָוונטן, אין די שעהן, ווען ער איז געזעסן אין גרויסן צימער כמעט איינער אַליין און זיך דערמאָנט אָן די איינ-דריקן פון גאַנצן טאָג — איז אים עפּעס אַלץ אויסגעקומען איבע-ריק, נישט - רעאַל, אַלץ איז געווען אַזוי אומפאַרשטענדלעך און נישט מער, ווי געשטערט די מענטשן, געשראָקן זיי און געצערנט. און ס׳פלעגט זיך דאַכטן, אַז אַלע ווייסן, אַז מע דאַרף לעבן שטיל, אָן בייזקייט, נאָר קיינער וויל עפּעס נישט אויסזאָגן דעם אַנדערן דעם סוד פון זיין לעבן און מע רופט יענעם אַרויס צו זאָגן ליגן. עס איז געווען בולט קלאָר די אַלגעמיינע גערייצטקייט אויף דער אָרדענונג פון לעבן, אַלע האָבן זיך אויפן קול געקלאָגט אויף זיין שווערקייט, יעדער האָט געקוקט אויפן אַנדערן, ווי אויף זיינס אַ געפערלעכן שונא, אין ביי יעדן האָט די אומצופרידנקייט מיטן לעבן געקעמפט מיטן אומצוטרוי צו מענטשן, געשפּאָלטן די נשמה אויף צווייען.

קלימקאָוו האָט זיך נישט געוועגט אַזוי צו טראַכטן, נאָר ער האָט אַלץ לויטערער געזעען די אומגעלומפּערטקייט און די פאַר-בונדנקייט פון אַלעם, וואָס האָט זיך אוימאויפהערלעך געדרייט אַרום.

צייטנווייז האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ שווערע בענקשאַפט, וואָס האָט שווער - געמאַכט דעם קערפּער, די פינגער זענען אים געוואָרן ווייך, ער האָט אַוועקגעלייגט די פעדער אין אַ זייט, און אַרויפלייגנדיק דעם קאָפּ אויפן טיש, לאַנג און אומבאַוועגלעך געקוקט אויף דער רויכיקער טונקלקייט אינם צימער, פּאָרזיכט ק זיך ראַמיט צו געפינען אין דער טיפעניש פון דער נשמה דאָס, וואָס האָט אים געפעלט.

דערכאַלט האָט דער לייטער, אַ לאַנגנאָזיקער, גלאַט - געגאָלטער זקן מיט גרויע וואָנסעס, אַ געשריי געטון:

— קלימקאָוו! אַנטשלאָפן געוואָרן?

יעווסיי האָט אַ כאַפּ געטאָן די פּעדער אין דער האַנט אַריין און זיפצנדיק צו זיך גערעדט:

— ס'עט אַריבערגיין...

נאָר ער האָט נישט געקאָנט תופס זיין, צי ער גלייבט אין דעם, צי ער גלייבט שוין נישט און טרייסט זיך נאָר...

אינדערהיים פלעגט זיין אומעטיקער און שווערער, ווי אין דער פּאָליציי - קאַנצעלאַריע.

אַנדערפרי פלעגט ראַיסאַ, האַלב - אָנגעטון, מיט אַ צע־קנייטשט פּנים און מאַטע אויגן, שווייגנדיק אים געבן קאַווע צו טרינקען. אין איר צימער האָט געהוסט און געכראַקעט דאָרימיע־דאָנט. יעצט האָט זיין טעמפּ קול אָנגעהויבן קלינגען נאָך העכער און באַפעלערישער, ווי פריער. ביים מיטאָג און ביי דער וויעטשע־רע האָט ער הויך געטשמאָקעט, באַלעקט די ליפּן, ווייט אַרויסגע־שטעקט די גרויסע, פעטע צונג, געקוועטשט זיך, גיריק באַטראַכט פריער דאָס עסנוואַרג, איידער ער איז געגאַנגען עס עסן. די רויטע קרעציקע באַקן האָבן זיך אים געשאָקלט, און די גרויע אייגעלעך זענען גיך געקראָכן איבער יעווסייס פּנים, גלייך ווי צוויי קליינע זשוקלעך, אים אומאָנגענעם געגלעט די הויט.

— איך, ברודער — האָט ר געזאָגט — קען די שווערקייט פונם לעבן... איך ווייס, וויפל ס'קאָסט אַ מענטשן אַ פונט גוטס און שלעכטס, נ - נאַ! און צו דיר איז מיטאַמאָל געקומען ס'גליק... אָט האָב איך דיך באַשטאָט אויף אַן אָרט און וועל דיך שטופּן וואַסאַמאָל העכער, ביז דער מעגלעכסער הייך... פאַרשטייט זיך, אויב וועסט נישט זיין קיין נאַר...

רעדנדיק האָט ער געוויגט זיין שווערגעוויכטיקן קערפּער און די שטול האָט אונטער אים טרויעריק געסקריפּעט. און יעווסיי האָט, הערנדיק זיינע רייד, געפילט, אַז אָט דער מענטש קאָן אים נאָך לאָזן טון אַלץ, וואָס ער וועט ווילן.

טיילמאָל פלעגט ער באַרימעריש און זעלבסטצופרידן דער־ציילן:

— היינט האָב איך ווידער באַקומען אַ דאַנק פון נאַטשאַל־ניק, פון פיליפ פיליפּאָוויטשן. ער האָט מיר אַפילו דערלאַנגט די האַנט...

איינמאָל, בשעה דער וויעטשערע, האָט ער, אָנלענענדיק זיך אונטערן אויער, דערציילט:

— אַ חדשים... ע—ע... צוויי צוריק, זיץ איך אַזוי אין אַ רעסטאָראַציע, לעבן וואָקזאַל, און זע — ס'זיצט אַ מענטש און עסט אַ קאָטלעט, קוקט זיך כסדר אַרום און קוקט אָפּט אויפן זייגער. דאַרפסט וויסן, יעווסיי — אַן אָרנטלעכער און אַ באַלעבאַטישער מענטש קוקט נישט אויף אַלע זייטן, קיין זייטיקע מענטשן אינטערעסירן אים נישט און ער ווייסט אַלעמאָל, ווי שפּעט ס'איז. ס'קוקן זיך נאָר אַרום אַגענטן פון דער אָכראַנע און פאַרברעכער. האָב איך, פאַרשטייט זיך, דעם דאָזיקן פאַרשוין באַמערקט. קומט אָן דער דאַטשע - צוג, קומט אַריין אין רעסטאָראַן נאָך אַ פּאַרשוינדל, אַ שוואַרצער, מיט אַ בערדל, אַ יידל, ווייזט אויס, און אין לאַץ שטעקן אים צוויי בלימעלעך — אַ רויטס און אַ ווייס. אַ סיגנאַל! זע איך — זיי באַגריסן זיך... מיט די אויגן. אהא, טראַכט איך זיך!.. דער שוואַרצער האָט געבעטן עפּעס צו עסן, אויסגעטרונקען אַ גלעזל סאָדע - וואַסער און איז אַוועק. און יענער, דער פריערדיקער, איז אַוועק נישט - געאיילט נאָך אים... און איך נאָך זיי...

ער האָט אָנגעבלאָזן די באַקן, מיטן גאַנצן כּוח אַרויסגעבלאָזן פון מויל אויף יעווסייס פּנים אַ שטראָם אָטעם, פול מיטן ריח פון פלייש און ביר. יעווסיי האָט זיך אַ וויג געטון אויף דער שטול, דער אַגענט האָט זיך צעלאַכט, דערנאָך הויך אַ גרעבץ געטון און גערעדט, אויפהייבנדיק דעם גראָבן פינגער:

— אַ חודש מיט דריי און צוואָנציק טעג בין איך זיי אַזוי נאָכגעגאַנגען — ב - נאָ! צום סוף — מעלד איך: — כ'בין, זאָג איך, אויפן שפור פון פאַרדעכטיקע מענטשן. מ'איז אַהינגעפאָרן. ווער זענט איר? דער רוס, וואָס האָט געגעסן דעם קאָטלעט, זאָגט: נישט אייער זאַך. דער ייִד האָט אָנגערופן דעם אמתדיקן נאָמען און לויט די זאַכן נאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָר אַ בייטיקער מענטש. מ'האָט גענומען מיט אים נאָך אַ באַקאַנטע פרוי — שוין ס'דריטע מאָל אַריינגעפאַלן. מיר פאָרן נאָך אַוועק אויף פאַרשידענע ערטער, נעמען מענטשן, ווי שוואָמען, פונדעסטו-

וועגן — אלץ אפפאלעכטס, מיר קענען זיי. כ'האב מיך שוין געהאט אנטוישט, נאר פלוצלינג האט דער רוסישער נעכטן אויסגעזאגט זיין נאמען — ווייזט זיך ארויס, אן ערנסטער פארשוין, אנטלאפן פון סיביר... נ - נא... כ'וועל קריגן אויף ניי - יאר א באלוינונג, מיין איך...

ראיסא האט זיך צוגעהערט, געקוקט ערגעץ דורך דעם אגענטס קאפ און פאמעלעך געקייט א קארקע ברויט, אפגעביסן פון עס צו קליינע שטיקלעך.

— איר כאפט זיי, כאפט זיי, און ס'נעמט זיך גארנישט אויס! — האט זי פויל געזאגט.

דער אגענט האט זיך צעלאכט און ערנסט צוגעגעבן:

— פארשטייסט נישט קיין פאליטיק, דערפאר רעדסטו אזעלכע נארישקייטן, מיין ליבע! מיר וועלן די דאזיקע מענטשן אינגאנצן נישט אויסראטן — זיי זענען אונז נייטיק, ווי פונקען און זיי דארפן אונז טאקע אנווייזן, וואו ס'הייבט זיך אן ס'פייער. אזוי זאגט פיליפ פיליפאוויטש, — ער אליין איז פון די פאליטישע און דערצו נאך א ייד, נ - נא... ס'איז זייער אן איידעלע שפיל...

יעווסייס בליק האט אומעטיק געבלאנדזשעט איבערן פירקאנטיקן, ענגן צימער, די ווענט זענען געווען ארומגעקלעפט מיט געלע טאפעטן און אומעטום זענען ארומגעהאנגען בילדער פון קיסרים, גענעראלער און נאקעטע פרויען. אט די פארשידנפארביקע, בולטע פלעקן זענען שארף געקראכן אין די אויגן אריין, דערמאנט אן גריבער און וואונדן אויפן קערפער פון א קראנקן מענטש. דאס מעבל איז געווען ענג צוגעשפארט צו די ווענט, ווי ס'וואלט געוויכט פון די מענטשן; ס'האט זיך געשפירט א ריח פון בראנפן און פעטן, ווארעמען עסן, א לאמפ האט געברענט אונטער א גרינעם, אבאזשור, טויטע שאטנס האבן זיך געלייגט אויף די פנימער...

יעווסיי האט זיך מיטאמאל דערמאנט אן עפעס אן אלטן בעטלער, וועלכן ער האט באגעגנט כמעט יעדן טאג אויפן וועג צו דער ארבעט. א קראנקער, מיט אן איינגעפאלענער נאז, מיט

אומרויקע אויגן פון אַ שווינדלער, האָט ער זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פריילעכן מענטש, אויסגעצויגן די הענט נאָך אַ נדבה און גיך געזונגען:

גאָטס אַ משולח,
אַ גראָבער, אַ רויטער,
מיט אַזאַ קליין געזעגלטע
חלשט נאָר אַ קאָפּ בראָנפן
גיט, הארציקע מענטשן,
אויף אַ שלוק צו טון...

דער אַגענט האָט דורכן טיש אויסגעצויגן די האַנט און אַ צופּ געטאָן יעזוסייען ביים קאָפּ.

— אַז איך רעד, דאַרפסטו הערן...

ער האָט אָפּט געשלאָגן קלימקאָווען און כאָטש ס׳האָט אים נישט ווי געטון, נאָר זיינע קלעפּ האָבן אים עפּעס באַזונדער באַליידיקט, גלייך ער וואָלט נישט געשלאָגן איבערן פּנים, נאָר איבער דער נשמה. באַזונדער האָט ער הנאה געהאַט צו שלאָגן מיטן פינגערל איבערן קאָפּ, און ס׳איז אַרויסגעקומען אַ מאָדנע, טרוקן-קנאַקנדיקער קלאַנג. און יעדעס מאָל, וואָס יעזוסיי האָט באַקו-מען געשלאָגן, האָט ראַיסאַ, באַוועגנדיק מיט די ברעמען, געבעטן:

— ניטע, דאָרימידאָנט לוקיטש, מע דאַרף נישט...

— נ-נאַ! וואָסי? ער וועט געהרגעט ווערן דערפון? מע דאַרף אים דאָך לערנען...

ראַיסאַ איז געוואָרן דאַרער, אונטער די אויגן האָבן זיך איר געמאַכט בלויע רינגען, דער בליק איז געוואָרן נאָך מער אומבאַ-וועגלעך און טעמפּ. אין די אָוונטן, ווען דער אַגענט איז נישט געווען אינדערהיים, האָט זי אַראָפּגעשיקט יעזוסייען נאָך בראָנפן, געשלונגען עס מיט קליינע שלוקלעך און דערנאָך אים עפּעס דערציילט מיט אַזאַ גלייכמעסיק קול, פאַרפלאָנטערט און אומפאַר-שטענדלעך, אָפּט זיך אָפּגערוט און געשלוכצט.

איר גרויסער קערפּער איז גלייך ווי צעגאַנגען. ביסלעכווייז האָט זי אויפגעשפּילעט אַ קנעפּל, אויפגעשנורעוועט די בענדלעך,

די שנוראָוואַדלעס, און, האַלב-אָנגעטון, האָט זי זיך צעגאָסן אין דער שטול, ווי זויער-געוואָרענע טייג.

— ס'איז מיר אומעטיק, — האָט זי גערעדט און געדרייט מיטן קאָפּ — אומעטיק! וואָלסטו כאָטש געווען שענער אָדער עלטער, וואָלסטו מיך אפשר פאַרווײלט אין אָט דעם אומעט... אַך, ווי איבעריק דו ביסט...

יעווסיי האָט שווייגנדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, דאָס האַרץ האָט זיך אים פאַרגאָסן מיט בריענדיקן פראָסט פון באַליידיקונג.

— זאָג, וואָס ווילסטו, וואָס גייסטו איין? — האָט ער געהערט אומעטיק זיך קלאָגן — אַנדערע אין דיינע יאָרן האָבן שוין פון לאַנג ליב מיידלעך, מאַכן אַ לעבן, און דו... אַך, סאַראַ גאָרנישט דו ביסט!

טײלמאָל, אויסטרינקענדיק דעם בראָנפן, האָט זי אים צוגע- שלעפּט צו זיך און געקיצלט, אַרויסגערופן אין אים אַ געמישט געפיל פון שרעק, שעמעוודיקייט און שאַרפן, נאָר נישט דרייסטן גייגיר. ער האָט פעסט פאַרמאַכט די אויגן, זיך אָפּגעגעבן דער מאַכט פון אירע אומפאַרשעמטע, גראָבע הענט אָן ווילן, קנאָפּ, בלוטיק, שוואַך, דערשטיקט פון אַ שוואַכמאַכנדיקן געפיל פון עפּעס שרעקלעכס.

— גיי, לייג דיך... אַך, דו גאָט מיינער! — האָט זי אומ- צופרידן אויסגערופן און מיט עקל אים אָפּגעשטויסן פון זיך. ער איז אַוועק פון איר אין פאָדערהויז אַריין, וואו ער איז געשלאָפן און האָט מער זיך אינגערלעך דערווייטערט פון איר, ביסלעכווייז פאַרלוירן דאָס פורעמלאָזע, וואַרעמע געפיל צו איר. ער איז געלעגן אין בעט, פאַרגאָסן מיט צער און מיט שאַרפער, אומאָנגענעמער גע- רייצטקייט, געהערט, ווי זי האָט מיט אַ געדיכט, וואָרקענדיק קול געזונגען אַ פאַרטראַכט ליד, אַלעמאָל דאָס זעלבע, און ווי ס'קלינגט דאָס גלאָז פון פלעשל, וואָז קלאַפּט זיך אָן אין דער קאַראַפקע..

נאָר איינמאָל, אין אַ פינסטערער נאַכט, ווען אין די שויבן פון די פענסטער לעבן יעווסייען האָבן מיט אַ געוואַי געשמיסן די דינע שטרעמלעך פון האַרבסט-רעגן, איז איר געלונגען צו דער- וועקן ביים יונג דאָס נייטיקע געפיל.

— אָט אזוי! — האָט זי געזאָגט און שיכּור געלאַכט — יעצט ביסטו מיין חתן... זעסט, ווי גוט דאָס איז.. הא?

ער איז געשטאַנען ביים בעט, ווי ער וואָלט אויף פּלוצלינג שיכּור געוואָרן און מיט אַ ציטער אין די פיס, אין ברוסט, פאַר־כלינענדיק זיך, האָט ער געקוקט אויף איר ריזיק, ווייך לייב, אויפן ברייטן פּנים, צעגאָסן פון געלעכטער. ער האָט זיך נישט געשעמט, נאָר דאָס האַרץ, אַרומגעכאַפּט פון אַן אומעטיק געפיל פון עפּעס אַן אבידה, איז שעמעוודיק אָפּגעשטאָרבן, און ס'האָט זיך אים עפּעס געגלוסט צו וויינען. ער האָט געשוויגן, זיך ווירדיק פאַרטראַכט, אַז אייגנטלעך איז אָט די פרוי אים פרעמד, איבעריק, אומאָנגענעם, אַז דאָס גאַנצע צערטלעכע און גוטע, וואָס איז ביי איר געלעגן אין האַרצן פאַר זיינעטוועגן, האָט איר תּאווהדיקער קערפּער מיטאַמאָל איינגעשלונגען און איז שפּורלאָז פאַרשוואונדן אין אים, ווי אַן איינזאַמער טראָפּן אין אַ מוטנער בלאָטע.

— איך וועל מיט דיר וואוינען. צוזאַמען. פאַרראַטן דאָרי־פיעדאָנטן, דעם חזיר...

— און אַז ער וועט זיך דערוויסן? — האָט יעווסיי שטיל געזאָגט.

— נאַרעלע... פּחדנדל... אַך, דו, קום אַהער!

ער האָט זיך נישט געוועגט אָפּצוזאָגן, איז צוגעגאַנגען. נאָר יעצט האָט זי אין אים שוין נישט געקאָנט באַזיגן דעם אומ־חשק צו איר. זי האָט אים לאַנג געקיצלט און חוזקדיק געלאַכט פון אים, דערנאָך גראָב אָפּגעשטויסן זיין ביינערדיקן קערפּער, זיך אויסגעזידלט און איז אַוועק.

אַז יעווסיי איז געבליבן אַליין, האָט ער האָפענונגסלאָז זיך געטראַכט:

— יעצט וועט זי מיך אומברענגען... זי וועט עס מיר שוין דערמאַנען! איך בין פאַרפאַלן...

ער האָט אַ קוק געטון אין פענסטער — עפּעס פורעמלאָזעס, דערשראָקנס האָט געפּאַטשט און געשלאָגן אין דער פינסטערניש. עס האָט געוויינט, פייפנדיק געשמיסן די שויבן, זיך געדראַפּעט

אויף די ווענט, געשפרונגען איבערן דאַך און צוריק אַראָפּגעפאַלן אויף דער גאַס מיט אַ שווערער קרעכצעריי.

אַ פאַרזיכטיקער געדאַנק האָט זיך, הוזקדיק, שטילינקע אונ־טערגעשאַרט:

— און אַז איך זאָל מאָרגן זאָגן קאַפּיטאַן איוואַנאָוויטשן אַז זי האָט דערשטיקט דעם אַלטן...

יעווסיי האָט זיך דערשראָקן פון דער דאָזיקער פראַגע און לאַנג זי נישט געקאָנט אָפּשטויסן פון זיך.

— זי וועט מיך אַזוי צי אַזוי באַגראָבן! — האָט ער זיך אַליין געענטפערט און די פראַגע איז פונדעסטוועגן פאַרעקשנט געבליבן שטיין פאַר אים און ערגעץ געלאָקט.

נאָר אינדערפרי האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ראַיסאַ האָט פאַרגעסן אָן דער שרעקלעכער געוואַלד־טאַט פון ביינאַכט. זי האָט אים פויל און גלייכגילטיק דערלאַנגט קאַווע, ברויט, און, ווי תמיד, האַלבקראַנק פון שכרות, האָט זי נישט מיט קיין וואָרט נישט מיט קיין איין בליק נישט געגעבן אָנצוהערן וועגן דער געענדערטער באַציונג צו אים.

ער איז אַוועק צו דער אַרבעט שוין אַביסל אַ באַרויקטער און פון יענעם טאָג אָן אָנגעהויבן צו בלייבן אויף די אָוונט־באַ־שעפטיקונגען, געגאַנגען אַהיים פּאַמעלעך, כּדי צו קומען שפּעטער. ס'איז אים שווער געווען צו זיין איינער אַליין מיט אָט דער פרוי, מורא געהאַט צו רעדן מיט איר, געהאָפט, אַז ראַיסאַ וועט דער־מאָנען די נאַכט, ווען זי האָט ביי אים צעטרעטן דאָס ציטעריקע־נאָר טייערע געפיל צו איר.

צוזאַמען מיט יעווסייען, לענגער פון אַלעמען, איז געבליבן אויף אין קאַנצעלאַריע יאַקאָוו זאַרובין און יעווסייס לייטער — דער גרויזאַמסעדיקער קאַפּיטאַן איוואַנאָוויטש, וועמען אַלע האָבן אונטער די אויגן גערופן דודקע.

דאָס גלאַט־ראַזירטע פּנים זיינס איז געווען געדיכט באַ־דעקט מיט רויטע אָדערלעך, האָט פונדערווייטנס אויסגעזען רויט, און פונדערנאָנט — ווי צעהאַקט מיט אַ האַקמעסער. פון אונטער די גרויע ברעמען און מיד־אַראָפּגעלאָזטע וויעס האָבן

בײַז געפּינקלט אַ פּאָר אומהיימלעכע אויגן; גערעדט האָט ער וואָרטשענדיק און אומאויפהערלעך געקרייכערט גראָבע, געלע פּאַ־פּיראָסן, איבער זײַן גרויסן, ווײַסן קאָפּ פלעגט אַלעמאָל שווימען אַ וואָלקן בלױלעך רויך און האָט אים אונטערגעשיידט צווישן אַנדערע מענטשן.

— ס׳אַראַ ווילטיקער מענטש ער מוז זײַן! — האָט איינ־מאָל יעזוסיי געזאָגט צו זאַרובינען.

— ער איז — משוגענער! — האָט דער שוואַרצינקער יאַקאָוו געענטפערט — כמעט אַ גאַנץ יאָר געזעסן אין משוגעים־הויז. נאָר ער איז — אַ שטילער...

יעזוסיי האָט געזעצן, אַז טײַלמאָל נעמט דודקע אַרויס פון קעשענע פון זײַן לאַנגן, גרויען כאַלאַט אַ קלײן שוואַרץ ביכעלע, הייבט עס נאָענט אויף צום פּנים און וואָרטשעט עפּעס אינדערשטיל־באַוועגנדיק מיט די וואָנסעס.

— ס׳איז אַ געבעט־ביכל?

— כ׳ווייס נישט...

זאַרובינס לענגלעך פּנים האָט פּיבערנדיק אַ ציטער געטון, די אייגעלעך האָבן אויפגעגלאַנצט, ער האָט זיך צוגערוקט צו יעזוסייען און הייס אַרויסגעשעפּטשעט:

— צו נקבות גייסטו?

— ניין...

— פאַרוואָס?

יעזוסיי האָט אומעטיק געענטפערט:

— כ׳האָב מורא...

— או! ׳סט גיין מיט מיר... גוט? מען קאָן גיין בחיום, נאָר מע דאַרף האָבן פינף און צוואַנציק קאָפּיקעס אויף צווײ ביר. ווען מע זאָגט נאָר, אַז מ׳איז פון פּאָליציי־פאַרוואַלטונג, לאָזט מען נאָך אײַנגאַנצן אַרײַן בחינם און מע גיט בחינם נקבות. פאַר אונז, פּאָליציי־באַאַמטע, האָט מען מורא. אַלע האָבן פאַר אונז מורא...

און נאָך שטילער, נאָר פול מיט היץ און תאווה, האָט ער ווײַטער גערעדט:

— און ס'אַראַ נקבות ס'זענען דאָ! גראַביטשקע, וואָרעמע, ווי אַן איבערבעט! ס'איז די בעסטע זאַך אין דער וועלט, זאָג איך דיר — נקבות, זאָלן מיר אַזוי לעבן! אַ טייל גלעט נאָך, ווי אַן אייגענע מאַמע... גלעט דיר איבערן קאָפּ, ווערסטו נאָך אַנטשלאָפן... אַ מחיה!

— און אַ מאַמע האָסטו?

— יאָ. נאָר איך וואוין ביי אַ מומען. איך האָב אַ פּאַסקודנע מאַמע. אַן אויסגעלאַסענע, וואוינט ביי איינעם אַ קצב. איך קום נישט צו איר, דער קצב הייסט נישט... איינמאָל בין איך געקומען, האָט ער מיך מכבד געווען מיטן פוס אין געזעס אַריין — אַט!

זאַרובינס קליינע, מייזישע אויערלעך האָבן אויפגעצוקט, די שמאָלע אייגעלעך האָבן זיך מאָדנע אַרונטערגעגליטשט אונטערן שטערן. מיט אַ נערוועזישן פינגער - ציטער האָט ער געקראַצט דעם שוואַרצן פוך אויף דער אייבערשטער ליפּ און אינגאַנצן געציטערט פון אויפרעגונג.

— פאַרוואָס ביסטו אַזאַ שטילער? מע דאַרף זיין דרייסטער, אַנישט וועט מען דיך אינגאַנצן פאַרוואַרפן מיט אַרבעט. איך האָב אויך אין אָנהייב מורא געהאַט, איז מען מיר געריטן איבערן קאָפּ... ווייסטו וואָס, לאָמיר זיין חברים אויפן גאַנצן לעבן.

ער איז יעווסייען נישט געפעלן געוואָרן, אַרויסגערופן אַ מורא מיט זיין פלינקייט, נאָר דאָך האָט ער אים געענטפערט.

— גוט, לאָמיר זיך חברן...

— אַ האַנט! געמאַכט. הייסט עס, מאָרגן גייען מיר צו נקבות.

— איך וועל נישט גיין ..

זיי האָבן נישט באַמערקט, ווי צו זיי איז צוגעקומען דודקע און מיט אַ וואָרטשענדיק קול געפרעגט:

— נו, יאַקאָוו, ווער — וועמען?

— ניין, מיר שלאָגן זיך דאָך נישט! — האָט זאַרובין ביי אַן דרך - ארץ געזאָגט.

— זאָגסט ליגן! — האָט דודקע געזאָגט. — דו, קלימקאָוו, זאָלסט אים זיך נישט אונטערגעבן, הערסט?

— כ׳הער! — האָט יעווסיי געענטפערט און זיך פאַר אים אויפגעשטעלט.

און אים האָט אַ צי געטון צום דאָזיקן מענטש דאָס געפיל פון דרך־ארצדיקן נייגער. איינמאָל האָט ער, ווי געוויינלעך אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין, זיך דערוועגט אַפילו צו רעדן מיט דודקען:

— קאַפיטאַן איוואַנאָוויטש...

— וואָס אַזוינס?

— איך וויל אייך עפּעס, זייט מוחל, פרעגן...

דודקע האָט נישט קיין קוק געטון אויף אים און באַפוילן:

— דרייטטער!

— פאַרוואָס לעבן מענטשן אַזוי שלעכט? — האָט יעווסיי מיט גרויס מי אַרויסגעשטאַמלט.

דער אַלטער האָט אויפגעהויבן די שווערע ברעמען, אָנגעקוקט יעווסייען אין פּנים אַריין און געפרעגט:

— וואָס איז דיין עסק?

יעווסיי האָט זיך פאַרשעמט, דעם אַלטנס פראַגע האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין האַרצן און זיך פאַר אים געשטעלט מיט דער גאַנצער קראַפט פון איר אומאויסדריקלעכער פּשטות.

— אַהאַ! — האָט דער אַלטער שטיל געזאָגט. ער האָט זיך פאַרכמורעט, אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס שוואַרצע ביכעלע און, קלאַפּנדיק איבער עס מיטן פינגער, געזאָגט:

— עוואַנגעליע... האָסט געלייענט?

— יאָ.

— ׳סט פאַרשטאַנען?

— ניין! — האָט יעווסיי גיך געענטפערט.

— לייען נאָך... און איבעריקנס, — האָט ער באַוועגנדיק מיט די וואָנסעס, באַהאַלטן דאָס ביכל אין קעשענע — איך לייען אָט דאָס ביכל שוין ס׳דריטע יאָר... יאָ, ס׳דריטע יאָר... קיינער פאַרשטייט עס נישט... אַ בוך פאַר קינדער, פאַר ריינע הערצער... קיינער קאָן עס נישט פאַרשטיין...

ער האָט צערטלדיק געוואָרטשעט, יעווסיי האָט אים געוואָלט פרעגן נאָך עפּעס, נאָר די פראַגן האָבן זיך ביי אים נישט אויס־געלייגט. דער אַלטער האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, פאַרהילט געוואָרן אין רויך און, ווייזט אויס, פאַרגעסן, אַז ער רעדט מיט עמעצן. קלימקאָוו איז פאַרזיכטיק אוועקגעגאַנגען, זיין צו־ציונג צו דודקען האָט זיך פאַרשטאַרקט און ער האָט געטראַכט:

— גוט איז צו זיצן נאָנט לעבן אים...

ון דאָס איז געוואָרן זיין טרוים. און יאַקאָוו זאַרובין האָט אַזוי געטרוימט:

— ווייסטו וואָס, קלימקאָוו — האָט ער הייס געפּליסטערט — לאָמיר זיך באַמיען איבערצוגיין צו די פּאָליטישע אַגענטן, אין אָכראַנע־אָפּטיילונג! אָט, דעמאָלט וואָלטן מיר געמאַכט אַ לעבן — או!

יעווסיי האָט געשוויגן. די פּאָליטישע אַגענטן האָבן אים געשראָקן מיט די שטרענגע אויגן און מיטן געהיימניש פון פינ־סטערן אַרט פירן, וואָס האָט אַרומגערינגלט זייער פינסטערע באַ־שעפטיקונג.

## VII

אינדערהיים איז געשען אַן אומגליק: דאָרימיעדאָנט איז געקומען אהיים שפּעט ביינאַכט אין אַ צעריסענער מאַרינאַרקע, אָן דעם קאַפעלוש און שטעקן, מיט אַ צעהרגעט פּנים, איינגאַנצן נאַס פון בלוט. דער שווערער קערפּער זיינער האָט געציטערט, איבערן געשוואָלענעם פּנים זענען געגאָסן טרערן, ער האָט טעמפּ געיאָמערט:

— אַ סוף... מע דאַרף אַוועקפאָרן... אין אַן אַנדער שטאָט אַריין... גיכער...

ראַיסאַ האָט שווייגנדיק און נישט געאײַלט אים אָפּגעווישט דאָס פּנים מיט אַ האַנטוך, וואָס איז געווען איינגענעצט אין בראָנפּן און וואַסער, ער האָט געציטערט און געקרעכצט:

— שטי - לער... אַך, רוצחים... ווי זיי האָבן מיך געשלאָגן! מיט שטעקנס, האַ? אַ מענטש מיט שטעקנס?.. פאַרזיכטיקער, בעט איך דיך, פאַרשטייסט נישט ?..

יעווסיי האָט דערלאַנגט וואַסער, אויסגעטון די שיך פון אַגענטס פיס און מיט באַהאַלטענער צופרידנקייט געהערט זײַנע קרעכצן, געזען דאָס בלוט און די טרערן. ער איז געווינט געווען צו זען מענטשן, צעהרגעטע ביז בלוט, זייערע קרעכצן האָבן אים נישט גערירט, כאָטש ער האָט גוט געדענקט דעם ווייטאָק פון קלעפּ.

— ווער האָט עס אײַך אַזוי צעהרגעט? — האָט ראַיסאַ געפרעגט, ווען דער אַגענט האָט זיך געלייגט אין בעט.

— זיי... נאָכגעגאַנגען, אַרומגערינגלט... אין פאַרשטאָט, לעבן דער באַזיל - פאַבריק... מע מוז אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט אַריין... איך וועל בעטן מיך איבערפירן... זיי וועלן מיך דער־הרגענען...

אַז יעווסיי האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט דער אַגענט זיך אָנגעהויבן הויך צו קריגן מיט ראַיסאַן.

— איך וועל נישט אַוועקפאָרן! — האָט זי הויך און אומ־געזיינלעך פעסט געזאָגט.

— שווייג... צערייץ נישט קיין קראַנקן מענטש! — האָט דער אַגענט געשריגן מיט אַ וויינענדיקן קול.

— כ'על נישט פאָרן!

— וועל איך דיך בייטן!

אינדערפרי האָט ער, לויט ראַיסאַס שטיינערן פּנים און דעם אַגענטס בייזער צערייצטקייט, פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך נישט אויסגעגליכט. ביי דער וויעטשערע האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן זיך צו קריגן. דער אַגענט, שטאַרקער געוואָרן איבערן טאָג, האָט זיך געזידלט, זיין געשוואָלן, בלוי פּנים האָט אויסגעזען שרעקלעך, די רעכטע האַנט איז געהאַנגען

אויף אַ מאַרלע-בונד, און מיט דער לינקער האָט ער דראָענדיק געפאָכעט. ראַיסאַ, בלאַס און רויק, האָט אויסגעגלאָצט די קיילעכ-דיקע אויגן, געקוקט, ווי ער האָט געפאָכעט מיט דער האַנט און פאַרעקשנט גערעדט, קורץ, כסדר כמעט די זעלביקע ווערטער.

— כ׳וועל אין ערגעץ נישט פאָרן.

— פאַרוואָס, ב-נו?

— כ׳וויל נישט...

— וועל איך דיך צעמזיקן...

— אַלץ איינס...

— נו, וועסט יאָ פאָרן!

— כ׳וועל נישט פאָרן...

— מ׳וועלן זען! ווער ביסטו — דו ווייסט? סט׳פאַרגעסן?

— ס׳איז מיר אַלץ איינס...

— גוט!..

נאָך דער וויטשערע האָט דער אַגענט זיך איינגעהילט ס׳פּנים אין אַ דערע און איז שווייגנדיק ערגעץ אַוועק, און ראַיסאַ האָט געשיקט יעווסייען נאָך בראָנפן; אַז ער האָט איר געבראַכט אַ פלעשל בראָנפן און עפּעס נאָך אַ צוויית, טונקל בעטראַנק, האָט זי אַריינגעגאָסן אין טשייניק אַריין פון ביידע פלעשלעך, איינ-גאַנצן אויסגעזויגן און לאַנג געשטאַנען, פאַרזשמורענדיק די אויגן, געריבן דעם האַלז מיט דער האַנט. דערנאָך האָט זי געפרעגט, אַנווייזנדיק מיטן קאָפּ אויף דער פלאַש:

— ווילסט? ניין?.. טרינק... וועסט דאָך אַלץ איינס שפּעטער טרינקען...

יעווסיי האָט געקוקט אויף איר הויכער, שוין אַראָפּגעלאָ-זענער ברוסט, אויפן קליינעם מויל, אין די קיילעכדיקע אומעטיקע אויגן אַריין און זיך דערמאַנט, ווי זי האָט אויסגעזען פריער, רחמנות בעקומען אויף איר, און ס׳איז אים שווער געווען און אוי-מעטיק פאַר אָט דער פרוי.

— עך, יעווסיי — האָט זי געזאָגט — ווען מען זאָל אַזוי קאָנען לעבן מיט אַ ריין געוויסן...

די ליפּן האָבן פּיבערהאַפט אויפגעצוקט, זי האָט זיך ווידער אָנגעגאָסן בראָנפן און אים פאַרגעלייגט:

— טרינק!

ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין, און זי האָט זיך שטילינקע צעלאַכט.

— נאַרעלע... ס'איז דיר אַזוי שלעכט... איך פאַרשטיי... און פאַרוואָס דו לעבסט — פאַרשטיי איך נישט... פאַרוואָס? נו, זאָג.

— אַזוי! — האָט יעוסיי טעמפּ געענטפערט. — כ'לעב! וואָס דען זאָל מען טון?

זי האָט אויף אים צערטלעך אַ קוק געטון:

— מיר דאַכט זיך, אַז דו וועסט זיך דערשטיקן...

יעוסיי האָט באַליידיקט אָפּגעזיפצט און זיך פעסטער געזעצט אויף דער שטול.

זי האָט אָנגעהויבן אַרומצוגיין איבערן צימער, פויל און שטיל געשפּאַנט, זיך אָפּגעשטעלט פאַרן שפּיגל און לאַנג, נישט פינטלענדיק, געקוקט זיך אין פּנים אַריין. זי האָט אַרומגעטאַפּט מיט די הענט דעם פולן ווייסן האַלז, די אַקסלען האָבן איר אויפגעצוקט, די הענט שווער אַראָפּגעלאָזט, און זי האָט ווידער אָנגעהויבן, וויגנדיק זיך, שטיל אַרומצוגיין איבערן צימער. נישט געעפנט דאָס מויל, האָט זי עפּעס אָנגעהויבן צו זינגען. דאָס קול האָט געקלונגען, ווי דערשטיקט און איז ענלעך געווען צום קרעכצן פון אַ מענטש, וועמען ס'טוען וויי די ציין.

אויפן טיש האָט געברענט די לאָמפּ, אַרומגעדעקט מיט אַ גרינגעם אַבאַזשור. אַנטקעגן פענסטער, אויפן ליידיקן הימל, האָט געלויכטן אַ קיילעכדיקער באַלעם — די לבנה. זי האָט אויך אויסגעזעען צו זיין גרין, איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי די שאָטנס אין צימער און פאַרגעזאָגט עפּעס שלעכטס...

— כ'גיי מיך לייגן שלאָפן! — האָט יעוסיי געזאָגט און זיך אויפגעהויבן פון שטול. זי האָט אים נישט געענטפערט און נישט אַ קוק געטון אויף אים. ער איז יעצט צוגעגאַנגען צו דער טיר און נאָכאַמאָל שטילער איבערגעחזרט:

— אַ גוטע נאַכט!.. כ'גיי מיך לייגן שלאָפן...

— גיי... ווער האַלט דיך דען צו? גיי...

יעווסיי האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז איר שלעכט אויפן האַרצן, געוואָלט עפּעס זאָגן. ער איז געבליבן שטיין אין דער טיר און געפרעגט:

— איר דאַרפט גאָרנישט צו האָבן?

זי האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט אַ פּאָר מידע און שלעפערדיקע אויגן, און נישט מיטאַמאָל און שטילינקע געענטפערט:

— גאָרנישט...

און לאַנג אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער. מ'האָט געקאָנט הערן דאָס גערויש פון איר אָנטועכטס, דעם קלאָגנדיקן קלאַנג פון איר געזאַנג, דאָס גלאָז פון די פלעשלעך האָט דין געקלונגען. צייטנווייז האָט זי טעמפּ אָפּגעזיפצט.

אין יעווסייס האַרץ זענען אומבאַוועגלעך געשטאַנען ראַיסאַס רויקע ווערטער:

— מיר דאַכט זיך, אַז דו וועסט זיך דערשטיקן...

זיי האָבן זיך אים שווער, שטאַרק געלייגט אויפן האַרצן און געדריקט אים, ווי שטיינער.

ביינאַכט האָט אים גראָב אויפגעוועקט דער אַגענט:

— וואו איז ראַיסאַ? — האָט ער געפרעגט מיט אַ הויך געפליסטער. — וואו איז זי אַוועק, נו? לאַנג שוין? ווייסט נישט... אַך, אידיאָט!

ער איז גיך אַוועק צו זיך אין צימער, דערנאָך אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פון דער טיר און שטרענג געפרעגט:

— וואָס האָט זי געטון?

— גאָרנישט...

— בראָנפן האָט זי ג.טרונקען?

— יאָ...

— חזיר...

דער אַגענט האָט זיך אַ טאַפּ געטון ביים אויער און איז פאַרשוואונדן אין דער טיר.

— פאַרוואָס רעדט ער אַזוי שטיל? — האָט יעווסיי געטראַכט.

די לאָמפּ האָט אַ ציטער געטון און אַ קנאַק געטון. דער אַגענט האָט זיך אויסגעוידלט, דערנאָך אָנגעהויבן אָנצוצינדן זאַ־פּאַלקעס, זיי האָבן אויפגעפלאַמט, געשראָקן די פינסטערניש און זיך פאַרלאָשן. לסוף האָט זיך פון צימער אַרויס ביז יעווסייס בעט אויסגעצויגן אַ בלאַסער שטראַל ליכט; ער האָט דערשראָקן געצוקט און ס'האָט אויסגעוויזן, אַז ער זוכט עמעצן אין ענגן פּאָדערצימער.

דאָרימעדאָנט איז ווידער אַרויסגעקומען. איין אויג איז אים געווען פאַרבאַנדאַזשירט, דאָס אַנדערע, אַ ליכטיקס און אומרויִקס, האָט גיך אַרומגעקוקט די ווענט און זיך אָפּגעשטעלט אויף יעווסייס פּנים.

— זי האָט גאָרנישט געזאָגט, ראַיסאַ?

— גאָרנישט...

— אַזאַ נאַרישע מויד...

יעווסייען איז אומאָנגענעם געווען צו ליגן, ער האָט זיך אויפגעזעצט.

— ליג, ליג! — האָט דאָרימעדאָנט גיך געזאָגט און זיך געזעצט אויפן בעט, יעווסייען צופוסנס. — וואָלסטו געווען עלטער מיט אַ יאָר — האָט ער אומגעווייִנלעך צאַרט, שטיל און פאַר־טראַכט אָנגעהויבן — וואָלט איך דיך באַשטאַט אין דער אָכראַנע פאַר פּאָליטישע ענינים. דאָס איז זייער אַ גוטע דינסט! דאָס געהאַלט איז אַפילו נישט אַזאַ גרויס, נאָר יעדעס מאָל, אַז ס'געלינגט, קריגט מען אַ באַלוינונג... און אַ פרייַ לעבן... גייסט דיר, וואו דו ווילסט, שפּאַצירסט דיר אַרום... נ־נאַ... און ראַיסאַ — איז דאָך אַ שיינע נקבה?

— אַ שיינע — איז יעווסיי מסכּים געווען.

— יאָ־אָ...

דער אַגענט האָט אָפּגעזיפצט, מאָדנע זיך צעלאַכט, אָנגערירט מיט דער לינקער האַנט ביים באַנדאַזש אויפן קאָפּ, אַרומגעטאַפּט דאָס אויער.

— אַ נקבה... קיינמאָל קאָנסטו זיך מיט איר נישט אָבזאָ־טיקן... די אורמאַמע פון אויסגעלאַסנקייט און זינד... וואוהין איז זי געגאַנגען... ווי מיינסטו?

— כ׳ווייס נישט... — האָט יעווטיי שטיל געענטפערט און זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר עפּעס.

— אַוודאי... קיין חתן האָט זי דאָך נישט... קיין מאַנסלייט קומען דאָך נישט צו איר... דו ווייסט וואָס, יעווסיי — אייל דיך נישט מיט קיין פרויען... וועסט נאָך באַווייזן... זיי, ברודער, קאָסטן טייער... אָט האָב איך פאַרדינט טויזנטערס געלט, און וואו זענען זיי?

אַ שווערער און אָנגעלאַדעוועטער, אַרומגעבונדן מיט שמאַטע קעס, האָט ער זיך געוויגט פאַר יעווסייס אויגן און ס׳האָט אויסגעזען, אַז אָט־אָט צעפאַלט ער זיך אויף שטיקלעך. דאָס טעמפּע קול זיינס האָט אומרויק געקלונגען, די לינקע האַנט האָט כסדר אַרומגעטאַפּט דעם קאָפּ, די ברוסט.

— אַך, אַ סך האָב איך מיך מיט זיי אַרומגעפּלאָנטערט... נ־נאַ־אַ... — האָט ער גערעדט, פאַרדעכטיק אַרומגעקוקט די פינסטערע ווינקלען אין צימער, — ס׳איז פאַסקודנע, נאַר... וועסט זיך נישט באַגיין נישטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט. טייל זאָגן — קאָרטן זענען בעסער, שפּילן אין קאָרטן... נאָר זיי קאָנען אויך נישט לעבן אָן קיין פרויען... אַפילו יעגעריי פאַרהיט אויך נישט פון קיין פרויען... קיין שום זאַך פאַרהיט נישט פון זיי!

אינדערפרי האָט קלימקאָוו דערזעען, אַז דאָרימעדאָנט שלאָפט אויפן דיוואַן אין אָנטועכטס, די לאָמפּ איז נישט פאַרלאָשן, דאָס צימער איז פול מיט קאָפּעטש און ריח פון נאַפט. דאָרימע־דאָנט האָט געשנאָרכט, ברייט געעפנט דאָס ריזיקע מויל, די איינע געזונטע האַנט איז זראָפּגעהאַנגען אויף דער ערד. ער האָט אויסגעזען עקלהאַפט און געוועקט צו זיך מיטלייד.

ס׳האָט געטאָגט. אין קליינעם פענסטערל האָט אַריינגעקוקט אַ פּירקאַנטיק שטיקל הימל, אין צימער האָבן זיך אַריינגעשאָטן פליגן און טרויעריק געזשומעט, געפּינטלט אויפן גרויען פאָן פונם

פענסטער. צוגלייך מיטן ריח פון נאַפט האָט די וואוינונג אָנגעפילט נאָך עפּעס אַ ריח, אַזאַ געדיכער און שרעקעוודיקער.

יעווסיי האָט פאַרלאָשן די לאָמפּ, זיך גיך, אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין, געוואַשן, אָנגעטון און איז אַוועק צו דער אַרבעט.

אַרום מיטאָג - צייט האָט צו אים זאַרובין הויך אויס-געשריגן:

— העי, קלימקאָוו! פּיאַלקאָווסקאַיאַ, ראַיסאַ פּיאָטראָוונאַ — אמת זי איז לוקינס כלה, דיין באַלעבאָס?

— יאָ...

— נו זעסטו!...

— וואָסי? — האָט יעווסיי גיך געפרעגט.

— 'ט זיך דערשטאָכן!

יעווסיי האָט זיך אויפגעהויבן אויף די פיס, און אין פּלייצע האָט אים שרעק א שאַרפן שטאָך געטון.

— מ'האָט זי יעצט געפונען אין שפּייכלער — קום, לאָמיר גיין זעען...

— איך וועל נישט גיין! — האָט יעווסיי געזאָגט און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטול.

זאַרובין איז אַוועק און אויפן וועג געריעדט צו די באַאַמטע:

— איך שבנה דאָך דאָס — זי איז לוקינס כלה, דאָרימיעדאָנטס!

דאָס וואָרט כלה האָט ער אויסגעשריגן באַזונדערס הויך און געשמאַק. יעווסיי האָט אים נאָכגעקוקט, אויסגעגלאָצט די אויגן, און פאַר אים אין דער לופט איז געשוועבן ראַיסאַס קאָפּ און פון אים האָבן זיך, שטראָמענווייז, געגאָסן אירע שווערע צעלאָזטע האָר. דאָס פּנים איז ביי איר געווען בלאָ - גרין, די ליפּן פעסט צענויפגעפרעסט און אויפן אָרט פון די אויגן האָט עס געהאַט פינסטערע, טיפע פלעקן. דאָס דאָזיקע טויטע פּנים האָט געשלאָסן אַלץ אַרום, און פון שרעק און רחמנות האָט ער עס נישט געקאָנט אַוועקטרייבן.

— פאַרוואָס גייסטו נישט עסן מיטאָג? — האָט אים דודקע געפרעגט.

אין קאַנצעלאַריע איז כמעט קיינער נישט געווען. יעווסיי האָט אָפּגעזיפּצט און געענטפעדס:

— די באַלעבאָסטע האָט זיך געשאָכטן.

— אַהאַ... יאָ! נו, טאָ גיי אין שענק...

דודקע איז פאַרזיכטיק אַוועק אָן אַ זייט. יעווסיי איז אויפגעשפּרונגען און אים אָנגעכאַפּט פאַרן אָרבל:

— נעמט מיך צו...

— קום...

— ניין, נעמט מיך אינגאַנצן צו... — האָט אים יעווסיי געבעטן. דודקע האָט זיך אָנגעבויגן:

— וואָס הייסט — אינגאַנצן?

— צו אייך אויף דער וואוינונג... וואוינען מיט אייך... אויף שטענדיק...

— אַהאַ - אַ... נו, לאָמיר נאָר דערווייל גיין עסן... קום!

אין שענק האָט די גאַנצע צייט דורכדרינגלעך געפּייפט אַ קאַנאַריק, דער אַלטער האָט שווייגנדיק געגעסן הייסע קאַרטאָפלעס און יעווסיי האָט נישט געקאָנט עסן און אָפּוואַרטנדיק, פרעגנדיק אים געקוקט אין פּנים אַריין.

— ווילסטו, הייסט עס, וואוינען מיט מיר? .. נו, וואוין... וואוין...

און אַז יעווסיי האָט דערהערט אָט די ווערטער, האָט ער מיטאַמאָל דערפילט, אַז זיי האָבן אים אַזוי - ווי אָפּגעצוימט פון שרעקלעכן לעבן. אַז ער איז צו זיך געקומען, האָט ער דאַנקבאַר געזאָגט:

— איך וועל אייך די שיך פּוצן...

דודקע האָט אַרויסגערוקט פון אונטערן טיש אַ לאַנגן פוס אין אַ צעריסענעם שוך, אַ קוק געטון אויף אים און געזאָגט:

— מע דאַרף נישט... און וו, די באַלעבאָסטע, איז געווען עפּעס אַ וואוילע פרוי?

דעם אַלטנס אויגן האָבן געקוקט צאַרט, גלייך און ווי געבעטן:

— זאָג דעם אמת...

— כ׳ווייס נישט... — האָט יעווסיי אַראָפּגעבלאָזט דעם קאָפּ, און ס׳ערשטע מאָל דערפילט, אז אָט דאָס וואָרט זאָגט ער צו אָפּט.

— אַזוי, — האָט דודקאַ געמורמלט — אַזוי!

— גאָרנישט ווייס איך! — האָט יעווסיי מיטאַמאָל זיך צערעדט, דערפילט אַ דערנידעריקנדיקע אומצופרידנקייט מיט זיך און מיטאַמאָל זיך דערמוטיקט. — כ׳זע דאָס און יענץ... און וואָס דאָס איז צו וואָט דאָס איז אַלץ, קאָן איך נישט פאַרשטיין... ס׳וואָלט געדאַרפט זיין אַ צווייט לעבן...

— אַ צווייטס? — האָט דודקע איבערגעחזרט און פאַרזשמורעט די אויגן.

— יאָ. אַזוי קאָן נישט זיין...

דודקע האָט זיך שטיל צעלאַכט, דערנאָך אַ קלונג געטאָן מיטן מעסער אָן טיש און אַ געשריי געטון צום קעלנער:

— א פלעשל ביר. — אַזוי, הייסט עס, קאָן נישט זיין. איניטערעסאַנט. יאָ - יאָ... מאַ, מ׳וועט זעען — ווער וועמען?..

— זייט אַזוי גוט, דערלויבט מיר מיט אייך צו זיין... — האָט יעווסיי זיבּס׳ניי געזאָגט.

— יאָ, מיר וועלן זיין... גוט...

— איך וועל היינט צו אייך שוין גיין...

— גיי, גיי...

דודקע האָט אָנגעהויבן שווייגנדיק צו טרינקען ביר.

אַז זיי זענען צוריקגעקומען אין אַמט אַריין, האָט דאָרט יעווסייען אָפּגעוואַרט דאָרימיעדאָנט. די באַנדאַזשן האָבן זיך אים צעריסן, דאָס אויג איז פול געווען מיט בלוט, ער איז גיך צוגעגאַנגען צו יעווסייען און אים געהיימנישפול געפרעגט:

— ׳סט געהערט, — ראַיסאַ?..

— געהערט...

— דאָס איז פון שיכּרות... כ׳וועל דיר! — האָט דער אַגענט אַרויסגעמורמלט און צוגעלייגט די געזונטע האַנט צו דער ברוסט.

— איך וועל שוין מער נישט אהיימגיין! — האָט יעוּוסיי געזאָגט.

— ווי - זשע דען? וואוּאהין?

— כ'על וואוינען מיט קאַפּיטאַן איוואַנאָוויטשן...

— נ - נאַ - אַ...

דאָרימיעדאָנט האָט זיך פּלוצלינג באַלעבט, זיך אַרומגעקוקט.

— גיב אַכטונג, ער איז אַ משוגענער... מע האַלט אים דאָ אויס רחמנות... ר'איז אַפילו אַ שעדלעכער מענטש... זיי מיט אים פאָרזיכטיק — וואָס דו ווייסט, זאָלסטו שווייגן...

יעוּוסיי האָט געמיינט, אַז דער אַגענט וועט אים זידלען, איז געווען פאַרחידושט פון זיין הכנעהדיקן געפּליטטער און אויפמערקזאַם געהערט:

— איך וועל פון אָט דער שטאָט אַוועקפאָרן... יאָ, זיי געזונט!.. איך וועל רעדן וועגן דיר מיט מיין שעף, און אַז ער וועט דאַרפן צו האָבן אַ נייעם מענטש, וועט ער זיך דערמאָנען אָן דיר... זיי רויק. נעם צו אויף דיין נייער דירה דיין בעט און אַלץ, וואָס איך האָב דאָרטן — היינט נאָך זאָלסטו עס צונעמען, הערסט? אינבאָוונט וועל איך פון דאַנען אַוועקפאָרן אין האָטעל אריין... נאַ, האָסטו פינף רובל, זיי וועלן דיר צונוץ קומען, פונדעסטוועגן... און שווייג! פאַרשטאַנען?

ער האָט לאַנג, גיך געשעפּטשעט. דאָס אויג איז אים פאַרדעכטיק אַרומגעלאָפן איבער אַלע זייטן, און אַז די טיר האָט זיך געעפנט, איז ער אונטערגעשפּרונגען אויף דער שטול, גלייך ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן. ס'האָט זיך פון אים געשפּירט עפּעס אַ שמירעכטס, ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז עפּעס לייכטער געוואָרן, בידעריקער און אַז ער האָט פאַרלוירן זיין אָנזעעוודיקייט.

— זיי געזונט! — האָט ער געזאָגט, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף יעוּוסייס אַקסל — לעב פאָרזיכטיק. געטרוי נישט קיין מענטשן, קיין פרויען — נאָכמער. ווייס דעם מקח פון געלט. מיט זילבער זאָלסטו קויפן, גאָלד זאָלסטו באַהאַלטן, מיט קופּער זאָלסטו זיך נישט שעמען, מיט אייזן זאָלסטו דיך ווערן — פאַראַן אַזאַ אַלטע קאָזאַקיש שפּראַכוואָרט. איך בין דאָך אַ קאָזאַק, נ - נאַ

יעווסייען איז געווען שווער און אומעטיק צו הערן זיין ווייך־געוואָרן קול. ער האָט אים נישט געגלייבט קיין איין וואָרט און, ווי תּמיד, זיך פֿאַר אים געשראָקן. אַז ער איז אַוועק, איז אים לייכטער געוואָרן אויפֿן האַרצן. ער האָט זיך פֿעסט גענומען צו דער אַרבעט, זיך באַהאַלטן אין איר פֿאַר אַלע דערינערונגען וועגן ראַיסאַן און פֿאַר אַלע געדאַנקען.

עפּעס האָט זיך אין אים איבערגעדרייט יענעם טאָג. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפֿילט ערב אַ ניי לעבן און פֿון דער קרום געקוקט אויף דודקען, וואָס איז געזעסן איינגעבויגן איבערן טיש אין אַ וואָלקן גרויען רויך. און, קעגן זיין ווילן, האָט ער געטראַכט:

— ווי אַלץ מאַכט זיך דאָס אַזוי... מיטאַמאָל! אָט האָט זי־ זיך געשאָכטן... און איך וועל יעצט, אפשר...

ער האָט נישט געוואוסט, וואָס איז אַזוינס דער אפשר, נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער דאַרף צו האָבן, שרעקעוודיק אָפּגעוואַרט דעם אָוונט, געאַרבעט גיך, געוואָלט פֿאַרטרייבן די צייט.

אין אָוונט איז ער געגאַנגען איבער דער גאַס צוזאַמען מיט דודקען און געזען, אַז כמעט אַלע מענטשן באַמערקן דעם אַלטן, מייל שטעלן זיך אַפֿילו אָפּ, קוקן אים נאָך.

דודקע האָט געשפּאַנט נישט גיך, נאָר ברייט, ביים גיין האָט זיך אים געוויגט דער קערפּער, זיך אָנגעבויגן אויף פֿאָרויס־ און דער קאָפּ האָט זיך אים אויך געשאָקלט, ווי ביי אַ הויכן פֿויגל. ער איז געגאַנגען איינגעבויגן, די הענט פֿאַרלייגט אויף הינטן די פּאָלעס פֿונם מאַנטל זענען זיך אים פֿונאַנדערגעגאַנגען און געפֿלאָנטערט איבער די זייטן, ווי צעבראָכענע פֿליגלען.

אין קלימקאָווס אויגן האָט די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די מענטשן צום אַלטן אים נאָך באַזונדער אויסגעטיילט.

— ווי הייסטו?

— יעווסיי...

— יאָהאַן — אַ פֿיינער נאָמען! — האָט דער אַלטער באַמערקט און מיט דער לאַנגער האַנט גלייכגעמאַכט דעם צעקנייטשטן הוט. — איך האָב געהאַט אַ זון — יאָהאַן...

— און וואו איז ער?

— דאָס קער זיך דיר נישט אָן, — האָט דער אַלטער הויך געענטפערט. און נאָך עטלעכע טריט האָט ער צוגעגעבן, מיטן זעלבן טאָן: — אַז מע זאָגט — כ'האָב געהאַט, הייסט עס, אַז ר'איז שוין נישטאָ! שוין נ י ש ט אָ...

ער האָט געעפנט די אונטערשטע ליפּ, אויסגעקעמט זי מיטן קליינעם פינגער און נישט הויך גערעדט:

— מ'עט זעען, ווער — ווער...

דערנאָך אויסגעדרייט דעם האַלז אָן אַ זייט, אָנגעבויגן דעם קאָפּ, און אַריינקוקנדיק קלימקאָווען אין די אויגן, זאַנפט געזאָגט, אויסגעצויגן דעם פינגער פאַר זיך אינדערלופטן:

— היינט דאַרף קומען צו מיר אַ פריינט — כ'האָב אַ פריינט, איינעם. וואָס מיר רעדן, וואָס מיר טוען — דאָס קער זיך דיר נישט אָן... וואָס דו ווייסט — ווייס איך נישט, און וואָס דו טוסט, ווייל איך נישט ווייסן. אַזוי דאַרפסטו אויכעט. אומבאַדינקט...

יעווסיי האָט שווייגנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און דאָס זאָלסטו ווייסן אַ כּלל — זאָג איך — צו אַלע מענטשן זאָלסטו עס אָנווענדן. וועגן דיר ווייסט קיינער נישט — אַזוי דאַרף מאַקע זיין — און דו ווייסט גאָרנישט וועגן אַנדערע. דער וועג פון מענטשלעכן אונטערגאַנג — איז דאָס ווייסן, וואָס דער נישט גוטער מוט פאַרזייען. דאָס גליק — איז די אומוויסנקייט. ס'איז קלאָר.

יעווסיי האָט אויפמערקזאַם געהערט, אַריינגעקוקט אים אין פּנים אַריין, דער אַלטער האָט עס באַמערקט, געוואָרטשעט:

— אין דיר איז פאַראַן, זע איך, עפּעס מענטשלעכס...

און פּלוצלינג, אומדערוואַרט, זיך אָפּגעשטעלט, צוגעגעבן:

— עפּעס מענטשלעכס איז אויך פאַראַן ביי היינט...

נאָך עטלעכע מאָל פאַרקערעווען זיך, זענען זיי איבער שמאָלע, הילצערנע טרעפּ אַריינגעקראָכן אין אַ דושנע בוידעם-שטיבל, וואו ס'איז געווען פינסטער און געשפּירט זיך מיט שטויב. דודקע האָט געגעבן יעווסייען זאַפּאַלקעס און געהייסן אים צולייכטן,

דערנאָך, איינגעבויגן כמעט אינדערהעלפט, האָט ער לאַנג אויפגעשלאָסן די טיר, וואָס איז געווען באַשלאָגן מיט צעריסענעם וואַקסטוך און שטיקלעך וואויליק. יעווסיי האָט צוגעלויכטן, די זאַפּאַלקעס האָבן אים געברענט די הויט, און אין האַרצן האָט בײַ אים אויפגעפלאַמט אַ פרישע האָפענונג.

דער אַלטער האָט געוואוינט אין אַ לאַנגער ווייסער שטוב, מיט אַ בעליק, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ דעכל פון אַ טרומנע. אַנטקעגן דער טיר האָט טונקל זיך געלויכטן אַ ברייט פענסטער, אין לינקן ווינקל בײַם אַרײַנגאַנג איז אומבאַמערקט געשטאַנען אַ קליין איוועלע, בײַ דער וואַנט, לינקס, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַן אַלטפּרענקישער געלער דיוואַן. ס'האָט זיך שטאַרק געפילט דער ריח פון קאַמפּאָרע און טרוקן גראָז.

דער אַלטער האָט געעפנט ס'פענסטער און הויך אָפּגעעטעמט.

— ס'איז גוט, אַז ס'איז אַ ריינע לופט! — האָט ער געזאָגט — וועסט שלאָפן אויפן דיוואַן. ווי אַזוי — כ'האָב פאַרגעסן — הייסטו... אַלעקסיי?

— יעווסיי...

— יאָ, יאָ...

ער האָט גענומען די לאָמפּ פון טיש, אויפגעהויבן זי און אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דער וואַנט.

— אָט איז יאָהאַן, מײַן זון...

אין אַ שמאָל, ווייס רעמל, אומבאַמערקט אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ בילד, געמאַכט מיט דינע בלײַפּערער-שטריכן — אַ יונג, נאָר שטרענג פּנים מיט אַ גרויסן שטערן, אַ שאַרפער נאָז און פאַרעקשנט צונויפגעפּרעסטע ליפּן.

די לאָמפּ בײַ אים אין האַנט האָט געציטערט, דער אַבאַזשור האָט אָנגעקלאַפּט אָן גלעזל, און אָנגעפילט דאָס צימער מיט אַ שטילן, וויינענדיקן קלאַנג.

— יאָהאַן! — האָט איבערגעחזרט, און אַוועקגעשטעלט די לאָמפּ אויפן טיש. — אַ מענטשלעכער נאָמען האָט זייער אַ סך צו זאָגן...

ער האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ אין פענסטער, הויך אין זיך איינגעעטעמט די פרישע לופט, און בישט אויסדרייענדיק זיך צו יעווסייען, געהייסן אים שטעלן דעם סאַמאָוואַר

ווען יעווסיי האָט זיך געפּאָרעט ביים אויוון, איז אַריינגעקומען עפּעס אַ הויקערדיקער פּאַרשוין, שווייגנדיק אַראָפּגענומען דעם שטרויענעם הוט, און פּאָכענדיק זיך מיט אים אין פּנים אַריין, גערעדט מיט אַ שיינער ברוסטיקער שטימע:

— פּאַרגע, כאָטשע ס'איז שוין האַרבסט...

— אהאַ, ביסט געקומען! — האָט זיך דודקע אָפּגערופן. זיי זענען געשטאַנען ביים פענסטער און שטיל צווישן זיך געשמועסט. יעווסיי האָט פאַרשטאַנען, אַז מע רעדט וועגן אים, זיך געוואָלט איינהערן צו זייערע רייד, זיך אָנגעשטרענגט, נאָר גאָרנישט געקאָנט פאַנאַנדערקלייבן. זיי האָבן זיך געזעצט ביים טיש, דודקע האָט אָנגעגאָסן טיי, יעווסיי האָט פון אונטער די ברעמען אַפּער און אומבאַמערקט באַטראַכט דעם גאַסט — דאָס פּנים איז אים אויך געווען ראַזירט, בלוי, מיט אַ ריזיק מויל און דינע ליפּן. די פינסטערע אויגן האָבן טיף געשטעקט אין די גריבער אונטערן הויכן גלאַטן שטערן, דער קאָפּ, גלאַט, ווי אַ טעלער, איז געווען ווינקלדיק און גרויס. די גאַנצע צייט האָט ער שטילינקע געפּויקט איבערן טיש מיט די דינע פינגער.

— נו, לייען! — האָט דודקע געזאָגט.

— פון אָנהייב?

— יאָ...

דער הויקער האָט אַרויסגענומען פון דער רעקל-קעשענע אַ פּעקל פּאַפּירן, אויפגעוויקלט.

— די טיטלען וועל איך אַדורכלאָזן... אָט, ווי ס'איז אַרויסגעקומען:

ער האָט זיך אויסגעהוסט, האַלבגעעפנט די אויגן און אָנגעהויבן צו לייענען.

„...מיר, אונטן-אונטערגעשריבענע, מענטשן פון קיינעם אומבאַקאַנטע און שוין דערוואַקסענע, פאַלן נון שקלאַפיש צו צו אייערע פוס-טריט מיט דער דאַזיקער ביטערער קלאָג, וואָס טוט

זיך אַרויסגעריסן פון דער טיפעניש פון אונזערע הערצער, צעבראָכענע פון לעבן, נאָר וואָס האָבן נישט פאַרלוירן דעם הייליקן גלייבן אין דער רחמנותדיקייט און חכמה פון אייער הויכהייט...״ ס'איז גוט.

— ווייטער! — האָט דודקע געזאָגט.

„פאַר אונז זענט איר דער פאָטער פון רוסישן פאָלק, דער קוואַל פון יעטוועדער חכמה און די איינציקע קראַפט אויף דער וועלט, וואָס איז בכוח...״

— מאַך בעסער — איז אין דער מאַכט — האָט דודקע געזאָגט.

— וואָרט!... „קראַפט אויף דער וועלט, וואָס איז בכוח צו פאַרפעסטיקן און פאַרשטאַרקן אין רוסלאַנד אָרדענונג און יושר...״ דאָ קומט נאָך, ס'זאָל מאַכן אַן איינדרוק, נאָך עפּעס אַ דריט וואָרט, כ'הייס נאָך נישט, וואָסערס...

— פאָרזיכטיקער מיט ווערטער! — האָט דודקע שטרענג, נאָר נישט הויך געזאָגט — געדענק, זיי האָבן דאָרט פאַר יעדן מענטש אַן אַנדער זינען...

דער הויקער האָט אויף אים אַ קוק געטון, פאַרריכט די ברילן.

— יאָ... דאָס ווערט מען שוין זען שפּעטער... „ס'פאַלט זיך פונאַנדער דאָס גרויסע רוסלאַנד, ס'שאַפט זיך אין איר עפּעס אומגעוויינלעכס, ס'געשעט עפּעס שרעקלעכס; די מענטשן, דער־דריקט פון דער פּלאָג פון אָרעמקייט און בעטלערײַ, פאַרסמען זייערע הערצער מיט שנאה, ס'גייט אויס דער געדולדיקער און גוטער רוסישער מענטש, ס'ווערט געבוירן, אָנגעשטעקט מיט גיריקייט, אַן אָנהאַרציקער דור פון מענטשן־וועלף, מענטשן רויבעריש און אכזרים. חרוב איז די אמונה, די פעלקער שלאָגן זיך אין איר הייליקער פעסטונג, און פון אומעטום טוען אויף די שוצלאָזע מענטשן אָנפאַלן נידערטרעכטיקע מענטשן, פאַנגען זיי מיט זייער טייוולאָנישער כיטרעקייט און פירן אויפן וועג פון פאַרברעכן קעגן אַלע דיינע געזעצן, פאָטער פון אונזער לעבן...״

— פּאַטער — זאָגט מען ״״ך צום גלח! — האָט דודקע אַרויסגעבּרומט.

— ס׳געפעלט דיר נישט?

— ניין! מע דאַרף אַביסל אַנדערש...

— ווי אַזוי?

— מע דאַרף אים זאָגן גלייך — ס׳הייבט זיך אָן צווישן די מענטשן אַן אומחשק צום לעבן, אין דריבער דאַרפסטו, וואָס גאָט האָט דיך בּאַרופן...

דער הויקערדיקער האָט קאַטעגאָריש געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— מיר קאָנען נאָר אָנווייזן, נאָר האָבן נישט קיין רעכט צו עצהן...

— ווער איז אונזער שונא און ווי אַזוי הייסט ער? אַטעאיסט, סאָציאַליסט, רעוואָלוציאָנער — אַ דרייגאָרנדיקער נאָמען. דער צעשטערער פון משפחה - לעבן, וואָס פרעסט אויף אונזערע קינדער, דער פאָרגייער פון אַנטיכריסטון...

— מיר גלייבן דאָך נישט אינם אַנטיכריסטו... — האָט דער הויקערדיקער שטיל געזאָגט.

— אַלץ איינס! מיר רעדן אין נאָמען פון מאַסן מענטשן, זיי גלייבן נאָך אין אים... און מע דאַרף אָנווייזן דעם מקור פון יעט־וועדן שלעכטס. וואו זעען מיר עס? אינם פאָרזאָג פון דער פאַר־ניכטונג...

— ער ווייסט עס אַליין...

— ווער וועט אים זאָגן דעם אמת?.. אויף זיינע קינדער הענגט נישט די פּעטלע פון וואַגזין... און אויף וואָס שטיצט זיך זייער פאָרזאָגן? אויף דער אַלגעמיינער גויט און פון דער בייזקייט אַנטקעגן איר. און מיר דאַרפן אים זאָגן גלייך: דו ביסט דער פאָ־טער פון פאָלק און ביסט רייך, גיב - זשע אַוועק דיין פאָלק די אוצרות, וואָס האָסט אָנגעזאַמלט. דערמיט וועסטו אויסראָטן דעם מקור פון שלעכטס, און אַלץ וועט זיין געראַטעוועט דורך דיין האַנט...

דער הויקערדיקער האָט אויפגעצוקט מיט דער ברייטער פּאָר אַקסלען, געשפּנט דאָס מויל ווי אַ גרויסע שמאָלע הייל און געזאָגט:

— פאַר דעם וועט מען אונז אַריינפּאַקן אין קאַטאָרגע.

און אָנגעקוקט יעווסייען מיטן באַלעבאָס.

קלימקאָוו האָט אויסגעהערט דאָס לייענען און דעם שמועס, ווי אַ מעשהלע, און געפילט, אַז אַלע ווערטער גייען אים אַריין אין קאָפּ און וועלן שוין אַלעמאָל בלייבן שטעקן אין זכרון. האַלב־געעפנט דאָס מויל, האָט ער געקוקט מיט די אַרויסקוילערנדיקע אויגן אַמאָל אויף דעם, אַמאָל אויף יענעם און אַז דעם הויקערדיקנס טונקעלער בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף זיין פּנים, האָט ער אַפילו נישט קיין פינגל געטון, פאַרבליפט מיט דעם, וואָס איז פאָרגעקומען.

— פונדעסטוועגן, — האָט דער הויקערדיקער געזאָגט — טויג עס נישט.

— וואָס טוסטו, קלימקאָוו? — האָט דודקע טעמפּ געפרעגט.

יעווסייען איז טרוקן געוואָרן אין האַלז, ער האָט נישט מיט־אַמאָל געענטפערט:

— כ'העד...

און פּלוצלונג פאַרשטאַנען פון זייערע פּנימער, אַז מע גלייבט אים נישט, מ'האָט מורא פאַר אים. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער שטול און אָנגעהויבן צו רעדן, זיך געפּלאָנטערט אין די רייד:

— איך וועל קיינעם נישט אויסזאָגן... איך דאַרף עס אַליין צו האָבן... דערלויבט מיר צו הערן... איך האָב דאָך אייך אויך געזאָגט, קאַפּיטאָן איוואַנאָוויטש, אַז אַלץ דאַרף ווערן אַנדערש איבערגעבויט...

— זעסט? — האָט דודקע בייז געהעשעט, אָנווייזנדיק אויף יעווסייען מיטן פינגער — זעסט, אַנטאָן... אָט זעסטו, וואָס דאָס איז? נאָך אַ יינגל, אַ יינגעלע — און פונדעסטוועגן זאָגט עס שוין — מע דאַרף אַנדערש מאַכן... אַן אַנדער לעבן... אָט פונוואַנעז די דאָזיקע לייט שעפּן זייערע כוחות...

— נו, יאָ... — האָט דער הויקערדיקער געזאָגט.

יעווסיי איז רויט געוואָרן, זיך צעראָפּגעלאָזט אויף דער שטול. דודקע האָט שטרענג באַוועגט מיט די ליפּן, זיך אָנגעבויגן צו אים און גערעדט:

— זאָלסט וויסן זיין — מיר שרייבן דאָ א בריוו צום קייסער, בעטן אים, ער זאָל אָננעמען שטרענגערע מיטלען קעגן די, וועמען מ'איז חושד אין פּאָליטישע חטאים, פאַרשטייסט?

— כ'פאַרשטיי, — האָט קלימקאָוו געענטפערט.

— די דאָזיקע מענטשן — האָט דער הויקערדיקער פאַמעלעך און דייטלעך געגעבן צו פאַרשטיין — זענען אַגענטן פון פרעמדע מלוכות, מייסטנטיילס פון ענגלאַנד, זיי באַקומען ריזיקע געהאַלטער, זיי זאָלן בונטעווען דאָס רוסישע פאָלק און אָפּשוואַכן אונזער פאָטערלאַנד. די ענגלענדער דאַרפן עס צו האָבן צוליב דעם, כדי מיר זאָלן נישט אָפּנעמען ביי זיי אינדיע...

זיי האָבן גערעדט צו יעווסייען לויט דער רייע — האָט איינער געענדיקט, האָט דער צווייטער אָנגעהויבן, און ער האָט געהערט און זיך באַמיט צו געדענקען זייערע געשיקטע קלוגע רעדעס און איז מיד געוואָרן, פאַרשפּורט פון נישטגעוויינטער מוח-אַרבעט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד וועט ער פאַרשטיין עפּעס ריזיקס, וואָס זאָל אים באַלייכטן ס'גאַנצע לעבן, אַלע מענטשן, אַלע זייערע אומגליקן און זייער בייזע גערייצטקייט. אומאויסדריקלעך אָנגענעם איז אים געווען דאָס באַוואוסטזיין, אַז צוויי קלוגע מענטשן רעדן מיט אים, ווי מיט א דערוואַקסענעם, און ס'האָט אים מעכטיק אַרומגענומען דאָס געפיל פון דאַנקבאַרקייט און דרך-ארץ צו די דאָזיקע מענטשן, אַזויגע אָרעמע, שלעכט-אָנגעטוענע, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק זיך פאַרנומען מיט דער זאָרג צו שאַפן א ניי לעבן. נאָר איינגיכן איז אים דער קאָפּ שווער געוואָרן, גלייך ווי אָנגעגאָסן מיט בליי, און דערדריקט מיטן געפיל פון עפּעס א ציענדיקער פוסטקייט אין דער ברוסט, האָט ער נישט-וועלנדיק פאַרמאַכט די אויגן.

— גיי, לייג דיך שלאָפן! — האָט דודקע געזאָגט.

קלימקאָוו איז הכנעהדיק אויפגעשטאַנען, פאַרזיכטיק זיך אויסגעטון און זיך געלייגט אויפן דיוואַן.

האַרבסט-נאַכט האָט אַריינגעשטעמט אין פענסטער מיט וואַרעמער און דריקנדיקער פייכטקייט, אויף שוואַרצן הימל האָבן געפינקלט, פליענדיק וואַסאַמאַל העכער, טויזנטער העלע שטערן; דאָס פייער פון לאָמפּ האָט געציטערט און זיך אויך געריסן אַראָפּצו. צוויי מענטשן, אָנגעבויגן איינער צום אַנדערן, האָבן מיושבדיק און שטיל געלייענט, גערעדט. און אַלץ אַרום איז געווען אַזוי געהיימנישפול, היימיש און אָנגענעם געהויבן ערגעץ-וואו-אַ הין צו נייעם, גוטן

# VIII

שוין אין עטלעכע טעג אַרום נאָך זיין וואוינען מיט קאַפּיטאַן איוואַנאָוויטשן, האָט קלימקאָוו אין זיך דערפילט עפעס חשובדיקס. פריער, אַז ער פלעגט זיך ווענדן צו די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן באַדינט די קאַנצעלאַריע, האָט ער גערעדט מיט זיי שטיל און דרך-ארצדיק, און יעצט האָט ער מיט אַ שטרענג קול צוגערופן צו זיך דעם אַלטן בוטיענקאָ און געמאַכט אים אַ שטרענגן אויסרייד:

— גיב אַ קוק — מיין טינטאַרן איז פול מיט פליגן — ווי אַזוי וועל איך אַצינדערט שרייבן?..

דער גרויער, מיט מעדאַלן באַהאָנגענער זעלנער האָט, ווי אַלעמאָל, גוטמוטיק און מענה-לשונדיק ערקלערט:

— טינטאָרנס איז דאָ סך הכל פיר און דרייסיק, און פליגן זענען פאַראַנען אין די טויזנטער — אַלע זענען זיי דורשטיק, קריכן זיי אין די טינטערס אַריין. וואָס זאָלן זיי געבעך טון?

— וואַש אויס און גיס אָן פרישע!... — האָט קלימקאָוו באַפוילן, דערנאָך אַוועק און גאַרדעראָב, זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן שפיגל, אויפמערקזאַם באַטראַכט זיין גרוי, ווינקלדיק, דאַר פּנים, מיטן שאַרפן קליינעם נאָז און די דינינקע ליפּן. ער האָט

אויפגעזוכט אויף דער אייבערשטער ליפּ אַ סימן פון וואָנסעס, אַריינגעקוקט אין זיינע וואַסערדיקע, נישט־זיכערע אויגן.

— מע דאַרף זיך אָפּשערן, — האָט ער באַשלאָסן, ווען ס'האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צוצוגלעטן די העלע שיטערע קודלעס האָר אויפן קאָפּ. — און מע דאַרף טראָגן געקראָכמאַלטע קעלנער, ווייל כ'האָב אַ דאַרן האַלז.

דעם זעלבן טאָג אין אָוונט האָט ער זיך אָפּגעשוירן, געקויפט צוויי קעלנערלעך און זיך נאָך מער דערפילט פאַר אַ מענטש.

דודקע האָט זיך צו אים באַצויגן אויפמערקזאַם און גוטמוטיק, נאָר אָפּט האָט אין זיינע אויגן געבלאַנצט אַ חוזק־שמייכל, אַרויסגערופן ביי קלימקאָווען אַן אומעט און אַ שעמעוודיקייט. אַז דער הויקערדיקער פלעגט קומען, פלעגט דעם אַלטנס פנים באַקומען אַן ערנסט אויסזען, דאָס קול האָט שטרענג געקלונגען, און כמעט אַלעמאָל פלעגט ער אָפּאָנירן אָפּגעריסן אויף דעם פריינטס ווערטער:

— נישט דאָס... נישט אַזוי... ניין, ביסט נישט קליגער פון מיר. דיין מוח איז ווי אַ שלעכטע ביקס — ס'צעפירט די געדאַנקען אויף אַלע זייטן; און דו סטאַרע זיך צו שיסן אַזוי, אַז די אַלע קוילן זאָלן טרעפן אין ציל, אַלץ צוזאַמען.

דער הויקערדיקער האָט אומעטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און מיט אַ געדיכט קול געענטפערט:

— וואַרט — קיין גוטס מאַכט זיך נישט אַזוי גיך... מע דאַרף צואַרבעטן...

— די צייט שטייט נישט, דער שונא וואַקסט...

— צווישן אַנדערע, האָב איך באַגעגנט אַ מענטש — האָט דער הויקערדיקער איינמאָל געזאָגט, — נישט ווייט פון מיר זיך באַזעצט. אַ הויכער, מיט אַ שאַרפער באָרד, מיט פאַרזשמורעטע אויגן, גייט גיך. פרעג איך דעם סטרוזש — וואו אַרבעט ער? מאַכט ער: ר'איז ערשט געקומען זוכן אַ שטעלע. האָב איך גלייך געגעבן אַ שרייב אָן אַ בריוו אין דער אָכראַנע — גיט אַכטונג!...

דודקע האָט איבערגעריסן די רייד, מיט אַ ברייטער האַנטבאַוועגונג צעזעגט די לופט.

— דאָס איז נישט וויכטיק! אין הויז איז פייכט — דערפאַר ענען פאַראַן ווערעם. אַזוי וואַקסן זיי נישט אויסראָטן. מע דאַרף אויסטריקענען דאָס גאַנצע הויז...

— איך בין אַ זעלנער — האָט ער געזאָגט און געטייטלט אויף זיך מיטן פינגער, — איך האָב אָגגעפירט מיט אַ האַלבער ראָטע זעלנער און פאַרשטיי, ווי די וועלט איז געבויט. מע דאַרף, אַז אַלע זאָלן גוט קענען דאָס געזעץ, דאָס באַשאַפט די איינשטימיקייט. וואָס שטערט צו קענען די געזעצן? אָרעמקייט, ווייל נאַרישקייט ציט דאָך אויך איר יניקה אין אָרעמקייט. פאַרוואָס קענסטו ער נישט קעגן דעם דלות? אין איר שטעקט דער מקור פון מענטשלעכער משוגעת און שנאה אַנטקעגן אים, דעם קיסר...

יעווסיי האָט גיריק געשלונגען דעם אַלטנס ווערטער און אים געגלייבט: דער מקור פון אַלע אומגליקן אין מענטשלעכן לעבן — דאָס איז די אָרעמקייט. דאָס איז קלאָר פונדאַנען נעמט זיך כל דאָס בייז, שנאה, אַכזריות, פונדאַנען איז די גיריקייט און דער געמיינזאַמער פאַר אַלע מענטשן פחד פאַרן לעבן, די מורא פון איינעם פאַרן אַנדערן. דודקעס פּלאַן איז געווען אַ גאַנץ פשוטער: דער קיסר איז רייך, דאָס פאָלק איז אָרעם, זאָל דער קיסר אַוועקגעבן דעם פאָלק זיינע רייכטימער, און דעמאָלט וועלן אַלע זיין זאַט און גוט.

זיין באַציונג צו מענטשן האָט זיך געענדערט: כאָטש ער איז געבליבן אַזוי אונטערטעניק, ווי פריער, איז ער יעצט געוואָרן דרייסטער און אָנגעהויבן צו קוקן אויף אַלעמען ניכטער, מיט אויגן פון אַ מענטש, וואָס האָט פאַרשטאַנען דעם סוד פון לעבן און וואָס קאָן דערווייזן, וואו ס'איז דער וועג צום וואוילשטאַנד און שלום...

ער האָט געפילט אַ נייטיקייט זיך צו באַרימען מיט זיין קענטעניש, — איינמאָל, עסנדיק מיטאָג אין שענק צוזאַמען מיט יאַקאָוו זאַרובינען, האָט ער אים מיט שטאָלץ אויפגעקלערט דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געהערט פונם אַלטן און פון זיין הויקערדיקן פריינט.

זאַרובינס שמאָלע אייגעלעך האָבן אויפגעפלאַמט, ער האָט זיך אינגאַנצן אַ קוילער געטון, זיך צעשויבערט די האָר, אַריינגעלאָזט אין זיי די פינגער פון ביידע הענט און שטיל אויסגערופן:

— דאָס איז אמת, אויף מיין וואָרט! טאַקע אַזוי, וואָס איז דאָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר! ער האָט טויזנטער מיליאָנען, און מיר דאָ גייען אויס. ווער האָט עס דיך אַזוי אויסגעלערנט?

— קיינער נישט! — האָט יעווסיי האַרט געזאָגט. — כ'האָב עס אַליין אויסגעטראַכט.

— ניין, זאָג דעם אמת! וואו האָסטו עס געהערט?

— כ'זאָג דאָך דיר — כ'האָב ס אַליין דערטראַכט...

יאַקאָוו האָט אים צופרידן אָנגעקוקט.

— אויב אַזוי — האָסטו אַ נשקשהדיקן קאָפּ. נאָר דו זאָגסט ליגן!

יעווסיי האָט זיך באַליידיקט.

— ס'איז מיר אַלץ איינס — גלייב נישט. דיר איז ערגער...

— מיר? — האָט יאַקאָוו געפרעגט און זיך צעלאַכט, פריידעך און שטאַרק זיך געריבן די הענט.

און אין צוויי טעג אַרום איז צו יעווסייס טיש צוגעקומען דער פריסטאַוו-געהילף און עפּעס אַ גרויאַויגיקער הער מיט אַ קיילעכדיקן, גלאַט-ראַזירטן קאָפּ און אַן אומעטיק, געל פנים.

— דו, קלימקאָוו, ווערסט איבערגעשיקט אין דער אָכראַנע-אָפּטיילונג! — האָט דער פּאָליציאַנט געזאָגט נישט הויך, דייטלעך און טרוקן. — דעם טיש דיינעם האָסטו פאַרשלאָסן?

— ניין...

יעווסיי האָט זיך אויפגעהויבן פון דער שטול, די פיס האָבן אים אויפגעצוקט און ער האָט זיך ווידער געזעצט. דער געגעלטער פאַרשוין האָט זיך בענטער צוגערוקט.

— ערלויבט! — האָט ער טרוקן געזאָגט, אַרויסגענומען די שופלאָד און אַרויסגענומען פון איר אַלע פּאַפּירן.

צעגאָסן, גאָרנישט פאַרשטייענדיק, האָט זיך קלימקאָוו ערשט דערפילט אין אַ האַלבפינסטערן צימער, ביי אַ טיש, באַדעקט מיט גרי-

נעם געוואַנט. אין זיין ברוסט האָט זיך אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט אַ כוואַליע פון בענקשאַפט, אונטער די פיס האָט זיך געשאָקלט די פּאָדלאָגע, און די ווענט פונם צימער, אָנגעפילט מיט גרינעם בין־השמשות, האָבן זיך שווימענדיק געדרייט. איבערן טיש האָט זיך געווייסט עמעצנס אַ פּנים, אַרומגערעמט אין אַ געדיכטער, שוואַרצער באָרד, האָבן געפינקלט אַ פּאָר בלויע ברילן. יעווסיי האָט אומאויפהערלעך גלייך געקוקט אין די שויבן אַריין, אין דער בלויער, אָפּגרונטלאָזער פינסטערניש, זי האָט זיך געצויגן און, דאַכט זיך, אויסגעצויגן דאָס בלוט פון זיינע אָדערן. נישט דערוואַרטנדיק קיין ענטפער, האָט קלימקאָוו שטיל דערציילט וועגן דודקען און זיין הויקערדיקן פריינט. ער האָט גוט געדענקט זייערע ווערטער דערציילט אַלע ענצלהייטן, גערעדט גענוי און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער נעמט זיך אַראָפּ פון האַרץ אַ דין פלעסטערל הויט.

אַ הויך, זעגידיק קול האָט אים איבערגעריסן:

— הייסט עס, אַז אין אַלעם איז שולדיק דער קיסר — אַזוי האָבן זיי געזאָגט, אָט די אייזלען?

— יאָ...

דער מענטש מיט די בלויע ברילן האָט פויל אויסגעצויגן די האַנט, גענומען דאָס טעלעפאָן־טרייבל און מיט חוזק געפרעגט:

— ביעלקין, איר זענט עס?.. יאָ... באַפעלט, מיין טייערער, היינט ביינאַכט צו רעווידירן און צו אַרעסטירן צוויי אידיאָטן, אַ־אַ... דעם באַאַמטן פון פּאָליציי־אַמט קאַפּיטאָן רעאוסאָוון... אַ־אַ... און דעם באַאַמטן פון דער מלוכה־קאַמער אַנטאָן דריאַגינען... וויל? נו, יאָ, פאַרשטייט זיך...

יעווסיי האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט פאַרן עק טיש, דערפילט אין די אויגן אַ טעמפּן ווייטאָק.

— אַזוי, מיין פריינט! — האָט דער מענטש מיט דער שוואַרצער באָרד געזאָגט, זיך אויסגעצויגן אויף דעם שטול־אָנלען, צעפירט די באָרד מיטביידע הענט, געבאַמבלט מיט דער בליי־פעדער, אַ וואָרף געטון זי אויפן טיש און אַריינגערוקט די הענט

אין די וועסט - קעשענעס. ער האָט פיינלעך לאנג געשוויגן, דער-נאָך באזונדער און שטרענג געפרעגט:

— וואָס זאָל איך יעצט מיט דיר טון?

— זייט מיר מוחל! — האָט יעווסיי שפּטשענדיק געבעטן.

— קלימקאָוו? — האָט דער שוואַרצער אים נישט געענט-פערט. — דעם דאָזיקן נאָמען האָב איך, דאַכט זיך, ערגעץ - וואו שוין געהערט...

— זייט מיר מוחל... — האָט יעווסיי איבערגעחזרט.

— און דו פילסט זיך שטאַרק שולדיק?

— שטאַרק...

— דאָס איז גוט... און אין וואָס נאָך ביסטו שולדיק?

קלימקאָוו האָט געשוויגן. אָט דער דאָזיקער שוואַרצער מענטש איז געזעסן אַזוי באַקוועם און רויק, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער וועט שוין קיינמאָל מער נישט אָפּלאָזן יעווסייען פון אָט דעם צימער.

— ווייסט נישט? — האָט ער געפרעגט און פאַרגעלייגט — גיב אַ קלער...

האָט קלימקאָוו אָנגענומען אין דער ברוסט אַ סך לופט און אָנגעהויבן דערציילן וועגן ראַיסאַן און וועגן דעם, ווי זי האָט דערשטיקט דעם אַלטן.

— לוקין? — האָט דער מענטש אין די בלויע ברילן גלייכגילטיק זיך אויסגעגענעצט. — אַהאַ, דערפאַר איז מיר באַקאַנט דיין נאָמען!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו יעווסייען, אויפ-געהויבן מיטן פינגער די גאָמבע, עפּלעכע מינוט אים אַריינגעקוקט אין פנים אַריין און דערנאָך אָנגעקלונגען.

שווער טאָפּטשענדיק, האָט זיך אין דער טיר אָוועקגעשטעלט אַ גרויסער, געשטופּלטער בחור, מיט ריזיקע הענט. ער האָט צעשפּרייט די רויטע פינגער, שרעקלעך מיט זיי באַוועגט און געקוקט אויף יעווסייען.

— נעם אים, סעמיאָנאָוו...

— אין דער ווינקלקאַמער? — האָט דער בחור טעמפּ געפרעגט.

— יאָ...

— גיי! — האָט סעמיאָנאָוו געזאָגט.

קלימקאָוו האָט געוואָלט פאַלן אויף די קני, ער האָט שוין געהאַט אונטערגעבויגן די פיס, נאָר דער פאַרשוין האָט אים אַ כאַפּ געטון אונטער דער האַנט און מיטגעשלעפּט מיט זיך — איבערן לאַנגן קאָרידאָר און אַראָפּ, איבער די שטיינערנע טרעפּ.

— וואָס האָסטו זיך, פאַרזעעניש, דערשראָקן? — האָט ער געזאָגט און אַריינגעשטופּט יעווסייען אין אַ קליין טירל. — אַזאַ גאָרנישט, נישט קיין הויט, נישט קיין פּנים — און בונטעוועסט זיך אויכעט?

די דאָזיקע ווערטער האָבן שוין יעווסייען אינגאַנצן דער-דריקט.

אויסגעצויגן די הענט, איז ער געגאַנגען פאָרויס, זיך אָנגע-שטויסן אָן דער וואַנט, געהערט הינטער דער טיר שווערן געבראַזג פון אייזן און זיך געזעצט אויף דער ערד, אַרומגענומען מיט די הענט די קני און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אַ שווערע שטילקייט האָט זיך אויף אים אַרויפגעוואָרפן.

קלימקאָוון האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט באַלד שטאַרבן. ער איז אויפגעשפּרונגען פון דער פּאָדלאָגע, און, ווי אַ מויז, שטיל אָנגעהויבן אַרומצולויפן איבערן צימער, געפּאַכעט מיט די הענט. ער האָט אַרומגעטאַפּט די נאָרע, וואָס איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ האַרטן קאָץ, דעם טיש, די שטול, איז אונטערגעלאָפן צו דער טיר, געשאָקלט זי, געזעען אין דער וואַנט אַנטקעגן דער טיר אַ קליין פירקאַנטיק פענסטער און זיך צו עס געוואָרפן. עס איז געווען נידעריקער פון דער ערד, אין אַ גרוב, באַדעקט פון אויבן מיט אַ גראָבער אייזערנער נעץ, שטיקער שניי זענען דורך איר אַדורכגעפאַלן און געקראָכן איבערן ברודיקן גלאָז. קלימקאָוו האָט זיך שטיל אומגעקערט צו דער טיר, אָנגעלענט אָן איר דעם שטערן און פול בענקעניש געשעפּטשעט:

— זייט מיר מוחל... לאָזט מיך אַרויס...

דערנאָך זיך ווידער אראָפּגעלאָזט אויף דער פּאָדלאָגע, דאָס :אוואוסטויין האָט זיך אים פאַרלאָשן, פאַרגאָסן מיט אַ כוואַליע 'איש.

שוואַרצע און גרויע שורות טעג און נעכט האָבן זיך פּאַמע-
:עך געצויגן, פאַרסמט די נשמה מיט עסעדיקער שוואַכקייט. זיי 'ענען געקראָכן אין שטומער שטילקייט, פול געווען מיט שלעכטע :התראות און פאַרגעפּילן, און קיין שום זאַך האָט נישט אָנגעוויזן, :זען זיי וועלן ענדיקן זייער פייניקנדיקן פאַמעלעכדיקן פלוס. אין 'עווסייס נשמה איז אַלץ אַנטשוויגן געוואָרן, פאַרשטאַרט, ער האָט :ישט געוועגט און נישט געקאָנט טראַכטן, און אַז ער פלעגט אַרומגיין, פלעגט ער זיך סטאַרען, אַז מע זאָל נישט הערן זיינע טריט.

אויפן צענטן טאָג האָט אים מען ווידער אַוועקגעשטעלט פאַר דעם מענטש מיט די בלויע ברילן און אַן אַנדערן, דער זעלבער, וואָס האָט אים אַהער:עברענגט.

— נישט גוט דאָרטן, קלימקאָוו, האַ? — האָט אים דער שוואַרצער געפרעגט און געטשמאָקעט מיט דער גראָבער און רוי-טער הינטערשטער ליפּ. זיין הויך קול האָט מאָדנע געקלונגען, גלייך ווי אָט דער דאָזיקער מענטש האָט אינערלעך געלאַכט. אין די בלויע ברילן - גלעזלעך האָט זיך אָפּגעשלאָגן די עלעקטרישע ליכט, פון די ברילן זענען אויף יעווסייס האַרצן געפאַלן מעכטיקע שטראַלן און אים אָנגעפילט מיט שקלאַפישער גרייטקייט צו טון אַלץ, וואָס מע דאַרף, כדי וואָס גיכער אַדורכגיין פאַרביי אָט דער מענגע קלעפּיקע טעג, איינגעזויגענע אין פינסטערניש, וואָס דראָען מיט משוגעת.

— לאָזט מיך אָפּ! — האָט ער שטיל געבעטן.

— יאָ, איך וועל עס טון. נאָכמער! איך וועל דיך צונע-מען אויף דינסט, און יעצט וועסטו קאָנען אַליין איינזעצן מענטשן דאָרט אַהין, פון וואַנען ביסט אַליין אַרויס... דאָרט אַהין, און אין אַנדערע איינציקע שטיבלעך.

ער האָט זיך צעלאַכט, געסמאָטשקעט מיט דער ליפּ, און קלימקאָוו האָט זיך פאַר אים שווייגנדיק פאַרנייגט.

— פאַר דיר האָט געבעטן לוקין, עליו - השלום, און אין אָנדענק פון זיין ערלעכער דינסט גיב איך דיר די שטעלע. וועסט באַקומען דערווייל פינף און צוואָנציק רובל אַ חודש...

די ווערטער זענען אים אַריין אין האַרצן און אין מוח און זיך דאָרט אויסגעשטעלט איינע נאָך דער אַנדערער, גלייך עס וואָלט זיי געשריבן אַ באַפעלערישע האַנט. ער האָט זיך פאַרנייגט.

— אָט וועט פיאָטר פיאָטראָוויטש זיין דיין שעף און לערער; די דאַרפסט אויספירן דאָס אַלץ, וואָס ער וועט דיר הייסן... פאַרשטאַנען? איז, הייסט עס, געמאַכט — ער וועט וואוינען צוזאַמען מיט אייך?

— יאָ! — האָט דער גרויאויגיקער מענטש הויך געזאָגט. — אַזוי וועט מיר זיין באַקוועמער.

— גוט.

און, ווידער זיך ווענדנדיק צו יעווסייען, האָט דער שוואַרצער צו אים אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַ ווייך געוואָרן קול עפּעס טרייסטנדיקס, צוזאָגנדיקס, און יעווסיי האָט זיך באַמיט איינצושלינגען זיינע ווערט.ר, און נישט פינטלענדיק מיט די אויגן, נאָכגעקוקט די שווערע באַוועגונגען פון דער רויטער ליפּ אונטער די וואָנסעס...

— געדענק, וועסט יעצט אָפּהיטן די הייליקע פּערזאָן פונם קיסר פון פאַרשווערונגען אויף זיין לעבן און זיין געטלעכער מאַכט... פאַרשטאַנען?

— כ׳דאַנק אייך אונטערטעניקסט! — האָט יעווסיי שטיל געזאָגט.

און פיאָטר פיאָטראָוויטש האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און גיך געזאָגט:

— איך וועל אים שוין אַלץ דערקלערן... איך מוז שוין גיין...

— גייט, גייט! נו, גיי, קלימקאָוו... אַרבעט, ברודער, גוט, און וועסט זיין צופרידן, וועסט זיין גליקלעך. נאָר פאַרגעס נישט, פונדעסטוועגן, אַז דו האָסט גענומען אַן אָנטייל אין דער דערמאָרדונג פונם בוקינסט ראַספּאָפּאָוו, האָסט זיך דאָך אַליין מודה געווען

יערין, און איך האָב פאַרשריבן דיינע דערקלערונגען — פאַרשטייסט? נו, אַ גוטן!

פיליפּ פיליפּאָוויטש האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, זיין אומבאַוועגלעכע באָרד, ווי אויסגעשניטן פון האָלץ, האָט זיך אײַנגאַנצן אַ וויג געטון, און ער האָט אויסגעשטעקט צו יעווסייען אַ ווייסע, פולכנע האַנט מיט גאָלדענע רינגען אויף די קורצע פינגער. יעווסיי האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ ציטער געטון.

— ס׳אַראַ פּחדן דו ביסט, ברודערל! — האָט פיליפּ פיליפּאָוויטש דינינקע אויסגעשריגן און געלאַכט מיט אַ גלעזערן געלעכטערל. — יעצט האָסטו שוין פאַר גאָרנישט מורא צו האָבן, ביסט יעצט דעם קיסרס דינער און דאַרפסט זיין רויק, דרייסט... יעצט ביסטו אויף אַ פעסטן באָדן, פאַרשטייסט?

אַז יעווסיי איז אַרויס אויף דער גאַס, האָט אים פאַרפעלט אָטעם, עד האָט זיך אַ וואַקל געטון און שיער נישט אומגעפאַלן. פּיאָטר האָט אויפגעהויבן דעם קאָלנער פון פאַלטן, זיך אַרומגעקוקט, מיט איין האַנט צוגערופן אַ דראָזשקער און נישט הויך געזאָגט:

— פאָר אַהיים צו מיר...

יעווסיי האָט פון דער זייט אויף אים אַ קוק געטאָן און שיער נישט אַ געשריי געטון — אויף פּיאָטרס גלאַטן ראַזירטן פּנים זענען מיטאַמאָל אויסגעוואָקסן נישט - גרויסע העלע וואָנסעס.

— נו, וואָס ׳סטו אַזוי געעפנט ס׳מויל? — האָט ער אים בייז און אומצופרידן געפרעגט, באַמערקנדיק זיין אומצופרידנקייט. יעווסיי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך באַמיט קעגן זיין ווילן נישט צו קוקן אין פּנים אַריין דעם נייעם באַלעבאָס פון זיין גורל.

יענער האָט די גאַנצע צייט עפעס אויסגערעכנט אויף די פינגער. איינגעבויגן איינעם נאָכן אַנדערן, געכמורעט די ברעמען, געביסן די ליפּן און צייטנווייז בייז געגעדעט צום דראָזשקער:

— נו, גיכער...

ס׳איז געגאַנגען אַ שניי און אַ רעגן, נאַסע קלאַנגען זענען אַרומגעפלויגן אין דער לופטן, ס׳איז געווען קאַלט, און יעווסייען

אָט זיך אויסגעוויזן, אַז די דראָזשקע גליטשט זיך די גאַנצע צייט אַראָפּ פון אַ געשלענגלטן באַרג אין אַ שוואַרצן, ברודיקן אָפּגרונט. זיי זענען געבליבן שטיין ביי אַ דריישטאָקיק הויז. צווישן דריי שורות בלינדע און פינסטערע פענסטער האָבן געלויכטן עטלעכע פענסטער, באַלויכטן פון אינעווייניק מיט אַ קראַנק, געל פייער. פון דאַך, שלוכצנדיק, האָבן זיך געגאָסן שטראָמען וואַסער.

— גיי אַרויף! האָט פּיאָטר באַפוילן. — ער איז שוין ווידער געווען אָן וואָנסעס.

זיי זענען אַרויף אויף טרעפּ, לאַנג געגאַנגען אין אַ לאַנגן קאָרידאָר פאַרביי ווייסע טירן. יעווסייען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ תפיסה. נאָר אַ געדיכטער ריח פון הייסן לויג און שוואַקס האָט אים געקיצלט אין דער נאָז און דערוויזן, אַז ס'איז נישט קיין תפיסה...

פּיאָטר האָט גיך געעפנט איינע פון די ווייסע טירן, באַלויכטן דעם צימער מיט צוויי עלעקטערישע לעמפלעך, פאַרעקשנט געקוקט אין אַלע ווינקלעך און אויסטוענדיק זיך טרוקן און געדיכט געזאָגט:

— מ'עט דיך פרעגן, ווער דו ביסט, זאָלסטו ענטפערן, אַז ביסט מיין גלידגעשוועסטערקינד, געקומען צופאָרן פון צאַרסקאָיע סעלאָ זיך צו זוכן אַ שטעלע — געדענק, זאָלסט זיך נישט פאַרהאַקן!

דאָס פּנים האָט אים אויסגעזעען צו זיין ערנסט, די אויגן האָבן אומפרייילעך געפינקלט, די ווערטער זענען געווען אָפּגעריסן, די דינע ליפּן האָבן זיך די גאַנצע צייט געקרימט, געציטערט. ער האָט אָנגעקלונגען, געעפנט די טיר, אַרויסגערוקט דעם קאָפּ און פאַרהויז אַריין און אַ געשריי געטאָן:

— גיב אַריין דעם סאַמאָוואַר, איוואַן...

יעווסיי האָט זיך אומהיימלעך אַרומגעקוקט, געשטאַנען אין ווינקל פון צימער און טעמפּ געוואַרט אויף עפּעס.

— טו זיך אויס, זעץ זיך... וועסט וואוינען אין שכנותדיקן צימער... — האָט דער אַגענט געזאָגט און גיך צערוקט דעם קאָרטןטיש. ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ נאָטיץ-בוך, אַ טאַליע

קאָרטן, צעלייגט זיי אויף פיר הענט און ווייטער גערעדט, נישט קוקנדיק אויף יעווסייען:

— די פאַרשטייסט, מן - הסתם, אַז אונזער אַרבעט איז אַ געהיימע, מיר דאַרפן זיך באַהאַלטן, אַנישט וועט מען אונז דער־הרגענען, אַזוי ווי מ׳האָט לוקינען דערהרגעט...

— מ׳האָט אים דערהרגעט? — האָט יעווסיי שטילינקע גע־פרעגט.

— נו, יאָ — האָט פיאָטר גלייכגילטיק געזאָגט.

ער האָט זיך אָפּגעווישט דעם שטערן און באַקוקט די צע־טאַשטע קאָרטן.

— אַ רעשט פון טויזנט צוויייהונדערט פערצן... איך האָב אַ טויז פון זיבן אויגן, דאַמע פיק...

ער האָט עפּעס פאַרשריבן אין ביכל, און נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, ווייטער גערעדט, גערעדט מיט צוויי שטימען — נישט־זאַנפט און ערנסט, ווען ער האָט געציילט די קאָרטן, און טרוקן, קלאָר און גיך, ווען ער האָט יעווסייען געגעבן צו פאַרשטיין:

— די רעוואָלוציאָנערן — דאָס זענען די שונאים פון קיסר און פון גאָט... אַ צענערל אויגן, אַ דרייערל וואַלעט פיק... זיי זענען אונטערגעקויפט פון די דייטשן, כדי חרוב צו מאַכן רוס־לאַנד... מיר, רוסישע, האָבן זיך אַלץ אַליין געטון, און די דייטשן... מלך, אַ פינפערל און אַ ניינטל... כאַפּט עס דער רוח! שוין ס׳זעכצנטע מאָל אַריינגעפאַלן!..

ער איז פּלוצלינג פרייליך געוואָרן, די אויגן האָבן אים אויפגעבליצט און אויפן פּנים האָט זיך אָפּגעשלאָגן עפּעס ווייכס, צופרידנס.

— וואָס האָב איך געהאַלטן אינמיטן רעדן? — האָט ער יעווסייען געפרעגט און אויף אים אַ קוק געטון.

— וועגן די דייטשן...

— יאָ. די דייטשן זענען גיריק. שונאים פון רוסישן פאָלק, זיי ווילן אונז באַזיגן, ווילן, אַז מיר זאָלן אַלערהאַנט סחורות קויפן ביי זיי און אַוועקשיקן זיי אונזער ברויט — ווי האָבן נישט

קיין ברויט... דאמע פיק... גוט!.. צווי אויגן, צען געטראָפן. אַ צענערל...

ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן, אַ קוק געטון אויפן טופּיט אָפּגעזיפּצט און צעטאַלירט די קאָרטן.

— בכלל, אַלע אויסלענדער פאַרגינען נישט רוסלאַנד איר עשירות און איר קראַפט... צווי הונדערט און פופצן רעשט... זיי ווילן ביי אונז אַרויסרופן אַ בונט, אַראָפּזעצן דעם צאַר און... דריי טויז... הם... נו, און אומעטום באַזעצן זייערע מענטשן, זייערע רעגירערס איבער אונז, כדי אונז צו באַרויבן און חרוב מאַכן... דו ווילסט דאָך נישט, ס'זאָל אַזוי זיין?

— כ'וויל נישט! — האָט יעווסיי געזאָגט, כאָטש ער האָט גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען און טעמפּ נאָכגעקוקט נאָך זיינע פינגער - באַוועגונגען.

— נו, יאָ, קיינער וויל נישט! — האָט פּיאָטר פאַרטראַכט געזאָגט, ווידער געעפנט די קאָרטן און פאַרטראַכט געגלעט די באַק.

— דו ביסט אַ רוסישער און דאַרפסט נישט וועלן, אַז... אַז ס'זאָל אַזוי זיין... דערפאַר דאַרפסטו קעמפן מיט די רעוואָלוצי־ יאָנערן, מיט די דאָזיקע אויסלענדישע אַגענטן, באַשיצן רוסלאַנדס פרייהייט, די מאַכט און דאָס לעבן פונם צאַר — דאָס איז אַלץ. ס'סט פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען...

— און ווי אַזוי מע דאַרף עס טון — וועסטו שפּעטער געוואויער ווערן... נאָר זאָלסט נישט גענעצן, זאָלסט אויספּילן אַלץ געגנוי, וואָס מע הייסט דיר... אונזערער אַ ברודער דאַרף קוקן סיי מיטן שטערן, סיי מיטן קאַרק... אַנישט קאָנסטו באַקומען אַ קניידל סיי פון פאָרנט, סיי פון הינטן... טויז פּיק, זיבן אויגן, צען געטראָפן...

מ'האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— עפנט! — האָט פּיאָטר באַפוילן.

ס'איז אַריין אַ גרויסער, געלער בחור מיט אַ טאַץ און אַ סאַמאָוואַר.

— איוואַן, דאָס איז מיין שוועסטער - קינד.. ער וועט ד[illegible] וואוינען, גרייט צו דעם לעצטן נומער.

— צום באַפעל! הער טשיזשאָוו איז געקומען, — האָט איוואַן נישט הויך געזאָגט.

— שיכור?

— אַביסל... זיי ווילן אַרייגגיין.

— פאַרברי טיי, יעווסיי! — האָט דער אַגענט געזאָגט, וו[illegible] דער דינער איז אַוועק. — גיס אָן, טרינק... וויפל שכירות האָסט געקריגן אין פּאָליצייַ - פאַרוואַלטונג?

— ניין רובל...

— קיין געלט האָסטו נישט?

— ניין...

— מען דאַרף זיך זעען צו שאַפן און דאַרפסט זיך לאָזן מאַכן אָן אַנצוי, מע קאָן נישט כסדר גיין אין איינעם... די דאַרפסט באַמערקן אַלעמען, דיך אָבער — קיינער נישט...

ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו אונטערברומען, געציילט די קאָרט, און יעווסיי האָט אָן געוויש אָנגעגאָסן טיי, זיך באַמיט צו באַהערשן די מאָדנע איינדריקן פונם גאַנצן טאָג און נישט געקאָנט, געפילט זיך קראַנק. ס'האָט אים גענודזשעט, די הענט האָבן אים געציטערט, ער האָט זיך געוואָלט אַוועקלייגן אין ווינקל, פאַרמאַכן די אויגן און אַזוי לאַנג, אומבאַוועגלעך ליגן. אין קאָפּ האָבן זיך אים צוזאַמענהאַנגלאָז געפּלאָנטערט פרעמדע ווערטער.

— אין וואָס ביסטו שולדיק? — האָט פיליפּ פיליפּאָוויטש זיך געפרעגט.

— דאָרימיעדאָנטן האָט מען דערהרגעט! — האָט דער אַגענט טרוקן געמאָלדן און פריילעך אויסגערופן: — דער זעכצנטער פאַל!

...עמעץ האָט שטאַרק אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון פאָדערהויז, פּיאָטר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געפרעגט:

— דאָס ביסטו, סאַשאַ?

הינטער דער טיר האָט מען בייז געענטפערט:

— נו, עפן!

אַז יעוסי האָט געעפנט די טיר, איז פאַר אים, וואַקלענדיק אויף די לאַנגע פיס, געשטאַנען אַ הויכער מענטש מיט שוואַרצע וואָנסעס. די עקן וואָנסעס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער גאָמבע, און ווייזט אויס — ער האָט געהאַט האַרטע האָר, יעדע האָר האָט געשטאַרצט באַזונדער. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל, אָפּגעדעקט אַ פּליכעוואַטן שאַרבן, אַרויפגעוואָרפן עס אויפן בעט און פעסט אויסגעריבן מיט די הענט דאָס פּנים.

— דאָס היטל איז נאַס, און דו וואַרפסט עס מיר אַרויף אויפן בעט! — האָט פּיאָטר באַמערקט.

— כאַפּט עס דער רוח, דיין בעט! — האָט דער גאַסט טעמפּ געזאָגט.

— יעוסיי, הענג אויף דעם פּאַלטן...

דער גאַסט האָט זיך געזעצט אויף דער שטול, אויסגעצויגן די לאַנגע פיס, פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און געפרעגט:

— וואָס איז דאָס אַזוינס יעוסיי?

— מיין שוועסטערקינד... טיי ווילסטו?

— אַלע זענען מיר ברידער, ווען מיר גייען אָן הויזן... בראָנפן אַ׳דאָ?

פּיאָטר האָט געהייסן קליבקאָוון ברענגען אַ פלעשל בראָנפן און צובייס, יעוסיי האָט עס געטון און זיך געזעצט ביים טיש צוזי, אַז דער גאַסט זאָל נישט זען זיין פּנים דורכן סאַמאָוואַר.

— ווי גייען די געשעפטן, שולער? — האָט ער געפרעגט און געוויזן מיטן קאָפּ אויף די קאָרטן.

פּיאָטר האָט זיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט פון דער שטול און באַלעבט געזאָגט:

— כ׳האָב געפונען דעם סוד, געפונען!

— ׳סט געפונען? — האָט דער גאַסט געפרעגט און אַ וויג טועגדיק מיטן קאָפּ, פאַמעלעך אויסגעצויגן: — אי - אידיאָט!

פּיאָטר האָט אַ כאַפּ געטון דאָס נאָטיץ - ביכל און באַגייסטערט גערעדט, טייטלענדיק מיטן פינגער:

— וואַרט נאָר צו, סאַשאַ!... איך האָב שוין דעם זעכצענטן פאַל, פאַרשטייסט? און איך האָב אינגאַנצן געמאַכט טויזנט צוויי

הונדערט מיט פערצן מאָל. יעצט חזרן זיך איבער די קאָרטן וואָס אַמאָל עפּטער. מען דאַרף מאַכן צוויי טויזנט זיבן הונדערט מיט פיר פּאַלן... פאַרשטייסט... צוויי און פופציק מאָל צוויי און פופציק. דערנאָך אַלע איב רטאַשן דרייצן מאָל — לויט דער צאָל קאָרטן פון יעדער קאָליר — פינף און דרייסיק טויזנט הונדערט צוויי און פופציק מאָל. און דערנאָך טאָפּלסטו עס פיר מאָל — לויט דער צאָל קאָלירן — הונדערט פיר און פופציק טויזנט זעקס הונדערט אַכט מאָל.

— ע-ע, אידיאָט! — האָט דער גאַסט טעמפּ אויסגעצויגן, געשאָקלט מיטן קאָפּ און פאַרקרימט די ליפּן.

— פאַרוואָס, סאַשאַ, פאַרוואָס, גיב מיר צו פאַרשטיין? — האָט פּיאָטר נישט הויך אויסגערופן—איך וועל דאָך דעמאָלט קענען אַלע פּאַלן, וואָס זענען מעגלעך אין דער שפּיל... דערמאַן זיך גאָר, וואָס דאָס הייסט! כ'גיב אַ קוק אויף מיינע קאָרטן — ער האָט צוגעטראָגן דאָס ביכל צום פּנים און גיך אָנגעהויבן צו לייע-נען — טויז פּיק, זיבן אויגן, אַ צענטל. הייסט עס, אַז ביי די מיט-שפּילערס: ביי איינעם מלך, אַ פינפטל און אַ צענטל, ביים אַנדערן — טויז, זיבעטל אויגן, דאַמע טרעף, דער דריטער האָט דאַמע, צוויי אויגן און אַ צענטל טרעף!

די הענט האָבן אים געציטערט, אויף די שלייפן האָט געגלאַנצט דער שוויס, און דאָס פּנים איז געוואָרן יונג, גוט און צאַרט, קלימקאָוו, וואָס האָט געקוקט פון אונטערן סאַמאָוואַר אַפּער, האָט געזען אויף סאַשאַס פּנ'ם אַ פּאָר גרויסע, מאַטע אויגן מיט רויטע אָדערלעך אויף די ווייסלען, אַ ריזיקע גאָז, וואָס האָט אויסגעזען ווי געשוואָלן און אויף דער געלער הויט פון שטערן אַ געך מיט קרעצלעך, וואָס האָבן זיך דאָרט צעלייגט פון איין שלייף צו דער אַנדערער. פון אים איז געגאַנגען אַ שאַרפער, אומאָנגענעמער ריח. דער דאָזיקער מענטש האָט יעווסייען דערמאַנט אָן עפּעס שווערס... פּיאָטר האָט צוגעדריקט דעם ביכל צום האַרצן, געפאָכעט מיט דער האַנט אין דער לופט און באַגייסטערט געפּליסטערט:

— איך וועל דאָך דאַן שפּילן אָן אַ שיעור. הונדערטער טויזנטער, מיליאָנען. וועלן דאָך צו מיר שמייכלען!... און מיין

נישט, אַז דאָ שמעקט עפּעס... פאַלשקייט, פּאַקוס... איך — ווייס? איך ווייס און... מער גאָרנישט! אַלץ איז אין אָרדענונג!...

ער האָט זיך אַזוי שטאַרק אַ זעץ געטון מיט דער פויסט אין הארצן אריין, אַז ער האָט זיך אַזש פאַרהוסט, און דערנאָך זיך אַראָפּלאָזנדיק אויף דער שטול, אָנגעהויבן שטיל צו לאַכן.

— פּאַרוואָס גיט מען נישט קיין בראָנפן? — האָט סאַשאַ טעמפּ געפרעגט און אַ וואָרף געטון אויף דער ערד אַ נישט־דערדרייכערט שטיקל פּאַפּיראָס.

— יעווסיי, גיי, זאָג... — האָט פּיאָטר אָנגעהויבן גיך צו רעדן, נאָר באותה רגע האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— דו טרינקסט שוין ווידער? — האָט פּיאָטר געפרעגט מיט אַ שמייכל.

סאַשאַ האָט אויסגעצויגן די האַנט צום פלעשל.

— ניין, איך טרינק נאָך נישט, נאָר איך וועל באַלד... אָנהייבן צו טרינקען.

— ס'איז דאָך אַזוי שעדלעך פאַר דיין געזונט...

— בראָנפן איז פאַר געזונטע אויך שעדלעך... בראָנפן און פאַנטאַזיעס... דו, צומבייִשפּיל, וועסט אין קורצן ווערן אַן אידיאָט...

— כ'על נישט ווערן, זאָרג דיך נישט...

— 'עסט ווערן! איך קען מאַטעמאַטיק, איך זע, אַז ביסט אַן אידיאָט.

— יעדער האָט זיך זיין מאַטעמאַטיק! — האָט פּיאָטר אומצופרידן געענטפערט.

— שווייג!—האָט סאַשאַ געזאָגט, פאַמעלעך אויסגענאָגט דאָס גלעזל, אַ שמעק געטון אַ שטיקל ברויט און זיך אָנגענאָסן אַ צווייטס.

— היינט האָב איך — האָט ער אָנגעהויבן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אָנגעלענט די איינגעבויגענע הענט אָן די קני — נאָכאַמאָל גערעדט מיטן גענעראַל. כ'מאַך צו אים: גיט מיר מיטלען וועל איך אויפזוכן מענטשן, עפענען אַ ליטעראַרישן קלוב און, וועל אייך אויסכאַפּן די בעסטע מנוולים... אַלעטשקע. האָט ער אָנגעבלאָזן די באַקן, אויסגעשטעקט דעם בויך און מאַכט צו מיר אַזוי, דער חזיר: איך, גלייבט מיר, ווייס בעסער, וואָס כ'האָב צו

טון. אַלץ ווייסט ער! און אַז זיין כלה טאַנצט נאַקעט פאַר פאָן־דוטצענען, דאָס ווייסט ער שוין נישט... און אַז ז׳י טאָכטער האָט אים געהאַט אַ ממזר — דאָס ווייסט ער אויך נישט...

ער האָט ווידער אויסגענאָגט דעם בראָנפן און אָנגעגאָסן פריש.

— אַלץ גאָרנישטן, נישט מעגלעך צו לעבן אויף דער וועלט. אַמאָל האָט משה געהייסן אויסשעכטן דריי און צוואָנציק טויזנט סיפיליטיקער. דעמאָלט איז געווען ווייניק מענטשן, דאַרפסטו פאַרשטיין! ווען איך זאָל האָבן די דעה, וואָלט איך אויסגעשאָכטן מיליאָנען...

— זיך דעם ערשטן? — האָט פיאָטר געפרעגט מיט אַ שמייכל.

סאַשאַ האָט נישט געענטפערט, ווייטער גערעדט, ווי אין היץ.

— אָט די אַלע ליבעראַלן, גענעראַלן, רעוואָלוציאָנערן: אויסגעלאַסענע ווייבער... אַ גרויסן שייטערהויפן און — פלאַקער: אָנזעטיקן די ערד מיט בלוט, מיט אַש און ס׳וועט זיין אַ גערעטעניש. די זאַטע באַפעלקערונג וועט זיך אויסקלייבן אַ זאַטע רעגירונג... דער מענטש איז אַ חיה — ער דאַרף האָבן פעטע לאָנקעס, גוט־געוויקסיקע פעלדער... די שטאָט דאַרף מען פאַרניכטן... און דאָס גאַנצע איבעריקע... אַלץ, וואָס שטערט צו לעבן מיר און דיר אַזוי פשוט, ווי ס׳לעבן קאָזשאָלעס, הענער... דאָס אַלץ וואָלט איך געשיקט צום טייוול!

זיינע קלעפיקע, שאַרפע ווערטער האָבן זיך ווי צוגעקלעפּט צו יעוווסייס האַרץ און עס אַרומגעקלעפּט — שווער און געפערלעך זיי געווען צו הערן.

— מ׳עט מיך פלוצלינג טון אַ כאַפּ און פרעגן: וואָס האָט ער גערעדט?.. קאָן זיין, אַז ער רעדט בפירוש פאַר מיר... און דערנאָך וועט מען מיך כאַפּן.

ער האָט אויפגעציטערט, זיך אַ שאָקל געטון אויף דער שטול און שטיל געפרעגט פיאָטרן:

— איך מעג אַוועקגיין?

— וואוהין?

— שלאָפן...

— אָ! גיי...

— ר'האָט זיך דערשראָקן, די בהמה! — האָט סאַשאַ באַמערקט און נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— גיי, גיי! — האָט פּיאָטר איבערגעחזרט.

— צו אַל'דע שווארצע יאָר! — האָט אים סאַשאַ באַגלייט.

# IX

אין צימער ביי זיך האָט יעווסיי נישט אָנגעצונדן די לאָמפּ, אָן געריש זיך אויסגעטון, אָנגעטאַפּט אין דער פינסטערניש דאָס בעט, זיך געלייגט און זיך פעסט איינגעוויקלט אין דער פייכטער, קאַלטער קאָלדרע. ער האָט נישט געוואָלט גאָרנישט נישט זעען, נישט הערן, געוואָלט זיך צענויפדריקן, ווי אַ קליין, אומבאַמערקט פּעקל. אין זכרון האָבן אים כסדר געקלונגען סאַשאַס טעמפּע ווערטער. יעווסייען האָט זיך געדוכט, אַז ער שפּירט זיין ריח, זעט דעם רויטן קראַנץ אויף דער געלער הויט פונם שטערן. און טאַקע, פון ערגעץ פון דער זייט, דורך דער וואַנט, זענען צו אים דערגאַנגען צעריסענע שטימען:

— איך בין אַליין אַ פּויער... איך ווייס, וואָס מע דאַרף...

נישט ווילנדיק, האָט זיך יעווסיי אָנגעשטרענגט איינגעהערט, מיט שרעק געוואַרט אין געדאַנק, ווען דערמאָנט אים דער בייזער, קראַנקער מענטש און נישט געקאָנט געפינען.

פינסטער און קאַלט... הינטער די פינסטערע שויבן פון פענסטער וויגן זיך מומנע אָפּגלאַנצן פון ליכטיקייט, פאַרשווינדן, קומען ווידער צוריק. מע הערט אַ שטילן שאָרך, דער ווינט וואַרפט זיך מיטן רעגן, שווערע טראָפּנס קלאַפּן אין פענסטער.

— אפשר זאָל איך גאָר אַוועק אין אַ קלויסטער! — האָט ער בענקענדיק געטראַכט.

און מיטאמאָל האָט ער זיך דערמאַנט וועגן גאָט, וועמענס נאָמען ער האָט זעלטן געהערט בשעת זיין וואוינען אין שטאָט און קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן אים. אין זיין נשמה, תמיד פול מיט שרעק און צער, האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט פאַר דער האָפענונג אויף רחמנות פון הימל, נאָר יעצט, קומענדיק אַזוי אומגעריכט, האָט זי אָנגעפילט זיין האַרץ מיט וואַרעמקייט און פאַרלאָשן אין אים דעם שווערן, טעמפן יאוש. ער איז אַראָפּגעשפרונגען פונם געלעגער, זיך געשטעלט אויף די קני, פעסט צונויפגעדריקט די הענט צו דער ברוסט, אָן ווערטער זיך געווענדעט צום פינסטערן ווינקל פונם צימער, פאַרדעקט די אויגן און געוואַרט, זיך איינגעהערט צום קלאַפּן פון אייגענעם האַרצן. נאָר ער איז געווען זייער מיד, ס'איז געווען קאַלט, די דאָזיקע קעלט האָט געשטאָכן די הויט מיט הונדערטער דינע נאָדלען, אַרויסגערופן אין קערפער אַ ציטער. קלימקאָוו האָט זיך ווידער געלייגט אויפן בעט. און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געזעען, אַז אין ווינקל, וואוהין ער האָט געווענדעט זיין שטומע תפלה, איז קיין איקאָנע נישט געהאָנגען. ס'זענען נאָר דאָרט געהאָנגען צוויי בילדער, אויף איינעם האָט אַ יעגער מיט אַ גרינער פעדער אויפן הוט געקושט אַ גראָבע מויד, און אויפן צווייטן איז געווען אויסגעמאָלן אַ ווייסע פרוי מיט נאַקעטע בריסטן און מיט אַ בלימל אין דער האַנט.

ער האָט אָפּגעזיפצט, זיך אָנגעטון, אַרומגעוואַשן, גלייכגילטיק באַטראַכט זיין נייע וואוינונג, זיך געזעצט ביים פענסטער און אָנגעהויבן אַרויסצוקוקן אויף דער גאַס. די טראָטואַרן, דער ברוק, די הייזער—אַלץ איז געווען ברודיק. פערד זענען געגאַנגען פאַמעלעך, אומגעאיילט, געשאָקלט מיט די קעפּ, אויף די קאָזלעס זענען געזעסן נאַסע דראָשקערס און זיך אויך געשאָקלט, ווי ספּרענזשינעס. ווי תמיד, זענען איילנדיק געגאַנגען ערגעץ-וואו מענטשן. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז היינט, אַזוי באַשפּריצט מיט בלאָטע און אַזוי גרוי, זענען זיי ווינציקער געפערלעך, ווי אַלעמאָל.

ס'האָט אים געהונגערט, ער האָט נישט געוואוסט, — צי האָט ער דאָס רעכט צו בעטן טיי מיט ברויט און איז אַזוי געזעסן

אומבאַוועגלעך, ווי אַ שטיין, ביז וואַנען ער האָט נישט געהערט קיין קלאַפּ אין וואַנט.

ער איז אַריין צו פּיאָטרן אין צימער, געבליבן שטיין בײַ דער טיר. דער אַגענט איז געלעגן אין בעט, אים געפרעגט:

— האָסט געטרונקען טיי?

— ניין...

— טאָ בעט..

ער האָט אַראָפּגעלאָזט פון בעט אַ פּאָר נאַקעטע פיס און אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די פינגער, באַוועגנדיק מיט זיי.

— מ׳וועלן אָפּטרינקען טיי און אַוועקגיין... — האָט ער גע־זאָגט מיט אַ געניעץ — איך וועל דיר געבן ד.ה. כ׳וועל דיר אָנווייזן איין מענטש, דו זאָלסט אים נאָכשפּירן. וואו ער׳ט גיין — זאָלסטו גלייך נאָכגיין, פאַרשטייסט? זאָלסט פאַרשרייבן די צייט, ווען ער וועט אַריינגיין אין וועלכן ס׳איז הויז אַריין, ווי לאַנג ער וועט דאָרטן זיין. אויב ער וועט אַרויסגיין פון הויז אָדער זיך טרעפן מיט אַן אַנדער מענטש — זאָלסטו זיך נעמען אין זינען אַריין, ווי יענער זעט אויס... און דערנאָך... איבעריקנס, וועסטו אַלץ מיטאַמאָל נישט פאַרשטיין.

ער האָט אָנגעקוקט קלימקאָוון, שטיל אונטערגעפייפט, זיך אויסגעדרייט אויף אַ זייט און ווייטער פויל גערעדט:

— אָט, נעכטן האָט דאָ סאַשאַ געפּלוידערט... פאַרשידנס.. אַלעמען געזידלט... זאָלסט זיך נישט דערוועגן עמעצן וועגן דעם צו דערציילן, זאָלסט געדענקען! ער איז אַ מענטש אַ קראַנקער און אַ שיכּור, נאָר ער איז — אַ קראַפט. דו וועסט אים גאָרנישט קאַלע מאַכן. און ער קאָן דיך מיט איין קוועטש דערדריקן — געדענק.. ער, ברודער, איז אַליין אַמאָל געווען אַ סטודענט און קען זייערע אַלע געשעפטן פון אויסנווייניק... אַפילו אין תּפיסה געזעסן פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט... און היינט קריגט ער הונדערט רובל אַ חודש, און נישט נאָר פיליפ פיליפּאָוויטש — דער גענעראַל אַליין איז זיך מיט אים שואל - עצה, נ - יאָ...

פּיאָטרס געגרונצלט פּנים, אויסגעקנייטשט פון שלאָפן, האָט זיך פאַרוואָלקנט, די גרויע אויגן האָבן אומצופרידן געקוקט פאַר זיך. ער

האָט זיך אָנגעטון און גערעדט מיט אַן אומעטיק, וואָרטשנדיק קול:

— אונזער דינסט איז נישט קיין שפּילעכל... ווען מען זאָל קאָנען די מענטשן אָנכאַפּן אָט אַזוי מיטאַמאָל ביים גאָרגל, איז אַוודאי... אָבער דו דאַרפסט נאָך יעדן וויאָרסט פון אַזאַ אייבעם נאָכגיין הונדערט אַנדערע און נאָך מער... דאַרפסט וויסן, וואו, ווען ער איז געווען, מיט וועמען איז ער געגאַנגען... און בכלל — אַלץ דאַרפסטו וויסן... אַלצדינג!

נעכטן, נישט געקוקט אויף דער גאַנצער אויפרעגונג פונם טאָג, האָט זיך פּיאָטר אויסגעוויזן קלימקאָוון צו זיין אַן אינטערע־סאַנטער און פלינקער מענטש. יעצט האָט ער גערעדט מיט גרויס אָנשטרענגונג, אָן חשק זיך באַוועגט, און אַלץ איז אים געפאַלן פון די הענט. דאָס האָט קלימקאָוון געמאַכט מוטיקער, און ער האָט געפרעגט:

— אַ גאַנצן טאָג דאַרף מען אַזוי אַרומגיין איבער די גאַסן?

— און טיילמאָל נאָך ביינאַכט אויך אַרומשפּאַצירן... אויפן פּראָסט פון דרייסיק גראַד... זייער אַ שלעכטער מלאך האָט אונזער דינסט אויסגעטראַכט...

— און ווען וועט מען זיי אַלע אויסכאַפּן? — האָט יעווסיי ווידער געפרעגט.

— וועמען?

— זיי — די טרייפענע מענטשן — די שונאים...

— זאָג — די רעוואָלוציאָנערן אָדער די פּאָליטישע... מיר ביידע וועלן זיי שוין נישט אויסכאַפּן... זיי ווערן, מן־הסתם, געבוירן צווילינגווייז...

ביים טיי־טרינקען האָט פּיאָטר געעפנט זיין ביכל, אַריינ־געקוקט אין עס, זיך מיטאַמאָל באַלעבט, אויפגעשפּרונגען פון דער שטול, גיך צעטאַלירט די קאָרטן און אָנגעהויבן צו ציילן:

— דער טויזנט צווייהונדערטזעכצנטער פאַל... האָב איך אַזוי: דרייסיק, זיבן אויגן, טויז, מלך...

פאַרן אוועקגיין האָט ער זיך אָנגעטון אין אַ שוואַרצן פּאַלטן, אַ באַראַשקע־היטל, גענומען אין דער האַנט אַ פּאָרטפעל, ער איז געוואָרן אינגאַנצן ענלעך אויף אַ באַאַמטן און שטרענג געזאָגט:

— זאָלסט נישט גיין מיט מיר צוזאַמען אויף דער גאַס, נישט רעד צו מיר... איך וועל אַריין אין אַ הויז אַריין, זאָלסטו אַריינגיין צום סטרוזש, וועסט זאָגן, אַז דו דאַרפסט צוואַרטן אויף טימאָפייעון. איך וועל גיך אַרויסקומען...

יעווסיי האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן פּיאָטרן צווישן דעם המון פאַרבייגייער, איז אים נאָכגעגאַנגען פון הינטן, נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים קיין אויג, נאָר פלוצלינג איז פּיאָטר פאַרשוואונד געוואָרן. יעווסיי האָט זיך פאַרלוירן, איז געלאָפן פאָרויס, געבליבן שטיין, זיך צוגעדריקט צו אַ לאַמטער — אַנטקעגן אים איז געשטאַנען אַ גרויס הויז מיט קראַטן אויף די פענסטער פון ערשטן שטאָק און אַ פינסטערניש הינטער די שויבן פון די פענסטער. דורך דעם שמאָלן טויער איז געווען צו זעען אַ ליידיקן, פינסטערן הויף, געפּלאַסטערט מיט ריזיקע שטיינער. קלימקאָוו האָט מורא געהאַט אַריינצוגיין, אומרויק געטרעטן אַ פוס אויף אַ פוס און געקוקט אויף אַלע זייטן.

פון הויף איז מיט גיכע טריט אַרויס אַ מענטש אין אַ וועסטל, מיט אַ היטל, אַראָפּגערוקט אויפן שטערן, מיט אַ געל בערדל. ער האָט אַ ווינק געטון צו יעווסייען מיטן גרויען אויג און נישט הויך געזאָגט:

— קום אַהער... פאַרוואָס ביסטו נישט אַריין צום סטרוזש?

— כ'האָב אייך פאַרלוירן! — האָט זיך יעווסיי מודה געווען.

— פאַרלוירן? נו, דערפאַר קאָנסטו קריגן איבערן קאָפּ...

הער: דריי הייזער פונדאַנען איז די שטאָט - פאַרוואַלטונג. באַלד דאַרף פון איר אַרויס אַ מענטש, וואָס אַרבעט דאָרטן, ער הייסט דמיטרי איליאיטש קורנאָסאָוו — געדענק! זאָלסטו אים טאַקע נאָכגיין — פאַרשטייסט? קום, כ'וועל אים דיר ווייזן...

און אין עטלעכע מינוט אַרום האָט שוין קלימקאָוו, ווי אַ קליין הינטל, אייליקדיק נאָכגעשפּאַנט אויפן טראָטואַר הינטער אַ מענטש אין אַן אָפּגעטראָגענעם פּאַלטן און אַ צעקנייטשטן שוואַרצן הוט. דער מענטש איז געווען אַ גרויסער, אַ פעסט - געבויטער, ער איז געגאַנגען גיך, ברייט געפאָכעט מיט שטעקן און פעסט געקלאַפּט מיט אים איבערן אַספאַלט. פון אַפער דעם הוט האָבן זיך אַראָפּ-

געלאָזט אויפן קאַרק און די אויערן שוואַרצע האָר, אַדורכגעוואָרפענע מיט גרוי.

יעוסיי האָט זעלטן געהאַט דאָס געפיל פון רחמנות צום מענטשן, נאָר יעצט איז עס עפעס פלוצלינג געקומען צו אים און באַפעלעריש געהייסן עפעס טון. פאַרשוויצט פון אויפרעגונג, איז ער גיך, מיט קליינע טריט אַריבערגעשפּרונגען אויף דער אַנדערער זייט גאַס, אַוועקגעלאָפן פאָרויס, נאָכאַמאָל אַריבער די גאַס און זיך געטראָפן מיט דעם מענטשן פנים אל פנים. פאַר אים האָט אַ פינקל געטון אַ פינסטער, בערדיק פנים מיט צונויפגעוואַקסענע ברעמען, אַ בלאָנדזשעדיקער שמייכל אין די בלויע אויגן, אַ ברייטער שטערן, צעשניטן מיט קנייטשן. ווייזט אויס, אַז דער מענטש האָט עפעס געזוכט אָדער גערעדט צו זיך אַליין — די גראָבע ליפּן האָבן זיך אים באַוועגט.

קלימקאָוו איז געבליבן שטיין, אויסגעווישט מיט די הענט דאָס פאַרשוויצטע פנים, איינגעבויגן די פּלייצע און איז אוועק באָך אים, קוקנדיק אויף דער ערד און נאָר זעלטן אַרויפגעוואָרפן די אויגן, כדי נישט צו פאַרלירן פון די אויגן דעם אָביעקט פון זיינע באַאָבאַכטונגען.

— נישט קיין יונגער — האָט ער געטראַכט — אַן אָרעמער, ווייזט אויס... אַלץ קומט פון אָרעמקייט... און פון שרעק אויך...

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דודקען, אויפגעציטערט.

— ער וועט מיך צעמזיקן...

און ער האָט רחמנות געקריגן אויף דודקען.

די געביידעס אַרום האָבן אויף אים געקוקט מיט מידע און מוטנע אויגן, אין די אויערן איז פאַרעקשנט געקראָכן גאַסיקער גערויש, שיטערע, קאַלטע בלאָטע האָט געכליפּעט און געשפּריצט. קלימקאָוון איז געווען אומעטיק, איינזאַם, ער האָט זיך דערמאָנט אָן ראַיסאַן... און ס'האָט אים געצויגן ערגעץ - וואו אין אַ זייט פון דער גאַס.

דער מענטש, וועלכן ער איז נאָכגעגאַנגען, איז געבליבן שטיין ביי אַ גאַנעק, אָנגעדריקט מיטן פינגער אויף אַ קנעפּל פון גלאָק, אַראָפּגענומען דעם הוט, געפּאַטשעט זיך אין פנים אַריין און אים

צוריק אַרויסגעוואָרפן אויפן קאָפּ. דער הוט איז איט אַראָפּגעפאָרן אויפן קארק, אויפגעדעקט אַ פליכעהאַטן שאַרבן. יעווסיי איז געשטאַנען אַ פינף טריט פון בענקל לעבן טויער, און מיט רחמנות געקוקט דעם מענטשן אין פּנים אריין, געפילט אַ נויטווענדיקייט אים עפּעס צו זאָגן. יעבער האָט אים באַמערקט, אַ קנייטש געטון דאָס פּנים און זיך אָוועקגעדרייט. יעווסיי האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך געזעצט אויפן בענקל און מיטאַמאָל אַ קלער געטון:

— וואָלט ער מיך כאָטש באַליידיקט... און דאָס איז אַזוי, אָן זיין שולד... נישט גוט... נישט גוט...

— פון אָכראַנע? — האָט ער דערהערט אַ נישט הויך, הייזעריק קול. דאָס האָט געפרעגט אַ הויכער, געלער פויער אין אַ ברודיקן כאַלאַט מיט אַ בעזעם אין דער האַנט.

— יאָ! — האָט יעווסיי שטיל געזאָגט און אין דער אייגענער מינוט זיך געטראַכט: — נישט געדאַרפט זיך מודה זיין...

— ווידער אַ פרישער, — האָט דער סטרוזש באַמערקט, — אַלץ נאָך דעם קורנאָסאָוון?

— יאָ...

— אַזוי. זאָג דאָרט דער נאַטשאַלסטוואָ — אינדערפרי איז צו אים געקומען אַ גאַסט פון וואָקזאַל, מיט וואַליזעס, דריי וואַליזעס. נאָך נישט איינגעמאָלדן אין דער פּאָליציי — נאָך צייט אַ מעת־לעת. עפּעס אַזאַ קליינינקער גאַסט, אַ שיינער, מיט וואָנסעלעך... ריין אָנגעטון...

דער סטרוזש איז אַנטשוויגן געוואָרן, עטלעכע מאָל אַ גלעט געטון מיטן בעזעם דעם טראָטואַר, באַשפּריצט יעווסייען די שיך און די הויזן מיט בלאָטע, געבליבן שטיין און באַמערקט:

— מע באַמערקט דיך דאָ. זיי זענען אויך נישט קיין נאַראָנים, דערקענען אייערס אַ ברודער... שטעל דיך גלייכער אַוועק אין טויער.

יעווסיי איז געהאָרכזאַם אַוועק צום טויער...

פלוצלינג האָט ער, אויף דער אַנדערער זייט גאַס, דערזען יאַקאָוו זאַרובינען. מיט אַ שטעקל אין דער האַנט, אין אַ נייעם פּאַלטן און אין העטשקעס איז יאַקאָוו, אַנגעבויגן אָן אַ זייט דאָס

שוואַרצע הינטל, געגאַנגען איבערן טראָטואַר און געשמייכלט, גע-שפּילט מיט די אויגן, ווי אַ גאַסן-מיידל, וואָס איז זיכער אין איר שיינקייט...

— שלום-עליכם! — האָט ער געזאָגט, אַרומקוקנדיק זיך. — איך בין געקומען דיך טרישן... גיי אין סאַמאָוואָס שענק אויף דער לעביאַזשער גאַס, בעט דאָרט אַרויס ניקאָלאַי פּאַוולאָוון...

— ביסט דען אויך אין דער אָכראַנע? — האָט יעווסיי געפרעגט.

— מיט צען טעג פאַר דיר אָנגעקומען... וואָס אי' דען?

יעווסיי האָט אַ קוק געטון אויף זיין גלאַנציק שוואַרץ פּנימל.

— דו האָסט עס דערציילט וועגן מיר?

— און דודקען האָסטו אויסגעגעבן?

יעווסיי האָט זיך פאַרטראַכט און בייז געענטפערט:

— איך — נאָך דיר... איך האָב נאָר דיר דערציילט...

— און דודקע — נאָר דיר... אוי!

יאַקאָוו האָט זיך צעלאַכט, אַ קלאַפּ געטון יעווסייען אין אַקסל.

— גיי גיכער, לאַפּיטאָטן נאַרישער!

און פאָכענדיק מיטן שטעקל, אַוועק גלייך מיט אים.

— אָט דאָס איז אַ גוטע אַרבעט, דאָס פאַרשטיי איך או! לעבסט זיך, ווי אַ פּר'ץ—שפּאַצירסט, קוקסט דיך אַרום... זעסט אָן אַנציגל? יעצט וועלן מיך די מיידלעך גאָר אַנדערש באַהאַנדלען.

באַלד האָט ער זיך געזעגנט מיט יעווסייען און איז גיך געגאַנגען אויף צוריק, און יעווסיי האָט אים אומפריינטלעך נאָכ-געקוקט און זיך פאַרטראַכט. ער האָט געהאַלטן יאַקאָוון פאַר אַ דעמאָראַליזירטן מענטשן, פאַר אַ הוילן, געשטעלט אים נידעריקער פון זיך, און ס'איז געווען נישט אָנגענעם צו זעען זאַרוביִנען אַזוי פראַנטיש אָנגעטון, אַזוי צופרידן פון זיך.

— ער האָט אויף מיר געמסרט... אויב איך האָב דערציילט וועגן דודקען, איז עס פון שרעק... אָבער ער — צו וואָס האָט ער עס געטון?

און ער האָט אין געדאַנק געדראָט יאַקאָוון, געשריגן:

— וואַרט!... מ'עט נאָך זעען, ווער ס'קאָן בעסער!

אז ער האָט זיך אין שענק געפּרעגט אויף גיקאָלאי פּאַוו־לאָוון, האָט מען אים געוויזן טרעפּ אַרויפ־צו. ער איז אַרויף, געבליבן שטיין ביי דער טיר און געהערט פּיאָטרס קול:

— קאָרטן זענען פאַראַן — צוויי און פופציק... אין שטאָט, אין מיין צירקל, זענען דאָ טויזנטער מענטשן, פון זיי קען איך, אפשר, עטלעכע הונדערט... כ'וויס, ווער מיט וועמען ס'וואוינט וואו ווער ס'אַרבעט... די מענטשן ענדערן זיך דאָך, און די קאָרט זענען שטענדיק די אייגענע...

אַחוץ פּיאָטרן און סאַשאַן איז אין צימער געווען נאָך אַ דריטער מענטש. אַ הויכער, אַ שלאַנקער, איז ער געשטאַנען ביים פענסטער, געלייענט אַ צייטונג און זיך נישט גערירט פון אָרט, ווען יעוסיי איז אַריין.

— ס'אַרא אידיאָטיש פּרצוף! — האָט יעווסייען באַגעגנט סאַשאַ און זיך איינגעגעסן אים אין פּנים מיט אַ בייזן בליק. — מען דאַרף עס איבערמאַכן — איר הערט, מאַקלאַקאָוו?

דער, וואָס האָט געלייענט די צייטונג, האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אָנגעקוקט יעווסייען מיט אַ פּאָר גרויסע העלע אויגן און געזאָגט:

— מע דאַרף...

אויפגערעגט, צעשו׳בערט, האָט פּיאָטר געפּרעגט יעוו־סייען, וואָס ער האָט געזען, און זיך געקראַצט די ציין מיט אַ געגנזענער פּעדער. אויפן טיש זענען געשטאַנען רעשטלעך פון מיטאָג; אַ ריח פון פעטס און זויער קרויט האָט יעווסייען געקיצלט אין די נאָזלעכער, אַרויסגערופן שאַרפן הונגער. ער איז געשטאַנען פאַר פּיאָטרן און מיט אַ גלייכגילטיק קול דערציילט אַלץ וואָס דער סטרוזש האָט אים איבערגעגעבן. פון די ערשטע רייד אָן האָט מאַקלאַקאָוו פאַרלייגט די הענט מיט דער צייטונג אויף אַהינטן און אָנבייגנדיק דעם קאָפּ, זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, באַוועגנדיק מיט די העלע וואָנסעס. אויפן קאָפּ האָט ער אויך געהאַט מאָדנע, ווייסע האָר, ווי זילבער, מיט אַ לייכטער שאַט רונג פון געל. זיין ריין ערנסט פּנים, דער פאַרקנייטשטער שטערן, די רויקע אויגן, די זיכערע באַוועגונגען פונם קרעפטיקן קערפּער,

וואָס איז עלעגאַנט און פעסט געווען אַרומגענומען אין אַ סאָלידן אָנצוג, די שטאַרקע באַס - שטימע — דאָס אַלץ האָט מאַקלאַקאָוון אָנגענעם אויסגעטיילט פון סאַשאַן און פיאָטרן.

— דער סטרוזש האָט אַליין אַראָפּגעטראָגן די וואַליזעס? — האָט ער געפרעגט יעווסייען.

— ר'האָט נישט געזאָגט.

— הייסט עס, אַז ר'האָט נישט אַרויפגעטראָגן. ער וואָלט געזאָגט, צי זיי זענען שווער, צי לייכט... זיי האָבן אַליין אַריינגעטראָגן!.. — האָט מאַקלאַקאָוו באַמערקט, דערנאָך האָט ער צוגעגעבן:

— דאָס איז זיכער — זי!

— די דרוקעריי? — האָט סאַשאַ געפרעגט.

— ליטעראַטור. אַ פרישער נומער.

— נו... דאַרף מען זאָגן, מע זאָל מאַכן אַ רעוויזיע! — האָט סאַשאַ טעמפּ געזאָגט און זיך געמיין אויסגעזידלט, געדראָט עמעצ מיט דער פויסט.

— איך מוז געפינען די דרוקעריי... שאַפט מיר שריפט, קינדער, און איך וועל אַליין איינאָרדענען אַ דרוקעריי, — כ'וועל געפינען אייזלען, כ'וועל זיי געבן אַלץ, וואָס מען דאַרף, דערנאָך וועלן מיר זיי אַריינכאַפּן און ס'וועט זיין געלט...

— נישט קיין שלעכטער פּלאַן! — האָט פיאָטר אויסגערופן.

מאַקלאַקאָוו האָט אַ קוק געטון אויף יעווסייען און אים געפרעגט:

— איר האָט שוין געגעסן מיטאָג?

— ניין...

פיאָטר האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אָנווייזנדיק אויפן טיש און באַפוילן:

— עס גיכער אויף!

— פאַרוואָס זאָל מען אים געבן בריקלעך? — האָט מאַקלאַקאָוו רויק געפרעגט, איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, זי געעפנט און אַ געשריי געטון: הע, איין מיטאָג!

— פרווו — האָט סאַשאַ אַריינגערעדט צו פּיאָטרן, — איינ-
צורעדן אָט דעם אידיאָט אַפּאַנאַסאָוון, אַז ער זאָל אונז געבן די דרוקעריי, וואָס איז פאַראיאָרן געוואָרן אַרעסטירט.

— נ - יאָ, איכ'ל פּרובירן! — איז פּיאָטר פאַרטראַכט מסכּים געווען.

מאַקלאַקאָוו האָט אויף זיי געקוקט און שווייגנדיק געדרייט די וואָנסעס.

מ'האָט אַריינגעבערענגט מיטאָג. צוזאַמען מיטן קעלנער איז אין צימער אַריינגעקומען אַ קליינער, געשטופּלטער פאַרשוין. ער האָט זיך העפלעך צעשמייכלט צו יעדערן, פעסט געדריקט יעדנס האַנט און צו אים גערעדט:

— איך הייס סאָלאָוויאָוו... הערט אַ נייעס, פריינט: היינט אָוונט איז אין טשיסטאָווס זאַל אַ באַנקעט פון רעוואָלוציאָנערן. דריי אונזערע דאַרפן אַהינגיין אַלס באַדינער — צווישן אַנדערע איר אויך, פּיאָטרושאַ.

— ווידער איך! — האָט פּיאָטר אויסגערופן, און דאָס פּנים האָט זיך אים באַדעקט מיט פלעקן, פאַרעלטערט, בייז. — אין צוויי חדשים צייט דריי מאָל שפּילן פאַר אַ לאָקיי!.. ערלויבט... איך וויל נישט!

— וועגן דעם דאַרפט איר זאָגן נישט מיר! — האָט סאָלאָ-וויאָוו העפלעך באַמערקט.

— וואָס איז דאָס אַזוינס! פאַרוואָס באַשטימט מען מיך אַלע-מאָל פאַר אַ לאָקיי?

— ווייל ביסט ענלעך! — האָט סאַשאַ שמייכלענדיק גע-זאָגט.

— דריי אונזערע זענען באַשטימט! — האָט סאָלאָוויאָוו איבער-געחזרט און אָפּגעזיפצט. — אפשר זאָלן מיר טרינקען ביר, הא? גוט,

פּיאָטר האָט געעפנט די טיר, צערייצט אַ געשריי געטון:

— אַ האַלב טוץ ביר!

און איז אַוועק צום פענסטער, געפּיילט די הענט, געקנאַקט מיט די פינגער.

— אַט זעט איר, מאַקלאַקאָוו — האָט סאַשאַ גערעדט — קיינער ביי אונז וויל נישט אַרבעטן ערנסט, מיט אינטערעס — און ז יי ע ר זאַך אַנטוויקלט זיך. באַנקעטן, קאָנפערענצן, אַ ים ליטע־ראַטור, אויף די פאַבריקן פירט זיך אָן אָפּענע אַג טאַציע...

מאַקלאַקאָוו האָט געשוויגן, נישט געקוקט אויף אים.

דער קיילעכדיקער סאָלאָוויאָוו האָט אָנגעהויבן צו דערציילן, שמייכלענדיק שטיל און צאַרט:

— און איך האָב היינט געכאַפּט אויפן וואָקזאַל אַ מיידל מיט ביכלעך. כ׳האָב זי נאָך באַמערקט זומער, אויף דער דאַטשע — נו, טראַכט איך זיך, הולע דיר אַרום, טייבעלע מיינס... און היינט גיי איך אַרום אויפן וואָקזאַל, האָב נאָך נישט קיין שום פּאַרטיקע, גיב איך אַ קוק — זי גייט מיט אַ וואַליזקעלע... גיי איך צו, לייג איר פּאָר—ערלויבט מיט מיר צו רעדן אַ צוויי ווערטער. כ׳גיב אַ קוק — זי האָט אויפגעציטערט, ווייס געוואָרן און באַהאַלט דאָס וואַליז־קעלע הינטער זיך... אַ, טראַכט איך זיך, ליבינקע מיינע, נאַרעלע, ביסט אַריינגעפאַלן! נו, נעמט מען זי באַלד אַריין אין אויפזעער־שטיבל, געעפנט ס׳באַגאַזשל — אַ לעצטער נומער „באַפרייאונג״ און נאָך אַנדערע נאַרישקייטן. האָב איך זי אָפּגעפירט אין אָכראַנע, — וואָס זאָל איך טון? סע כאַפּט זיך נישט קיין העכט, מוז מען עסן שלייען... פּאָרט זי, דרייט אויס פון מיר ס׳פּנימל אין דער זייט, די בעקלעך פלאַמען, און אויף די אייגלעך גלאַנצן טרערן. נאָר זי שווייגט. פרעג איך זי: ס׳איז אייך גוט, געגעדיקע פריילן? שווייגט זי...

סאָלאָוויאָוו האָט זיך שטיל און ווייך צעלאַכט, דאָס געשטופּל־טע פּנים איז פול געוואָרן מיט ציטערנדיקע שטראַלן פון קנייטשן.

— ווער איז זי? — האָט מאַקלאַקאָוו געפרעגט.

— דאָקטאָר מיעליכאָווס אַ טאָכטער.

— אַ ־ אַ... האָט סאַשאַ אויסגעצויגן. — איך קען אים...

— אַ סאָלידער מענטש, האָט צוויי מעדאַלן — וולאַדימיר און אַננאַ, — האָט סאָלאָוויאָוו ווייטער גערעדט.

— איך קען אים! — האָט סאַשאַ איבערגעחזרט. — אַ שווינ־דלער, ווי זיי אַלע. ער האָט מיך שוין אַמאָל געפּרוווט היילן...

— אײך קאָן נאָר אײן גאָט אויסהײלן! — האָט סאָלאָוויאָװ מילד געזאָגט, — איר רואינירט אײך גיך ס׳געזונט...

— גײט צו אל׳דע רוחות! — האָט אים סאַשאַ אָפּגעענטפערט.

מאַקלאַקאָװ האָט געקוקט אין פענסטער און זיך נישט אויסגעדרײט, געפרעגט:

— זי האָט געװײנט, ס׳מײדל?

— נײן! נו, פאַרשטײט זיך, נישט געפרײט זיך. איר װײסט, מיר איז אַלעמאָל נישט אָנגענעם צו נעמען מײדלעך, װײל ערשטנס, האָב איך אַלײן אַ טאָכטער...

— װאָס װאַרט איר נאָך, מאַקלאַקאָװ? — האָט סאַשאַ בײז געפרעגט.

— זאָל ער אָפּעסן... כ׳װעל נאָך באַװײזן...

— העי, דו, שלינג גיכער! — האָט סאַשאַ אַ געשרײ געטון צו קלימקאָװן.

— יאָ, יאָ, אײל זיך צו! — האָט פּיאָטר טרוקן באַמערקט.

קלימקאָװ האָט געגעסן, אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו די שמועסן, און אומבאַמערקט באַטראַכט די מענטשן, מיט צופרידנקײט געזען, אַז אַלע זענען, דאַכט זיך, אַחוץ סאַשען, נישט קײן שלעכטע מענטשן, נישט ערגער און נישט שרעקלעכער פון אַנדערע.

ס׳האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ פאַרלאַנג צו געפעלן די דאָזיקע מענטשן, ער האָט געװאָלט װערן נוצלעך פאַר אַלץ. ער האָט אַנידערגעלײגט דאָס מעסער און דעם גאָפּל, גיך זיך אָפּגעװישט די ליפּן מיט דער ברודיקער סערװעטקע און געזאָגט:

— איך בין שוין פאַרטיק...

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט, און, אײנגעבױגן, אין אין צימער אַרײנגעשפּרונגען, שאָקלענדיק זיך, אַ צעקנײטשטער מענטש און געהעשעט:

— שטיל ־ לער!

ער האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ אין קאָרידאָר אַרײן, אונמערגעהערט, דערנאָך פעסט צוגעמאַכט די טיר און געפרעגט:

— ס׳פאַרמאַכט זיך נישט? װאו איז דער שליסל?

זיך אומגעקוקט און, אָפּזיפּצנדיק, געזאָגט:

— געלויבט צו גאָט!

— ע, לאַפּיטאָטן! — האָט אים סאַשאַ חוזקדיק געפרעגט. — נו, וואָס איז דאַרט אַזוינס? מ'האָט דיך ווידער געוואָלט שלאָגן?

דער מענטש איז צו אים אונטערגעשפּרונגען, זיך פאַרכלי-ניעט, געפאָכעט מיט די הענט, געווישט זיך דעם שווייס פון שטערן און שטיל אָנגעהויבן צו מ'רמלען:

— יאָ — געוואָלט! אוודאי. געוואָלט דערהרגענען מיט א הע-מערל. צוויי מאַן. זענען מיר נאָכגעגאַנגען פון דער תפיסה אָן, יאָ! איך בין געווען אויף די וואַונגען, גיי אַרויס — שטייען זיי ביים טויער, צוויי מאַן. און איינער האַלט אין קעשענע א העמערל...

— אפשר איז עס אַ רעוואָלווער? — האָט סאָלאָוויאָוו גע-פרעגט און אויסגעצויגן דעם האַלז.

— א העמערל!

— האָסט אַליין געזען? — האָט סאַשאַ חוזקדיק געוואָלט זיך איבערצייגן.

— אָך, איך ווייס דאָך! זיי האָבן דווקא געוואָלט מיך מיט א העמערל... אָן געוויש — איינס = צוויי...

ער האָט זיך פאַרריכט דעם קראַגן, פאַרשפּילעט די קנעפּ-לעך, געזוכט עפּעס אין די קעשענעס, צוגעגלעט די געקרייזלטע פאַרשמוצטע האָר, די הענט האָבן אומאויפהערלעך און גיך גע-שווינדלט אַרום קערפּער און ס'האָט זיך געדאַכט, אז אָט = אָט רייסן זיי זיך אָפּ. דאָס ביינערדיקע, גרויע פּנים איז געווען באַגאָסן מיט שווייס, די פינסטערע אויגן זענען אַרומגעלאָפן אין אַלע זייטן, אַמאָל פאַרזשמורעט, אַמאָל ברייט צעעפנט, און מיטאַמאָל האָבן זיי זיך אומבאַוועגלעך, מיט אָפענער שרעק אָפּגעשטעלט אויף יעווסייס פּנים. דער מענטש האָט זיך צוגעשאַרט צו דער טיר, הייזעריק געפרעגט:

— ווער איז דאָס? ווער?

מאַקלאַקאָוו איז צו אים צוגעגאַנגען, אים אָנגענומען פאַר דער האַנט.

— באַרויקט זיך, יעליזאַר, אַן אייגענער, א פרישער...

— איר קענט אים?

— בהמה! — האָט זיך דערהערט סאַשאַס צערייצטער עכאָ— דאַרפסט זיך היילן אויפן קאָפּ...

— אייך האָבן שוין אויך אמאָל קאָנקעס געטרעטן אונטער אַ וואַגאָן? באַכנישט? טאָ האָט איר נאָך צייט זיך צו זידלען...

— אָט, זעט איר, מאַקלאַקאָוו... — האָט סאַשאַ אָנגעהויבן צו רעדן, נאָר דער מענטש האָט ווייטער גערעדט מיט אָפּענער אויפרעגונג:

— אייך האָבן שוין אויך אינמיטן נאַכט געשלאָגן אומבאַקאַנטע מענטשן? אַהאַ! ר'פאַרשטייט—אומבאַקאַנטע מענטשן! אַזוינע מענטשן, וואָס איך קען זיי נישט, זענען דאָך פאַראַן הונדערטער טויזנטער אין שטאָט... הונדערטער! זיי זענען אומעטום דאָ, און איך בין איינער אַליין... איך בין אַלעמאָל אין זייערע הענט, איר פאַרשטייט?

סאָלאָוויאָווס ווייך קול האָט באַרויקנדיק זיך צעקלונגען און דערטרונקען געוואָרן אין אַ נייעם אויפרייס פון ווערטער פון אָט דעם צעבראָכענעם מענטשן. ער האָט מיט זיך געבראַנגט אַ שטורעם פון שרעק, קלימקאָוו האָט זיך אָנגעהויבן אַרומצודרייען, איז דערטרונקען געוואָרן אין געמורמל פון זיינע שרעקעוודיקע רייד, איז געוועזן פאַרבלענדט מיט די באַוועגונגען פון זיין צעבראָכענעם קערפּער, פון זיינע דערשראָקענע הענט און זיך געריכט, אַז אָט וועט עפּעס גרויס, שוואַרצס זיך אַריינרייסן אין דער טיר, אָנפילן דעם צימער און אַלעמען דערדריקן.

— שוין צייט צו גיין! — האָט מאַקלאַקאָוו געזאָגט און זיך צוגערירט צו זיינע אַקסלען.

אויף דער גאַס, אין דער דראָזשקע, האָט יעווסיי טעמפּ און שטיל באַמערקט:

— איך טויג נישט צו דעם ענין...

— פאַרוואָס? — האָט מאַקלאַקאָוו געפרעגט.

— איך בין אַ שרעקעוודיקער...

— ס'וועט פאַרבייגיין!

— קיין זאך גייט נישט פאַרביי! — האָט יעווסיי גיך אָפּ־זאָג געטון.

— אַליץ! — האָט אים מאַקלאַקאָוו רויק געענטפערט.

אויף דער גאַס איז געווען בלאָטיק, קאַלט, פינסטער, אָפּ־גלאַנצן פון פייערן זענען געלעגן אין בלאָטע, מענטשן און פערד האָבן זיי געלאָשן, געטרעטן מיט די פיס די גאָלדענע פלעקן.

זיי האָבן לאַנג געשוויגן. יעווסיי האָט געדאַנקענלאָז געקוקט פאַר זיך פאָרויס, געפילט, אַז מאַקלאַקאָוו קוקט אים אין פנים און געוואַרט.

— איר'ט זיך צוגעוויינען! האָט מאַקלאַקאָוו געזאָגט. — נאָר אויב איר האָט אַ צווייטע שטעלע — זאָלט איר שוין אַוועקגיין. ר'האָט?

— ניין...

— איר זענט שוין פון לאַנג אין אָכראַנע?

— פון נעכטן...

— אָט!...

— וואו דאַרף איך יעצט גיין? — האָט זיך יעווסיי שטיל געפרעגט.

מאַקלאַקאָוו האָט נישט געענטפערט און געפרעגט.

— קרובים האָט איר עפּעס?

— ניין. כ'האָב נישט קיינעם...

דער שפּיאָן האָט זיך אַ שאָקל געטון, נאָר גאָרנישט געזאָגט. די אויגן זענען אים געווען האַלבפאַרמאַכט, ער האָט געעטעמט דורך דער נאָז, און די דינע האָר פון זיינע וואָנסעס האָבן געציטערט.

אין דער לופט זענען געשוואומען געדיכטע גלאָקן־געקלאַנ־גען, ווייכע און וואַרעמע. שווערער וואָלקן האָט פאַרדעקט די שטאָט מיט אַ געדיכטער, פינסטערער דעק. פאַרטראַכט קופּער געזאַנג, נישט אויפהייבנדיק זיך העכער, איז יאושדיק אַרומגעלאָפן איבער די דעכער פון די הייזער.

— מאָרגן איז זונטאָג! — האָט מאַקלאַקאָוו נישט הויך גע־זאָגט. — איר גייט אין קלויסטער?

— ניין! — האָט יעווסיי געענטפערט.

— פֿאַרוואָס?

— כ'ווייס נישט... אַזוי... ענג דאָרטן...

— און איך גיי. כ'האָב ליב די מאָרגן-תּפֿילות. די זינגערס זינגען, און די זון קוקט אין די פֿענסטער אַריין... דאָס איז אַלע־מאָל אַזוי גוט.

מאַקלאַקאָוס פּשוטע ווערטער האָבן יעווסייען דערמוטיקט, ער האָט געוואָלט עפּעס רעדן וועגן זיך.

— ס'איז גוט צו זינגען! — האָט ער אָנגעהויבן. — ייִנגלווייז האָב איך געזונגען אין קלויסטער, ביי אונז אין דאָרף... זינגסט און ווייסט נישט, וווּ דו געפֿינסט זיך. ס'דאַכט זיך דיר, אַז ביסט גאָר נישטאָ...

— אָט זענען מיר געקומען! — האָט מאַקלאַקאָוו געזאָגט.

יעווסיי האָט אַ זיפֿץ געטון, יאָושדיק אָנגעקוקט די לאַנגע תּאָוואַל-געביידע — זי איז אים פֿאַר אויגן אויסגעוואַקסן פּלוצלינג און מיטאַמאָל פֿאַרשטעלט דעם גאַנצן וועג.

זיי זענען אַרויס אויפֿן פּעראָן, וווּ ס'איז שוין געווען פֿאַראַמלט אַ גרויסער עולם. זיי זענען געבליבן שטיין, זיך צוגע־דריקט צו דער וואַנט. מאַקלאַקאָוו האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און ווי אַנדרימלט געוואָרן. זשאַנדאַרמען-שפּאָרן האָבן געקלונגען. אַ שלאַנקע, שוואַרצאויגיקע פֿרוי מיט אַ שלאַנק פּנים האָט קלאַנג־פֿול און יונג געלאַכט.

— נעמט אייך אין זינען אַריין אָט די, וואָס לאַכט און דעם אַלטן, וואָס גייט צוזאַמען מיט איר! — האָט מאַקלאַקאָוו זאַנפֿט געשעפּ־טשעט. — זי הייסט שרה לוריע, אַן אַקושערין, וואוינט אויף סאַדאָווע גאַס, נומער זיבן. שוין געזעסן אין תּפֿיסה, געווען פֿאַר־שיקט. זייער אַ פֿלינקע פֿרוי! דער אַלטער איז אויך אַ געוועזענער פֿאַרשיקטער, אַ זשורנאַליסט...

מיטאַמאָל האָט ער זיך ווי דערשראָקן, מיט אַ גיכער האַנט-באַוועגונג אַרויפֿגערוקט דאָס היטל אויפֿן קאָפּ און נאָך שטילער געזאָגט:

— דער הויכער, אין שוואַרצן פּאַלטן, מיטן פֿוטערן היטל, דער געלער, — איר זעט?

יעווסיי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— דאָס איז דער שרייבער מיראָנאָוו... ער איז שוין פיר מאָל געזעסן אין ״ תפיסה, אין פאַרשידענע שטעט... איר לייענט ביכלעך?

— ניין...

— אַ שאָד! ער שרייבט זייער אינטערעסאַנט...

דער שוואַרצער אייזערנער ריז, מיטן האָרן אויפן קאָפּ און דריי פייערדיקע אויגן, האָט, בראַזגענדיק מיטן מעטאַל פון ריזיקן קערפּער, אַ פייף געטון, איז גיך צוגעקראָכן צום וואָקזאַל, געבליבן שטיין און בייז זיך צעהוסט, אָנגעפילט די לופט מיט געדיכטן, הייסן אָטעם. דער שווייסיקער, הייסער ריח האָט יעווסייען אַ קלאַפּ געטון אין פּנים, פאַר די אויגן האָבן גיך אַ פינקל געטון שוואַרצע פלינקע מענטשישע געשטאַלטן, מאָדנע קליינע אין פאַרגלייך מיט דער דערדריקנדיקער ריזיקייט פון דער באַן.

יעווסיי האָט ס׳ערשטע מאָל געזעען אַזוי נאָענט צו זיך אָט דאָס שטיק אייזן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עס לעבט, פילט, און מעכטיק געצויגן צו זיך זיין אויפמערקזאַמקייט, דערוועקט אין אים אַ פיינטלעך און אומבאַקוועם פאַרגעפיל. אין זיין זכרון האָבן בלענדנדיק און דראָענדיק געלויכטן די פייערדיקע אויגן, די קיילעכדיקע, די שטראַליקע, האָבן זיך געדרייט די ריזיקע רויטע רעדער, האָט געפינקלט דער שטאָלענער משא־הייבער, אָפּגעפּאַלן און זיך צוריק אויפגעהויבן, ווי אַ ריזיק מעסער..

ס׳האָט זיך דערהערט מאַקלאַקאָווס שטיל קול.

— וואָס? — האָט יעווסיי געפרעגט.

— גאָרנישט! — האָט דער אַגענט גוטמוטיק געענטפערט. די באַקן זענען אים רויט געוואָרן, ער האָט פאַרביסן די ליפּן. פון זיין בליק האָט יעווסיי פאַרשטאַנען, אַז ער קוקט נאָך דעם שרייבער. נישט איילנדיק, דרייענדיק די וואָנסעס, איז דער שרייבער געגאַנגען צוזאַמען מיט אַן עלטערן, ברייטביינערדיקן מענטש אין אַ צעעפנטן פּאַלטן און אין אַ זומערדיקן הוט אויפן גרויסן קאָפּ. דער דאָזיקער מענטש האָט הויך געלאַכט און אויפהייבנדיק דאָס בערדיקע רויטע פּנים, האָט ער געשריגן:

— איר פֿאַרשטייט, האַ? ר'איז געפֿאָרן, געפֿאָרן...

דער שרייבער האָט צראָפּגענומען דאָס היטל, עמעצן געגריסט.

דער קאָפּ איז אים געווען גלאַט אָפּגעשוירן, דער שטערן הויך, דאָס פּנים פֿליישיק, מיט אַ ברייטער נאָז און שמאָלע אויגן — דאָס דאָזיקע פּנים האָט אויסגעזען קלימקאָווען גראָב, אומאַנגענעם. די גרויסע געלע וואָנסעס האָבן אים צוגעגעבן עפּעס זעלנערישס, האַרטס.

— קומט! — האָט מאַקלאַקאָוו געזאָגט. — די וועלן, ווייזט אויס, צוזאַמען אַוועקפֿאָרן... מיר דאַרפֿן זיין פֿאָרזיכטיקער. דער בעקומענער איז אַ באַהאַוונטער מענטש...

אויף דער גאַס האָט ער ווידער געדונגען אַ דראָזשקער און בייז צו אים געזאָגט:

— פֿאָר נאָך יענע דראָזשקע!

און לאַנג געשוויגן, איינגעבויגן די פּלייצע און זיך געוויגט מיטן גאַנצן קערפּער. דערנאָך האָט ער שטיל אַרויסגעמורמלט:

— פֿאַראַיאָרן זומער בין איך געווען ביי אים אויף אַ רעוויזיע...

— ביים שרייבער? — האָט יעווסיי געפֿרעגט.

— יאָ. פֿאָר ווייטער, דראָזשקער! — האָט מאַקלאַקאָוו גיך באַפֿוילן, ווען די פֿאָרנטיקע דראָזשקע איז געבליבן שטיין. — גיכער!

אין אַ מינוט אַרום איז ער אַראָפּגעשפּרונגען, אַריינגערוקט דעם דראָזשקער געלט און געזאָגט צו יעווסייען:

— וואַרט! — און זיך באַהאַלטן אין פֿייכטן געבל. יעווסיי האָט געהערט זיין קול:

— אַנטשולדיקט — דאָס איז יאַקאָוולעווס הויז!

עמעץ האָט טעמפּ געענטפֿערט:

— דאָס איז פּיערצעווס.

— און וועלכעס איז יאַקאָוולעווס?

— כ'ווייס נישט...

— אַנטשולדיקט...

יעקסיי האָט זיך צוגעדריקט צום פאַרקאַן, געציילט מאַקלאַ־קאָוס פאַמעלעכדיקע טריט און געטראַכט:

— ס'איז דאָך אַזוי פּשוט — נאָכצושפּירן מענטשן...

דער שפּיאָן איז צוגעקומען און אומצופרידן געזאָגט

— מיר האָבן דאָ נישט וואָס צו טון... מאָרגן אינדערפרי דאַרפט איר אייך אָנטון אַן אַנדער אַנצוג און נאָכקוקן אָט דאָס הויז.

ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אויף דער גאַס, און אין קלימ־קאָוס אויערן האָבן אָפּגעקלאַפּט זיינע גיכע ווערטער, ווי אַ פּויק:

— נעמט אייך אין זינען אריין די פּנימער, דעם גאַנג פון די מענטשן, וואָס וועלן קומען דאָ אַהער און אָט דער ווינונג. נישטאָ קיין מענטשן, וואָס זאָלן זיין ענלעך איינער צום אַנדערן, יעדער האָט עפּעס אייגנס. איר דאַרפט זיך אויסלערנען גלייך צו כאַפּן אָט דאָס אייגנס אין יעדן מענטש — אין זיינע אויגן, אין קול, אין דעם, ווי ער האַלט די הענט ביים גיין, ווי ער נעמט אַראָפּ דאָס היטל, ווען ער באַגריסט זיך מיט עמעצן. אונזער דינסט פאָדערט קודם כּל אַ גוטן זכרון...

יעקסיי האָט געפילט, אַז דער אַגענט רעדט צו אים מיט באַהאַלטענער שנאה, און דאָס האָט אים געערגערט.

— איר האָט אַ צו באַמערקבאַר פּנים, באַזונדערש די אויגן: איר טאָרט נישט גיין אָן אַ מאַסקע, אָן עפּעס אַ שטיקל באַשעפּ־טיקונג. לויט אייער פיגור, און בכלל, זענט איר ענלעך אויף אַ קליין פּעדלערל — דאַרפט איר זיך, הייסט עס, נעמען אַ קעסטל מיט סחורה — מיט שפּילקעס, נאָדלען, טאַשמעס, בענדער און אַנ־דערע קלייניקייטן... איך וועל זאָגן, מע זאָל אייך געבן אַ קעסטל מיט סחורה — דעמאָלט וועט איר האָבן אַ צוטריט צו די קיכן, זיך באַקענען מיט דער הויז - דינערשאַפט...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, זיך אַראָפּגענומען די באָרד, פאַרריכט דאָס היטל און אָנגעהויבן צו גיין שטילער

— די דינערשאַפט איז אַלעמאָל אַ כּעלן, אָנצוטון עפּעס שלעכטס פאַר די באַלעבאַטים, מען קאָן זי לייכט אויספרעגן. באַ־זונדערש פרויען — קעכינס, אַמען, רוימערינס, זיי האָבן ליב צו מאַטלען... אָבער איך בין פאַרקראָכן צו ווייט! — האָט ער שוין

מיט אַן אַנדער קול געענדיקט זיינע אָנווייזונגען און געזאָגט:

— קומט אַריין אין שענק.

— כ'האָב נישט קיין געלט.

— בן-רישקייטן!

אין שענק האָט ער מיט אַ שטרענג קול פון אַ פּריץ באַ-פוילן:

— אַ גרעסער גלעזל קאָניאַק און צוויי פלאַש ביר. איר ווילט קאָניאַק?

— ניין. איך טרינק נישט, — האָט יעווסיי פאַרשעמט געענט-פערט.

— דאָס איז גוט!

דער שפּיאָן האָט אויפמערקזאַם אַריינגעקוקט יעווסייען אין פּנים אַריין, זיך פאַרריכט די וואָנסעס, אויף אַ ווײַלע פאַרמאַכט די אויגן, זיך אויסגעצויגן מיטן גאַנצן קערפּער, אַז די ביינער האָבן אים אָנגעהויבן צו קנאַקן. און אַז ער האָט אויסגעטרונקען דעם קאָניאַק, האָט ער שטיל געזאָגט:

— און ס'איז אויך גוט, וואָס איר זענט אַזאַ שווייגנדיקער... וועגן וואָס טראַכט איר יעצט, האַ?

יעווסיי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און נישט מיטאַמאָל געענטפערט:

— וועגן אַלעם... וועגן זיך אַליין...

— וואָס, אַ שטייגער?

מאַקלאַקאָווס אויגן האָבן געלויכטן ווייך, און יעווסיי האָט אויפריכטיק געענטפערט:

— איך טראַכט, אַז כ'וואָלט אפשר גלייכער אַריינגעטרעטן אין קלויסטער...

— פאַרוואָס?

— אַזוי...

— איר גלייבט אין גאָט?

יעווסיי האָט אַ טראַכט געטון און געזאָגט, ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיקט:

— כ׳גלייב! נאָר נישט צוליב גאָט וויל איך אריינטרעטן, נאָר צוליב מיר... וואָס בין איך דען גאָטס

— נו, לאָמיר אויסטרינקען...

קלימקאָוו האָט העלדיש אויסגעטרונקען א גלאָז ביר — עס איז געווען קאַלט, ביטער און אַרויסגערופן אין קערפּער אַ ציטער. ער האָט זיך באַלעקט די ליפּן און פלוצלינג בעפרעגט:

— און אָבט שלאָגט מען אייך?

— וועמען? מיך? — האָט דער אַגענט פאַרחידושט און באַליידיקט געפרעגט.

— נישט אייך, נאָר בכלל, אַלע... שפּיאָנען

— מען דאַרף זאָגן אַגענטן, נישט שפּיאָנען — האָט מאַקלאַקאָוו פאַריכט און אַ שמייכל געטון. — מע שלאָגט... יאָ, אוודאי שלאָגט מען. מיך האָט מען נאָך נישט געשלאָגן...

ער האָט זיך פאַרטראַכט, די אַקסלען האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזט, די פּלייצע האָט זיך איינגעבויגן, און איבערן ווייסן פּנים איז אַדורכגעקראָכן אַ שאָטן.

— אונזער דינסט איז אַ היבטישע, מענטשן קוקן אויף אונז... מיט עקל! — האָט ער שטיל געזאָגט און פלוצלינג, איינגאַנצן אַ צעשמייכלטער, האָט ער זיך אָנגעבויגן צו יעווסייען. — נאָר איין מאָל אין פינף יאָר צייט האָב איך געזען אַ מענטשלעכע באַציונג צו זיך... דאָס איז געווען ביי מיראָנאָוון. כ׳בין געקומען צו אים מיט זשאַנדאַרמען, אַלס רעווירמאָוע. פּינקט צו זיינער צייט בין איך עפּעס שלאָף געווען, קדחת. קוים געשטאַנען אויף די פיס. אויפגענומען האָט ער אונז העפלעך, גלייך ווי יך אַביסל פאַרשעמט, צוגעשמייכלט. אַזאַ גרויסער, מיט לאַנגע הענט, מיט אַזעלכע לאַנגע וואָנסעס, ווי ביי אַ קאַץ... גייט ער מיט אונז פון איין צימער אין אַנדערן, איר׳צט יעדערן, טאָמער פאַרטשעפּעט ער עמעצן — אַנטשולדיקט ער זיך. ס׳איז אונז אַלע אומבאַקוועם געווען לעבן אים — אי דעם פּאָלקאָווניק, אי דעם פּראָקוראָר, אי אונז, קליינוואַרג. אַלע קענען דעם דאָזיקן מענטשן, אין די בלעטער דרוקן זיך זיינע בילדער, מע זאָגט, ר׳איז אין אויסלאַנד באַקאַנט... און מיר זענען געקומען צו אים ביינאַכט... עפּעס נישט

באַקוועם. כ'טו אַ קוק — ער קוקט אויף מיר... דערנאָך גייט ער צו באַנט און מאַכט אַזוי: „אפשר ווילט איר זיך אַוועקזעצן, יאָ? איך זענט, ווייזט אויס, נישט געזונט. זעצט זיך!" אַזוי האָט ער מיך מיט די ווערטער איינגאַנצן צעחושט.. זעץ איך זיך אַוועק. כ'טראַכט זיך — ביי אַוועק פון מיר! און ער מאַכט: „איר ווילט בעטן אַ פּראָשעקי?" איך זע, אַלע שווייגן — קיינער קוקט נישט אויף אים און נישט אויף מיר...

מאַקלאַקאָוו האָט זיך שטיל צעלאַכט.

— האָט ער מיר געגעבן כינע אין אַ בלעטל, האָב איך עס צעקייט... אין מויל איז מיר שרעקלעך ביטער, אין האַרצן — אַ גאַנצע מלחמה... כ'פיל, אַז כ'וועל אומפאַלן, טאָמער שטעל איך זיך אויף די פיס... דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער פאָלקאָווניק, געהייסן מיך אָפפירן אין צירקל אַריין, סיי - ווי האָט זיך שוין געהאַט געענדיקט די רעוויזיע. דער פּראָקוראָר האָט זיך פאַר אים אַנטשולדיקט, זאָגט: כ'דאַרף אייך אַרעסטירן... „נו, איז וואָס, — מאַכט ער — אַרעסטירט! יעדער טוט, וואָס ער קאָן..." אַזוי פשוט האָט ער עס געזאָגט... מיט אַ שמייכעלע —

די מעשה איז יעווסייען געפעלן געוואָרן, מילד געגאַנגען אין האַרצן אַריין, עס געגלעט און ווידער דערוועקט דעם פאַרלאַנג צו זיין גוצלעך מאַקלאַקאָוון.

— אַ גוטער מענטש! — האָט ער ווידער באַשטעטיקט וועגן אַגענט.

יענער האָט אָפּגעזיפצט, געבעטן נאָך אַ גלעזל קאָניאַק, פאַרמעלעך עס אויסטרונקען, זיך פלוצלינג אַראָפּגערוקט, עפּעס דאַר געוואָרן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן טיש.

יעווסיי האָט געוואָלט רעדן, פרעגן, אין קאָפּ האָבן כאַאָטיש געשווינדלט פאַרשידענע ווערטער, עפּעס זיך נישט געקאָנט אויסלייגן אין קיין קלאָרע און פאַרשטענדלעכע רייד. לסוף, נאָך אַ סך באַמיונגען, האָט יעווסיי געפונען וועגן וואָס צו פרעגן:

— ער איז אויך אויף דינסט ביי אונזערע שונאים?

— ווער? — האָט דער אַגענט קוים אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— דער שרייבער...

— ביי װעלכע שונאים? װאָס אַזױנס?

יעװסיי האָט זיך פּאַראָמערט — דער אַגענט האָט געקוקט מיט עקל, אױסגעקרימט די ברעמען און אין קול האָט מען געקאָנט הערן חוזק. נישט דערװאַרט אויף אַן ענטפער, איז ער אויפגעשטאַנען, אַ װאָרף געטון אויפן טיש אַ זילבערנע מטבע און עמעצן געזאָגט:

— פאַרשרייבט!

ער האָט אָנגעטון ס׳היטל, קיין װאָרט נישט געזאָגט צו קלימקאָװן און איז צו צו דעם טיר. יעװסיי איז, אָנטרעטנדיק זיך אויף די נעז פון די שיך, אים נאָכגעגאַנגען, און זיך נישט געװעגט אָנצוטון דאָס היטל.

— מאָרגן ביינע זאָלט איר זיין אויפן אָרט, צװעלף אַזייגער װעט מען קימען אייך טוישן! — האָט אים מאַקלאַקאָװ געזאָגט שוין אויף דער גאַס, אריינגערוקט די הענט אין די פּאָלטן - קעשענעס און איז געלם געװאָרן.

— זיך נישט געזעגנט! — האָט יעװסיי פאַרביטערט געטראַכט, גייענדיק איבער דער ליידיקער גאַס.

אַז ער פלעגט אריינגיין אין אַ פּאָס ליכט פון אַ לאַמטער, האָט ער געמאַכט קלענערע טריט, און דעם חלל, װאָס איז געװען איינגעהילט מיט פינסטערניש, האָט ער זיך באַמיט אַדורכצוגיין גיכער. ער האָט זיך געפילט שלעכט — פון אַלע זייט האָט אים ארומגערינגלט פינסטערניש, ס׳איז געװען קאַלט, פון מויל איז אים אריינגעדרונגען אין ברוסט דער קלעפּיקער און ביטערער טעם פון ביר, דאָס האַרץ האָט נערװעז געקלאַפּט. און אין קאָפּ האָבן זיך געדרייט, װי שװערע שטיקער האַרבסטיקער שניי, װיגגדיקע געדאַנקען.

— אָט — אָפּגעדינט אַ טאָג.. װי פאַרשידן זענען זיי דאָס אַלע... װאָלט איך כאָטש עמעצן געפעלן געװאָרן...

ביינאַכט האָט זיך אים געחלומט, אַז זיין שוועסטערקינד יאשקא האָט זיך אים אַרויפגעזעצט אויף דער ברוסט, אָנגעכאַפּט פאַרן גאָרגל און שטיקט אים... ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערהערט פון פּיאָטרס צימער זיין בייז טרוקן קיל:

— איך שפּיי אויף דער גאַנצער מלוכה און אויף די אַלע גאַרישקייטן...

אַ פרוי האָט זיך צעלאַכט און עמעצנס אַ דין קול האָט אָפּגעקלונגען:

— ש - ש! שריי נישט אַזוי!

— איך האָב נישט קיין צייט זיך פונאַנדערצוקלייבן, ווער ס'איז גערעכט, ווער ס'איז שולדיק — איך בין נישט קיין נאַר... איך בין יונג, איך דאַרף לעבן... ער, דער מנוול, גייט מיר לייענען לעקציעס וועגן זעלבסט - הערשאַפט... און איך האָב זיך פיר שעה אַרומגעדרייט אַלס אַ לאָקיי אַרום יעדער מיאוסקייט, די פיס ברעכן מיר, די פּלייצע טוט מיר וויי פון כסדר נייגן זיך... אויב די זעלבסט - הערשאַפט איז דיר טייער, טאָ זשאַלעווע נישט קיין געלט! פאַר קיין גראַשן וועל איך מיין כבוד דער זעלבסט - הערשאַפט נישט אָפּטרעטן... גייט צו אַל'דע שוואַרצע יאָר!

יעווסיי האָט מיט שלעפעריקע אויגן געקוקט און פענסטער אַריין, דער בליק האָט זיך אים פאַרלוירן אין דער שלעפעריקער טיפעניש פון האַרבסטיקן פרימאָרגן. פאַרבלענדט, האָט ער זיך שטיל אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט און ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן.

און אין עטלעכע שעה אַרום איז ער געזעסן אויף דער באַנק אין טויער אַנטקעגן פּיערצעווס הויז. ער איז לאַנג אַרומגעגאַנגען אַהין און צוריק איבער דער גאַס פאַרביי דעם הויז, איבערגעציילט אין אים די פענסטער, אויסגעמאָסטן מיט די טריט די לענג, זין

איסגעפלערנט פון אויסנווייניק דאָס גרויע פּנים פונם הויז, וואָס איז זיך צעשוואומען פון אַלטקייט, אין אַלע זיינע פּרטים און איז, לסוף, מיד געוואָרן. נאָר ס'איז אים נישט לאַנג באַשערט געווען זיך אָפּצורוען — פון דער טיר איז אַרויס דער שרייבער, מיטן פּאַלטן אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען, אָן קאַלאָשן, דאָס היטל אַנגעבויגן אָן אַ זייט, און איז דורך דער גאַס גלייך אַריבער צו אים.

— ער גייט מיך שלאָגן! — האָט יעוסיי אַ טראַכטגעטון, געקוקט אויף דעם שטרענגן פּנים און פאַרכמאַרעטע געלע ברעמען. ער האָט געפּרוווט זיך אויפשטעלן, נישט געקאָנט אַוועקגיין, צוגעשמידט פון שרעק.

— פאַרוואָס זיצט איר דאָ? — האָט ער דערהערט אַ בייז קול.

— אַזוי...

— גייט אייך אַוועק!...

— כ'קאָן נישט...

— נאַט אייך אַ בריוו — גייט, גיט עס דעם, ווער ס'האָט אייך אַהערגעשיקט.

— כ'קאָן נישט...

— פאַרוואָס?

די גרויע בלויע אויגן האָבן באַפּוילן, יעווסיי האָט נישט געהאַט קיין כוח זיך זיי אַנטקעגנצושטעלן. ער האָט אָפּגעווענדעט ס'פּנים אָן אַ זייט און אַרויסגעמורמלט:

— כ־כ'האָב נישט קיין דערלויבעניש... אַנצונעמען פון אייך קיין שום זאַך... און צו רעדן אויכעט... איך גיי אַוועק...

— יאָ, גייט! — האָט דער שרייבער באַפוילן און עפּעס אַ שמייכל געטון מיט אַ כמורנע שמייכל.

קלימקאָוו האָט גענומען דעם גרויען קאָנווערט און איז אוועק. ער האָט זיך נישט געפרעגט, וואוהין ער גייט, געהאַלטן דעם קאָנווערט און דער רעכטער האַנט אויף דער הייך פון דער ברוסט, ווי עפּעס אַ געפערלעכע זאַך, וואָס דראָט מיט אַן אומבאַ־

האוסט אומגליק. די פינגער האָבן אים געציטערט, ווי פון פראָסט, און אין קאָפּ האָט עקשנותדיק געהאַקט א שרעקעוודיקער געדאַנק:

— וואָס - זשע וועט דאָס מיט מיר זיין?...

נאָר פּלוצלינג האָט ער דערזעען, אַז דער קאָנווערט איז נישט פאַרקלעפּט. דאָס האָט אים פאַרחידושט, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך ארומגעקוקט, גיך אַרויסגענומען דעם בריוו און איבערגעלייענט:

„נעמט פון מיר אַוועק דעם דאָזיקן אידיאָט. מיראָנאָוו.“

יעווסיי האָט לייכט אָפּגעעטעמט.

— מע דאַרף עס אָפּגעבן מאַקלאַקאָוון. ער וועט מיך אויסדידלען... אפשר זאָל איך זיך אומקערן? ניין, מע דאַרף נישט, סיי - ווי וועט באַלד קומען א צווייטער...

די שרעק איז אַוועק, נאָר ס'איז אים געווען טרויעריק פונם באַוואוסטזיין, אַז ער טויג נישט צום ענין און שווער דער געדאַנק וועגן דעם, אַז ס'האָט זיך אים ווידער נישט איינגעגעבן צופרידן צו שטעלן דעם אַגענט, וואָס איז אים אַזוי שטאַרק געפעלן.

ער האָט געטראָפן מאַקלאַקאָוון עסן מיטאָג אין דער געזעלשאַפט פון א קליינעם, שיקלדיקן מענטש, אָנגעטון אין שוואַרצן.

— זייט באַקאַנט. קלימקאָוו, קראַסאַווין.

יעווסיי האָט אַריינגערוקט די האַנט אין קעשענע און פאַר אומערט געזאָגט:

— ס'איז אויסגעקומען אַזוי, איז...

מאַקלאַקאָוו האָט צו אים אויסגעצויגן די האַנט:

— איר'ט דערציילן שפּעטער!... זעצט זיך, עסט...

דאָס פּנים איז אים געווען מיד, די אויגן האָבן זיך אים פאַרוואָלקנט, די ווייסע גלייכע האָר — צעשויבערט.

— ווייזט אויס, ר'האָט זיך נעכטן אָנגעטרונקען! — האָט יעווסיי א טראַכט געטון.

— ניין, טימאָפיי וואַסיליעוויטש — האָט קאַלט און זאַנפט געזאָגט דער שיקלדיקער מענטש — איר זענט נישט גערעכט. יעדע אַרבעט פאַרמאָגט איר אָנגענעמקייט, ווען זי איז ליב...

מאַקלאַקאָוו האָט אויף אים אַ קוק געטון און מיט איין שלוק אויסגעטרונקען אַ גרויס גלעזל בראָנפן.

— זיי זענען מענטשן, מיר זענען אויך מענטשן, נאָר דאָס איז נישט וויכטיק. איינער זאָגט אַזוי, דער אַנדערער — אַזוי, און איך, צווישן אַנדערס, טו, וואָס מיר געפעלט.

דער שיקלדיקער האָט באַמערקט. אַז יעוסיי קוקט אויף זיינע פונאַנדערגעלאָפענע אויגן, האָט ער אָנגעטון אַ פּאָר בריל אין אַ ביינערנער רעם. ער האָט זיך באַוועגט ווייך און פלינק, ווי אַ שוואַרצע קאַץ, געהאַט קליינע, שאַרפע ציין, אַ נאָז, אַ שאַרפע און אַ דינע. אַז ער האָט גערעדט, האָבן זיך די ריזיקע אויערן באַוועגט. די קרומע פינגער האָבן די גאַנצע צייט גיך געשניטן פון רעפטל שטיקלעך ברויט און עס צעלייגט אויפן ברעג טעלערל.

— אַ געהילף? — האָט ער מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטון אויף יעוסייען.

— יאָ...

— ווי גייען די געשעפטן, יונגערמאַן?

— איך האָב נאָך... ערשט נעכטן אָנגעהויבן..

— אַ - אַ... האָט קראַסאווין אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און קראַצנדיק די דינע טונקעלע וואָנסע, פליסיק אָנגעהויבן צו רעדן:

— אוודאי, טימאָפיי וואַסילעוויטש, דעם לעבנס - גורל וועסטו אויפן ווידל נישט אָנטרעטן. אַלץ געשעט לויט גאָטס געזעצן: קינדער וואַקסן, זקנים שטאַרבן, נאָר דאָס געהער זיך דאָך אונז נישט אָן — מיר האָבן באַקומען אונזער באַשטימונג — מ'האָט אונז באַשטימט: כאַפּט די, וואָס שטערן די אָרדנונג און דאָס געזעץ און... מער גאָרנישט! אָן ענין אַ שווערער, אַ קלוגער, ווען מען זאָל נעמען דערצו אַ פאַרגלייך — איז עס ווי, אַ שטייגער, יעגעריי...

מאַקלאַקאָוו איז אויפגעשטאַנען פון טיש, אַוועק אין ווינקל און פון דאָרט צוגעוואונקען יעווסייען צו זיך:

— נו, וואָס?

יעווסיי האָט אים אָפּגעגעבן דעם קאָנווערט, דער אַגענט

האָט איבערגעלייענט ס'בריוול, פאַרחידושט אָנגעקוקט קלימקאָווןי־
באָכאמאָל איבערגעלייענט און שטיל געפרעגט:
— פון וואַנען איז דאָס?
יעוואסיי האָט פאַראומערט אַרויסגעמורמלט
— ר'האָט אַליין געגעבן. איז אַרויס אויף דער גאַס...
ער האָט זיך געריכט אויף זידלערייען אָדער קלעפּ, האָט אייננעקורטשעט דעם האַלז, נאָר דערהערט אַ שטיל געלעכטער און פאָרזיכטיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דער אַגענט דאָט געקוקט אויפן קאָנוווערט, ברייט געשמייכלט, די אויגן האָבן אים פריילעך געפינקלט.
— עך, איר, מאָדנער, וואָס איר זענט! — האָט ער געזאָגט — שווייגט - זשע כאָטש וועגן דעם, הוש!
— מען קאָן באַגריסן צום מזלדיקן אָנהייב? — האָט קראַסאַ־ווין געפרעגט.
— מ קאָן.. יאָ — איז מאַקלאַקאָוו צו אים צוגעגאַנגען.
— אָט אַזוי איז גוט, יונגערמאַן! — האָט דער שיקעלדיקער מונטער באַמערקט, די שוואַרצאַפּלען זענען ביי אים צוגעגאַנגען צו דער נאָז - בריק, אין זיי האָבן געלויכטן גרינע פונקען, און די נאָזלעכער האָבן אויפגעציטערט און זיך ברייט צעעפנט.
— און די יאַפּאָנטשיקעס האָבן אונז, פונדעסטוועגן, גוט אַריינגעצימבלט, גאָווריילאָ! — האָט מאַקלאַקאָוו פריילעך אויסגע־רופן, רייבנדיק זיך די הענט.
— דיין גדולה קאָן איך בשום - אופן נישט פאַרשטיין! — האָט קראַסאַווין געזאָגט, באַוועגנדיק מיט די אויערן. — כאָטש עס איז באַלערנדיק, ווי אַ סך דריקן זיך אויס, נאָר דאָך איז פאַרגאָסן געוואָרן רוסיש בלוט און ס'איז אויפגעדעקט געוואָרן אונזער גאַנצע מאַכטלאָזיקייט.
— און ווער איז שולדיק
— דער יאַפּאַנטשיק. וואָס דאַרף ער דען צו האָבן? יעטוועדער מלוכה דאַרף לעבן אינעווייניק — אין זיך...
זיי האָבן אָנגעהויבן צו דיסקוטירן, נאָר יעוואסיי, דערפרייט מיט מאַקלאַקאָווס באַציונג, האָט זיי נישט געהערט. ער האָט גע־

קוקט אין אַגענטס פּנים אַריין און געטראַכט, אַז ס'מוז זיין גוט צו האַוינען צוזאַמען מיט אים, און נישט מיט פּיאָטרן, וואָס זידלט די רעגירונג און מען קאָן אים דערפאַר אַרעסטירן, אַזוי גוט ווי מ'האָט אַרעסטירט דודקען.

קראַסאַווין איז אַוועק. מאַקלאַקאָוו האָט אַרויסגענומען דעם בריוו, אים נאָכאַמאָל איבערגעלייענט און זיך צעלאַכט, קוקנדיק אויף יעווסייען:

— זאָלט איר וועגן דעם נישט איבערחזרן קיין וואָרט, קיי-נעם נישט! איר פאַרשטייט? ער איז אַליין אַרויס?

— יאָ. אַרויס און געזאָגט: גיי אַוועק!

און יעווסיי האָט פאַרשולדיקט אַ שמייכל געטון.

— זעט איר? און אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט אייך נאָך אַ גלעט געטון איבערן האַלז.

דער אַגענט האָט, פאַרשמורענדיק די אויגן, געקוקט אין פענסטער אַריין און פּאַמעלעך גערעדט:

— יאָ - אָ... און איר דאַרפט זיך פאַרנעמען מיט האַנדל, כ'האָב דאָך אייך שוין געזאָגט... אויף היינט זענט איר פריי, כ'האָב נישט פאַר אייך קיין שום אַרבעט. גייט, שפּאַצירט אייך. איך וועל זיך באַמיען אייך די טעג אַנדערש איינצואָרדענען, אויף ווידערזען!

ער האָט אויסגעצויגן די האַנט, יעווסיי האָט זי דאַנקבאַר אָנגערירט און איז אַוועק, אַ גליקלעכער.

## XI

נאָך עטלעכע וואָכן האָט ער זיך דערפילט נאָך מער פריי-ער און היימישער.

יעדן טאָג אינדערפרי, וואַרעם און גוט אָנגעטון, מיט אַ קעסטל צעלניק אויף דער ברוסט, פלעגט ער קומען אין איינעם

פון די שענקען, וואו די אגענטן זענען זיך צענויפגעקומען, אין פאַ־ליציי - צירקל אָרער אין אַ פריוואַטער וואוינונג פון איינעם פון זיינע מיטאַרבעטער; דאָרט האָט מען אים געגעבן אזוינע פשוטע, פאַרשטענדלעכע אויפגאַבעס: גיי אַריין אין דעם און דעם הויז, באַקען דיך מיט דער דינערשאַפט, פרעג אויס, ווי ס'לעבן די באַ־לעבאַטים. — ער איז געגאַנגען, און אויב ס'איז אים געלונגען אַריינצודרינגען אין קיך פון דער אָנגעוויזענער וואוינונג, האָט ער ביים ערשטן מאָל געפרווט אונטערקויפן די דינערשאַפט מיטן ביליקן פרייז פון דער סחורה, מיט קליינע מתנות, און דערנאָך פאָרזיכטיק אויסגעפרעגט דאָס אַלץ, וואָס מ'האָט אים געהייסן זיך דערוויסן. אַז ער האָט געפילט, אַז די צענויפגעקליבענע ידיעות זענען צו ווינציק, האָט ער זיי נאָך דערפילט פון אייגענעם קאָפּ אַרויס, צוגעטראַכט דאָס, וואָס האָט געפעלט לויטן פּלאַן וועלכן ס'האָט אים אָנגעצייכנט דער אַלטער, פעטער און פילבאַרער סאָלאָוויאָוו.

— די דאָזיקע מענטשן, וואָס זענען אונז אינטערעסאַנט אין דעם פאַל — האָט ער זעלבסטבארימעריש און צופרידן געזאָגט — האָבן אַלע די זעלבע געוויינהייטן — גלייבן נישט אין גאָט, גייען נישט אין קלויסטער אַריין, טוען זיך אָן שלעכט, נאָר זענען העפלעך אין דער באַציונג. לייענען אַ סך ביכער, זיצן לאַנג ביינאַכט, לאַדן אָפט איין געסט, און טרינקען פונדעסטוועגן ווינציק וויין און שפּילן נישט אין קאָרטן. זיי רעדן וועגן אויסלענדישע מלוכות און אָרדע־נונגען, וועגן אַרבעטער - סאָציאַליזם און וועגן פולער פרייהייט פאַר דעם מענטש. זיי רעדן אויך וועגן אָרעמען פאָלק און אַז מען דאַרף עס בונטעווען קעגן קיסר אונזערן, אויסהרגענען די גאַנצע רעגירונג, פאַרנעמען די הויכע אַמטן און מיט דער הילף פון סאָ־ציאַליזם ווידער שאַפן דאָס לייב-קנעכטשאַפט — דעמאָלט וועט פאַר זיי זיין די פולע פרייהייט.

דעם שפּיאָנס וואַרעם קול האָט זיך אָפּגעריסן, ער האָט אָפּ־געהוסט און פילבאַר אָפּגעזיפצט.

— פרייהייט... אוודאי האָט עס יעדער ליב. אָבער וועט איר מיר זי געבן, וועל איך נאָך, אפשר, ווערן דער גרעסטער רוצח אויף דער וועלט, אָט וואָס. אפילו אַ קינד קאָן מען נישט געבן

קיין פולע פרייהייט. אָט, די הייליקע פּאָטערס, גאָטס אַפּאָסטאָלן, — פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט געקאָנט ביישטיין דעם יצר - הרע און געזינדיקט אויפן ערגסטן אופן. נישט מיט פרייהייט, נאָר מיט מורא איז צוגעבונדן דאָס מענטשלעכע לעבן — יעדער מענטש מוז זיך אונטערוואַרפן דעם געזעץ. די רעוואָלוציאָנערן, ווידער, פאַרלייקענען דאָס געזעץ. זיי באַשטייען פון צוויי פּאַרטייען — איינע וויל שוין אויסהרגענען מיט באָמבעס און אַנדערע מיטלען די מיניסטאָרן און די קיסר - טרייע מענטשן, די אַנדערע, ווידער, ווילן מאַכן אַן אַלגעמיינעם בונט, און דערנאָך וועלן זיין שוין אַלע אויסהרגעננגן.

פּאָלאָוויאָוו האָט פאַרטראַכט אויפגעהויבן די אויגן, געשוויגן אַ ווײַלע און דערנאָך ווייטער גערעדט:

— פונאַנדערקלייבן זיך אין זייער פּאָליטיק איז אונז שווער. אפשר, דאָרטן... פאַרשטייען זיי דאָרט עפּעס, נאָר פאַר אונז זענען דאָס אַלץ שעדלעכע טרוימערייען — מיר דערפילן דעם צאַרס ווילן, דעם גאָטס געזאַלבטן, ער איז פאַר אונז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר גאָט, און מיר דאַרפן טון וואָס ער הייסט. און כדי צו געווינען דעם צוטרוי פון די רעוואָלוציאָנערן, דאַרף מען זיך קלאָגן: ס'לעבן, דאַרף מען זאָגן, איז זייער שווער פאַרן אָרעמען מענטש, די פּאָליציי דערדריקט אונז און ס'איז נישטאָ קיין שום געזעץ. כאָטש זיי זענען געבילדעטע מענטשן, וואָס נאָר זיי קוקן אויס אונזער שטעכטס, נאָר זיי זענען לייכטגלויביק, און אויף אָט דער וועגטקע וועסטו זיי אַלעמאָל כאַפּן. מיט דער דינערשאַפט דאַרף מען זיך פירן מיט קענטעניש, די דינערשאַפט איז ביי זיי אויך נישט קיין גאַראָנים. דאָרט, וואו מען דאַרף, טרעט אָפּ די סחורה פאַר ביליקער, מען זאָל זיך צו דיר צוגעוויינען, מען זאָל דיך שעצן, נאָר היט זיך פאַר חשדים. וואָס איז דאָס אַזוינס? — פאַרקויפט ביליק אַ ן אַזאַ בייגעריקער. דו שאַפט זיך עפּעס חברטאָרינס — אַזאַ מין שטיגער גראָב שישקעלע, אַ הייס, און ס'וועט דיר זיין מיט איר גוט — אין אַלע פּרטים. זי וועט דיר אַ העמד אויפנייען, און פּיזן נעכטיקן, און אַלץ, וואָס וועסטו איר הייסן, וועט זי געוואויער ווערן, אויסשמעקן, ווי אַ מייזעלע. מיט דער הילף פון אָט אַזאַ שטייגער מיד וועסטו לאַנג אויסציען די האַנט.

דער דאָזיקער קיילעכדיקער מענטש מיט די האָריקע הענט, מיט די גראָבע ליפּן און געשטופּלט פּנים, האָט עפּטער פון אַלעמען גערעדט וועגן פרויען. ער האָט אַראָפּגעלאָזט זיין ווייך קול ביז צו שעפּטשען, דער האַלז האָט אים אָנגעהויבן צו שוויצן, די פּיס האָבן זיך אים אומרויק באַוועגט, און די טונקעלע אויגן אָן ברעמען און וויעס האָבן זיך אָנגעפילט מיט אַ וואַרעמער פעטסקייט. עמפּינדלעך אויף ריחות, האָט יעווסיי איינגעפונען, אַז פון סאָלאָוויאָוון פילט זיך אַלעמאָל הייס, פעט, קאַלע - געוואָרן פלייש.

ווען יעווסיי האָט נאָך געדינט אין פּאָליציי, פלעגט מען דאָרט דערציילן וועגן די שפּיאָנען, ווי וועגן מענטשן, וואָס ווייסן אַלצדינג, האַלטן אַלץ אין זייערע הענט, האָבן אומעטום פריינט און העלפערס, אַז ווען זיי ווילן, קאָנען זיי כאַפּן מיטאַמאָל אַלע געפערלעכע מענטשן און זיי טוען עס נישט בלויז דערפאַר, וואָס זיי ווילן נישט פאַרלירן די דינסט אויף ווייטער. ביים אַריינטרעטן אין אָכראַנע, גיט יעדער פון זיי אַ שבועה נישט רחמנות צו האָבן אויף קיינעמען, נישט אויף דער מוטער, נישט אויפן פאָטער, נישט אויפן ברודער און קיין איין וואָרט נישט דערציילן איינער דעם אַנדערן וועגן דער געהיימניספולער און שרעקלעכער זאַך, צו וועלכער זיי האָבן זיך מתחייב געווען צו דינען דאָס גאַנצע לעבן.

יעווסיי האָט זיך געריכט צו זען שטרענגע מענטשן, אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיי דאַרפן רעדן ווייניק, זייערע רייד זענען אומפאַרשטענדלעך פאַר פשוטע מענטשן און יעדער פון זיי געוועלטיקט מיט דער וואונדערלעכער אייגנשאַפט פון אַ כישופמאַכער, וואָס קאָן לייענען מענטשלעכע געדאַנקען און וואָס קען אַלע געהיימענישן פון לעבן.

יעצט, אַז ער האָט זאָרגזאַם זיי נאָכגעקוקט, האָט ער בולט געזען, אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן נישט אין זיך קיין שום אומגעוויינלעכס, אַז פאַר אים זענען זיי נישט ערגער, נישט געפערלעכער פון אַנדערע. ס'האָט זיך אַפילו אויסגעוויזן, אַז זיי לעבן חברישער, ווי ס'איז בכלל אָנגענומען ביי מענטשן, דערציילן אָפנהאַרציק וועגן זייערע טעותן און דורכפאַלן, לאַכן אָפט און

פריילעך אָפּ פון זיך אַליין און אַלע צוזאַמען זידלען זיי גלייך ביז, כאַטש מיט אַ פאַרשידענער מאָס כעס, זייערע עלטסטע.

צווישן זיי האָט זיך געפילט אַן ענגער צוזאַמענבונד, איז געווען צו באַמערקן אַ דאגה פון איינעם פאַרן אַנדערן. — טיילמאָל פלעגט טרעפן, אַז איינער פלעגט זיך פאַרשפּעטיקן אָדער אינגאַנצן נישט קומען אויף די צוזאַמענקונפטן האָבן אַלע אויפריכטיק זיך באַאומרויקט וועגן אים, געשיקט יעווסייען, זאַרובינען אָדער נאָך עפּעס עמעצן פון דער צאָלרייכער חברה לערן-ייִנגלעך, געהילפן צו זוכן דעם פאַרפאַלענעם אויף אַנדערע ערטער. ביי דעם רוב האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דאָס, וואָס זיי האָבן אינגאַנצן נישט דאָס געפיל פון געלט-גיריקייט, ס'איז געווען צו זען אַ גרייטקייט זיך צו צעטיילן מיטן געלט מיט דעם חבר, וואָס האָט זיך פאַרשפּילט אין קאָרטן אָדער סתם פאַרטאַכלעוועט זיינע פאָר רובל. אַלע האָבן זיי ליב געהאַט האַזאַרד-שפּילן, ווי קינדער האָט זיי אינטערעסירט קונצן מיט קאָרטן און זיי האָבן מקנא געווען די פלינקייט פון שולערס.

מיט באַגייסטערונג און עסנדיקער שנאה פלעגן זיי איינער דעם צווייטן איבערגעבן וועגן פאַרשידענע מיאוסע געשעפטן אויסן לעבן פון זייערע עלטסטע, געגוי געשילדערט די קערפּערס פון באַקאַנטע אויסגעלאַסענע פרויען און הייס דיסקוסירט וועגן פאַרשידענע פאָרמען פון געשלעכטלעכע באַציונגען. ס'רוב זענען געווען בחורים, כמעט אַלע יונגע מענטשן, און פאַר יעדן איז אַ פרוי געווען ווי בראָנפן, — זי האָט באַרויקט, איינגעשלעפערט, מיט איר פלעגט מען זיך אָפּרוען פון די שרעקן פון דער הינטישער דינסט. כמעט יעדער האָט געהאַט אין בוזעם-קעשענע אויסגעלאַסענע בילדער, מען פלעגט זיי באַקוקן גיריק און דערביי גערעדט געמיינקייטן, וואָס האָבן דערוועקט ביי יעווסייען אַ שאַרפע, פאַרשיכורדיקע נייגעריקייט, און טיילמאָל — אומגלויבן און נודנעקייט. ער האָט שוין געוואוסט, אַז אַ טייל פון זיי פאַרנעמען זיך מיט פאַרשידענע געשלעכטלעכע אָפּווייכונגען, מיט האָמאָסעקסואַליזם, אַז אַ סך זענען אָנגעשטעקט מיט געהיימע קראַנקייטן, און אַלע האָבן

זייער פיל געטרונקען געמישטן בראָנפן מיט ביר, ביר מיט קאָניאַק און שטענדיק געשטרעבט וואָס גיכער שיכור צו ווערן.

נאָר איינציקע האָבן אריינגעלייגט אין זייער דינסט א הייסן אינטערעס, אַ יעגערישן אינהאַלט, זיך גערימט מיט זייער פלינקייט און זיך געשילדערט פאַר גרויסע העלדן ; די מערהייט האָבן געטון זייער זאַך אומעטיק און מיד.

אין די שמועסן וועגן די מענטשן, וועלכע זיי האָבן אויסגעשפירט, ווי חיות, האָט כמעט קיינמאָל נישט געקלונגען קיין גאַליקע שנאה, וואָס האָט ווי שוים געקאָכט אין סאשאַס רייד. ס'האָט זיך אויסגעטיילט אָט אַזאַ מיעלניקאָוו, אַ שווערער, האָרי־מער מענטש מיט אַ גערדיכט, רעווענדיק קול, ער פלעגט גיין מאָדנע איינגעבויגן דעם האַלז, די פינסטערע אויגן האָבן אַלעמאָל אָנגעשטרענגט געוואַרט, ער פלעגט רעדן ווינציק, נאָר יעווסייען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָט דער מענטש טראַכט כסדר וועגן עפּעס שרעקלעכס. ס'האָט זיך אויך געלאָזט באַמערקן קראַסאַווין מיט זיין בייזקייט און סאָלאָוויאָוו מיט דער זיסער צופרידנקייט, מיט וועלכער ער פלעגט רעדן וועגן געשלעגן, וועגן בלוט און וועגן פרויען.

צווישן דעם יונגוואַרג האָט זיך געפּאָרעט סאַשאַ זאַרובין. תמיד באַשעפטיקט, פלעגט ער צו אַלעמען אונטערלויפן מיט פראַגן, אונטערגעהערט די שמועסן וועגן רעוואָלוציאָנערן, ביי געכמורעט די ברעמען און עפּעס אריינגעשריבן אין אַ קליין ביכעלע. ער האָט זיך באַמיט צופרידנצושטעלן, צו באַדינען מיט עפּעס אַלע וויכטיקע שפּיאָנען, קיינער האָט פון אים נישט געהאַלטן, און אויף זיין ביכל פלעגט מען קוקן מיט חשד.

וועגן אַ רעוואָלוציאָנער פלעגט מען ס'רוב רעדן גלייכגילטיק, ווי וועגן אַ מענטש אַן אומפאַרשטענדלעכן און אַ דערסענעם, טיילמאָל מיט חוזק, ווי וועגן אַן אינטערעסאַנטער משוגעדיקער בריאה, טיילמאָל מיט זאָרגזאַמקייט, ווי וועגן אַ קינד, וואָס איז צעבאַלעוועט און פאַרדינט, מע זאָל עס באַשטראָפן. יעווסייען האָט זיך אָנגעהויבן אויסצווייזן, אַז אַלע רעוואָלוציאָנערן זענען הוילע מענטשן, נישט ערנסטע, זיי ווייסן אַליין נישט, וואָס זיי ווילן און ברענגען נאָר צרין אין לעבן אומעט, אומאָרדענונג.

איינמאָל האָט יעווסיי געפרעגט פּיאָטרן:

— אָט זאָגט איר אַליין, אַז די רעוואָלוציאָנערן זענען אונטערגעקויפט פון די דייטשן, און יעצט זאָגט מען אַנדערש...

— וואָס — אַנדערש? — האָט פּיאָטר פאַראינטערעסירט געפרעגט.

— אַז זיי זענען אָרעמע און נאַרישע מענטשן... און וועגן די דייטשן... זאָגט שוין קיינער גאָרנישט...

— גיי, ברודער, צו אַל'דע רוחות! ס'איז דען דיר נישט אַלץ איינס? טו, וואָס מע הייסט דיר — דיין מזל איז אַ טייוול און גיי מיטן טייוול...

בכלל האָט מען וועגן די דינסט-אָנגעלעגנהייטן גערעדט אָן חשק און תמיד פלעגט איינער זאָגן צום אַנדערן:

— פאַרשטייסט, ברודער, גאָרנישט...

— און דו?...

— רעד איך טאַקע נישט.

פון סאַשאַן האָט זיך קלימקאָוו באַמיט צו האַלטן וואָס ווייטער — דער ריח פון יאָדינע און זיין טעמפּ, בייז קול האָב אָפּגעשטויסן יעווסייען, דאָס בייזע קראַנקע פּנים האָט אים געשראָקן

— אויסוואָרפן! — האָט סאַשאַ געשריגן, זידלענדיק באַטשאַליסטוואָ. — זיי גיט מען מיליאָנען, און אונז וואַרפן זיי צו גראָשנס אין הונדערטער טויזנטער פאַטערן זיי אויף נקבות און פאַרשידענע גרויסע לייט, וואָס אַרבעטן קלאָמפּערשט אין דער געזעלשאַפט.. די רעוואָלוציע מאַכט נישט די געזעלשאַפט, נישט די גרויסע מענטשן — דאָס דאַרף מען וויסן, אידיאָטן, די רעוואָלוציע וואַקסט פון אונטן, אין דער ערד, אין פאָלק. גיט מיר פינף מיליאָן — וועל איך אייך אין איין חודש אַרויספירן די רעוואָלוציע אויף דער גאַס, וועל זי אַרויסשלעפן פון די פינסטערע ווינקלען אויף דער ליכטיקער שיין... נאַ, שטיק!

אַלעמאָל האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט שרעקלעכע פּלענער וועגן אַ הורטאָווער אויסראָטונג פון די שעדלעכע מענטשן, געטופּעט מיט די פיס, אויסגעצויגן פאָרויס די ציטערנדיקע הענט און געריסן די לופט מיט די געלע פינגער. דאָס פּנים איז אים געוואָרן

בלוי, די רויטע אויגן זענען מאָדנע טונקל געוואָרן, פון מויל איז אים גערונען די סלונע.

מ'האָט געזעען בחוש, אַז אַלע באַציען זיך צו אים מיט עקל, נאָר האָבן פאַר אים מורא און ווילן באַהאַלטן דעם עקל צו זיין קראַנקייט. נאָר איין מאַקלאַקאָוו האָט זיך רויק אָפּגעזונדערט פון נאָנטע באַציונגען לויט אים, נישט געגעבן אים אפילו די האַנט, ווען ער האָט זיך באַגריסט אָדער זיך געזעגנט.

סאַשאַ האָט אַלע חברים געזידלט, גערופן זיי אידיאָטן, חוזק געמאַכט פון זיי, נאָר מאַקלאַקאָוון האָט ער אויסגעטיילט באַזונדער, גערעדט מיט אים שטענדיק ערנסט, קענטיק מיט מער חשק, ווי מיט אַנדערע, און אים אַפילו אונטער די אויגן נישט געזידלט.

איינמאָל, ווען מאַקלאַקאָוו איז אַרויס, און, ווי געוויינלעך, זיך מיט אים נישט געזעגנט, האָט סאַשאַ געזאָגט:

— ער מיאוסט זיך מיט מיר, דער אַריסטאָקראַט... ר'האָט זיינע געזעצן, דער רוח זאָל עס נעמען! זיינע עלטער - זיידעס האָבן געלעבט אין הויכע צימערן, געעסעמט מיט ריינער לופט, געגעסן געזונטע שפייז, געטראָגן ריינע וועש. און ער אויך... און איך בין אַ פּויער, געבוירן און דערצויגן, ווי אַ בהמה, אין בלאָטע, צווישן לייז, אויף שוואַרץ ברויט מיט פּלעווע. ער האָט בעסער בלוט פון מיר, נו יאָ. אי בלוט, אי אַ מוח. און דער מוח איז די נשמה...

ער האָט געשוויגן און שטיל און טעמפּ צוגעגעבן, אָן אי-ראָניע אין קול:

— מענטשן רעדן וועגן גלייכקייט, די אידיאָטן... און די הערן זענען שווינדלער — אויסוואורפן... דער פריץ זאָגט פאַר גלייכקייט, ווייל ער איז אַן אָנמעכטיקע נבלה און קאָן אַליין גאָר נישט אויפטון... דו ביסט אַזאַ מענטש, אַזוי ווי איך, טאָ טו זשע אַזוי, אַז כ'זאָל קאָנען בעסער לעבן — אָט דאָס איז די טעאָריע פון גלייכקייט...

זיינע ווערטער האָבן נישט דערוועקט קיין אָפּקלאַנג ביי אַנ-דערע שפּיאָנען, זיין אכזריות האָט קיינעם נישט געאַרט, זיי האָבן געהערט סאַשאַס וואָיען שווייגנדיק און גלייכגילטיק, און נאָר דער

ריזיקער מיעלניקאָוו, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָוואָקאַציע צווישן די אַרבעטער, האָט אים טעמפּ באַשטעטיקט:

— יאָ, אַלע זענען אָפּנאַרערס...

באַשטעטיקנדיק אַראָפּגעלאָזט די האָריקע פינצטערע האַנט און פעסט געדריקט האָריקע פויסטן.

— מען דאַרף זיי דערהרגענען, אַזוי ווי פּויערן דערהרגענען פערד - גנבים! — האָט סאַשאַ געוואָיעט.

— דערהרגענען איז אַביסל צו פיל, נאָר טיילמאָל ווילט זיך גלאַט אַזוי אַ גלעט טון אַ פּריץ אונטערן אויער!—האָט געזאָגט דער אגענט טשאַשין, אַ באַקאַנטער ביליאַרד - שפּילער, אַ געקרייזלטער, אַ דאַרער, מיט אַ שאַרפער נאָז. — לאָמיר נעמען אָט אַזאַ נאַרישן ביישפּיל: איך שפּיל אַזוי, מיט אַ ייאַך צוריק, ביי קאָנאָנאָווון אין האָטעל מיט עפּעס אַ הער, זע איך עפּעס אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט, נו — אַלע הענער זענען אין די פעדערן! ער קוקט מיך אויך אָן. האָב איך אים פאַרבעטן אויף אַ שמועס און אַ האַלב טוצל ביר. מיר טרינקען, מיטאַמאָל שטעלט ער זיך אויף און זאָגט: איך האָב אייך דערקענט! איר זענט אַן אַגענט! ווען, מאַכט ער, כ'בין געווען אויפן אוניווערזיטעט, בין איך פון אייער חסד פיר יאָר געזעסן אין תפיסה. איר זענט, מאַכט ער, אַ מנוול! פון אָנהייב האָב איך זיך דערשראָקן, נאָר באַלד האָט עס מיך אָנגענומען מיט קוראַזש: איר זענט, זאָג איך, געזעסן נישט פון מיין חסד, נאָר פאַר דער פּאָליטיק אייערער, און דאָס קער זיך מיט מיר נישט אָן. יאָ, זאָג איך, אַ גאַנץ יאָר, ביינאַכט און ביי טאָג, בין איך אייך נאָכגעלאָפן אויף יעדן וועטער, און דרייצן טעג שפּיטאָל אריינגעכאַפּט — יאָ, דאָס איז אמת! האָט נאָך אויך אַ טענה, דער חזיר! זיך אָנגעפּרעסן די באַקן, ווי אַ גלח, אַ זייגער האָט ער אַ גאָלדענעם, אין וועסטל אַ דעוויזקע מיט אַ שטיין...

אַקים גראָכאָטאָוו, אַ מילדער מענטש מיט אַ באַוועגלעך אַקטיאָריש פּנים, האָט באַמערקט:

— איך קען אויך אַזוינע מענטשן. יונגערהייט גייט ער מיט די פיס אַרויף און מיטן קאָפּ אַראָפּ, און אַז ס'קומען אָן די ערנסטע יאָרן, ליגט ער ביים ווייב אונטערן פאַרטוך און נאָך אַפילו

אַ בעלן אַריינצוטרעטן צו אונז אין אָכראַנע. געזעץ פון דער נאַטור!..

— פאַראַן צווישן זיי אַזעלכע, וואָס קענען אַחוץ רעוואָלוציע באַרגישט אויפטון — דאָס זענען די געפּערלעכסטע! — האָט מיעליקאָוו געזאָגט.

— יאָ! — האָט קראַסאַווין אויסגעשאָסן און גיריק צעוואָרפן די שיקלדיקע אויגן.

איינמאָל האָט פּיאָטר, נאָכן פאַרשפּילן אין קאָרטן, מיד און בייז געפרעגט:

— ווען וועט זיך דאָס ענדיקן, אָט די מנוולדיקע אַרבעט אונזערע?

סאָלאָוויאָוו האָט אויף אים אַ קוק געטון און אַ גענעץ געטון מיט די גראָבע ליפּן.

— מיר דאַרפן וועגן אַזאַ ענין נישט רעדן. אונזער זאַך איז אַ פּשוטע — געניטען די אָנגעוויזענע פּערזאָן, וואָס נאַטשאַלסטוואָ ווייזט אָן אָדער אַליין פאַרשטאַנען, לויטן אייגענעם פאַרשטאַנד, צענויפגעגנומען די ענינים, אָרגאַניזירט אַ נאָכשפּירונג, געגעבן די ראַפּאָרטעלעך דער נאַטשאַלסטוואָ און... ווי עס וויל! עס מעג אַפילו פון לעבעדיקע מענטשן די הויט אָראָפּשינדן — פּאָליטיק קער זיך אונז נישט אָן... געווען ביי אונז אָנגעשטעלט אַן אַגענט, סאָקאָווין, גרישע האָט מען אים גערופן, האָט ער אויך אָנגעהויבן אַזוי זיך אַריינצוטראַכטן און געענדיקט ס'לעבן זיינס מיט דער הילף פון שווינדזוכט, אין תפיסה - שפּיטאָל...

מער ווי אַלעמאָל פלעגן זיך די שמועסן אָנהייבן אַזוי צו אַנטוויקלען:

וויעקאָוו, אַ פריזירער, אַלעמאָל בונט און מאָדיש אָנגעטון, אַ באַשיידענער און אַ שטילער, האָט מודיע געווען:

— נעכטן האָט מען ווידער אַרעסטירט דריי מענטשן...

— ס'אַ וויכטיק נייס! — האָט זיך עמעץ אָנגערופן.

נאָר וויעקאָוו האָט אומבאַדינגט געוואָלט דערציילן די חברים אַלץ, וואָס ער ווייסט, אין די קליינע אייגעלעך האָט זיך אָנגעצונדן

אַ פונק פון שטילער עקשנות, און דאָס קול האָט געקלונגען פרעגנדיק.

— אויף דער ניקיטסקער, דאַכט זיך, האָבן די הה׳ רעוואָלוציאָנערן ווידער עפּעס אײַנגעאָרדנט — זיי פּאָרען זיך דאָרטשטאַרק אַרום...

— שטותערייען! אַלע סטרוזשעס זענען דאָרט באַוווסטזיניקע מענטשן...

— אַ גרויסע הילף פאַר אונז, אַט די סטרוזשעס...

— נ - יאָ...

— פונדעסטוועגן — האָט וויעקאָוו פאָרזיכטיק געזאָגט, — אַ סטרוזש קאָן מען אונטערקויפן...

— און דיך אויך. יעדן מענטש קאָן מען אונטערקויפן, ס׳איז נאָר אַ פראַגע פון פּרייז...

— איר׳ט געהערט, ברידער, — נעכטן האָט סיעקאַטשאָוו וויער געוואונען זיבן הונדערט רובל!

— מאַ, ער קאָן אַדורכקומען!

— יאָ! נישט קיין שולער, נאָר אַ קליינער גאָט...

וויעקאָוו האָט זיך אַרומגעקוקט, פאַרשעמט געשמייכלט, דערנאָך שווייגנדיק און געגנוי זיך גלייכגעמאַכט דעם אַנצוג.

— אַ פרישע פּראָקלאַמאַציע האָט זיך באַוויזן! — פלעגט ער דערציילן אַן אַנדערש מאָל.

— פאַראַן אַ סך! שוואַרץ יאָר ווייסט זיי, וועלכע ס׳איז אַ ביי ע...

— פאַראַן דאָרט אַ מאַסע שלעכטס...

— האָסט געלייענט?

— ניין. פיליפ פיליפאָוויטש האָט געזאָגט. אַ פרישע, און ער וואַרפט זיך.

— נאַטשאַלסטוואָ וואַרפט זיך אַלעמאָל — אַזאַ געזעץ פון דער נאַטור! — האָט גראַכאָטאָוו באַמערקט מיט אַ זיפץ.

— ווער לייענט דאָרט די פּראָקלאַמאַציעס?

— נו, אוודאי לייענט מען! און דווקא זייער פיל...

— איז וואָס? איך האָב זי אויך געלייענט און בין קיין ברוגעטער נישט געוואָרן, געבליבן אַ געלער, ווי געווען. דער עיקר׳שט איז נישט אין די פּראָקלאַמאַציעס, נאָר אין די באָמבעס...

— אַוודאי!

— אַ פּראָקלאַמאַציע טייט נישט אויפּרייטן...

נאָר וועגן באָמבעס, ווייזט אויס, האָט מען פיינט געהאַט צו רעדן, און כמעט יעדעס מאָל, ווען עמעצער פלעגט עפּעס דער־מאָנען וועגן זיי, האָבן זיך אַלע שטאַרק באַמיט אַראָפּצופירן דעם שמועס אויף אַנדערע טעמעס.

— אין קאַזאַן האָט מען באַגנבעט אויף פערציק טויזנט רובל!

— אָט דאָס איז אַ ביטן!

— פ־ פערציק טויזנט... ע־ עך!

עמעץ האָט באַלעבט און דערשראָקן געפרעגט:

— מ׳האָט געכאַפּט די גנבים?

— מ׳וועט זיי נאָך כאַפּן! — האָט עמעץ אומעטיק אָפּגע־ענטפערט.

— נו, ווער ווייסט, ווען דאָס וועט געשען, און דערווייל וועלן מענטשן לעבן אַ גוטן טאָג...

און אַלץ האָט אַרומגעכאַפּט אַ וואָלקן פון קנאה, די מענטשן האָבן זיך פאַרטיפט אין די טרוימערייען וועגן רויבערייען, אַ ברייטער שפּיל, טייערע פרויען.

מיעלניקאָוו האָט זיך מער פון אַלע אינטערעסירט מיטן גאַנג פון דער מלחמה און אָפט געפרעגט מאַקלאַקאָוון, וואָס האָט אויפ־מערקזאַם געלייענט די צייטונגען:

— מען שלאָגט אונז נאָך אַלץ?

— מע שלאָגט.

— ס׳איז אַ סיבה קאָן דאָ שטעקן? — האָט מיעלניקאָוו אויס־געשטאַרצט די אויגן, — ווייניק מענטשן, צי וואָס?

— קיין שכל איז נישטאָ! — האָט זיך מאַקלאַקאָוו טרוקן אָפּגערופן.

— די אַרבעטער זענען אומצופרידן. זיי פאַרשטייען נישט. זיי זאָגן, אַז די גענעראַלן זענען אונטערגעקויפט...

— דאָס איז זיכער! — האָט זיך קראַסאַווין אַריינגעמישט. — זיי זענען דאָך נישט אַלע קיין רוסישע — דאָ האָט ער זיך געמיינט אויסגעזידלט — וואָס אַרט זיי אונזער בלוט?..

— בלוט איז ביליק! — האָט סאָלאָוויאָוו געזאָגט און מאָדנע אַ שמייכל געטון.

בכלל פלעגט מען וועגן דער מלחמה רעדן אָן חשק, ווי זיך געקווענקלט איינער פאַרן אַנדערן, ווי יעדער וואָלט מורא געהאַט אַרויסצוזאָגן עפּעס אַ געפערלעך וואָרט. אין די טעג פון מפּלות האָבן אַלע געטרונקען בראָנפן מער ווי געוויינלעך, און שיכּורע זיך דערנאָך געקריגט צוליב נאַרישקייטן. אין אַזוינע טעג פלעגט יעווסיי, וועלנדיק אויסמיידן דעם מעגלעכן געשלעג, אומבאַמערקט אַהיימגיין אין זיין ליידיקן צימער אַריין און דאָרט געטראַכט וועגן שפּיאָנישן לעבן. זיי זענען געווען אַ סך, וואָס אַמאָל זענען מער צוגעקומען, אַלע זענען זיי קלימקאָוון אויסגעקומען, ווי אומגליקלעכע מענטשן, אַלע זענען געווען איינזאַם, און ער האָט אויף זיי געהאַט רחמנות מיט פאַרבלאָזן רחמנות. ס'איז אים געפעלן צו זיין אין דער סביבה פון אָט די מענטשן, הערן זייערע רייד. אויב בשעת דעם שמועס איז אויך אָנוועזנד געווען סאַשאַ, פלעגט ער אויפּקאָכן און זיך זידלען:

— פאַרזעעניש! איר פאַרשטייט גאָרנישט, איר קאָנט נישט פאַרשטיין דעם זינען פון דער זאַך, ממזרים!

אַלט ענטפער פלעגן צו אים טייל שמייכלען מיט אַן אַנטשולדיקנדיק שמייכעלע, אַנדערע האָבן פאַרוואָלקנט געשוויגן. טיילמאָל פלעגט עמעץ נישט הויך זאָגן:

— פאַר פערציק רובל אַ חודש וועסטו אַ סך נישט פאַרשטיין...

— אויסראָטן דאַרף מען אייך! — האָט סאַשאַ געשיפּעט.

געזעען, אַז קיינער האָט נישט ליב סאַשאַן, האָט יעווסיי אויך אָנגעהויבן וואָס מער אים פיינט צו האָבן.

אַ סך האָבן געוויטיקט מיט כּסדרדיקער שרעק פאַר קלעפּ און פאַרן טויט, אַ טייל, ווידער, ווי יעליזאַר טיטאָוו, האָבן פון שרעק געענדיקט אין שפּיטאָל פאַר גייסטיק - קראַנקע.

— כ'שפּיל נעכטן אין קלוב, — האָט פּיאָטר אַרשעמט פאַרציילט — פּיל איך עפּעס — ס'שטיקט מיך אין קאַרק און קאַלט אין דער פּלייצע. כ'קוק זיך אום — שטייט אין ווינקל אַ הויכער מאַנסקאַרשוין און קוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט אָפּמעסטן. כ'קאָן נישט שפּילן, שטיי איך אויף פון טיש, גיב אַ קוק — ער גייט אַרום אין ווינקל. גיב איך אַ גיי אַרויס מיטן הינטערשטן אַריינגאַנג און מאַך פּיס איבער די טרעפּ, אויפן הויף אַרויס, אויף דער גאַס. און ווייטער קאָן איך נישט גיין, כ'קאָן נישט! ס'דאַכט זיך אַלץ, אַז ער גייט נאָך פון הינטן. גיב איך אַ רוף אַ דראָזשקער, פאָר און זיץ ביי דער זייט, קוק מיך אום אויף צוריק. מיטאַמאָל איז ער מיר פון ערגעץ אונטערגעקומען פאַר מיר און גייט דורך דער גאַס, גלייך פאַרן פערד — טראַכט איך: אפשר איז עס נישט ער — גיב איך מיטאַמאָל אַ קוויטש! ער איז געבליבן שטיין, און איך בין אַרויסגעשפּרונגען פון דראָזשקע און — ויברח. דער דראָזשקער נאָך מיר... נו, בין איך געלאָפן, דער רוח זאָל עס נעמען...

— ס'טרעפט זיך! — האָט גרינבערג געזאָגט מיט אַ שמייכל. — איך האָב זיך איינמאָל באַהאַלטן אויף אַ הויף, און דאָרט איז נאָך ערגער. בין איך אַרויפגעקראָכן אויפן דאַך און בין פאַרטאָג געווען הינטערן קוימען... איין מענטש דאַרף מורא האָבן פאַרן אַנדערן, אַזאַ געזעץ פון דער נאַטור...

קראַסאָווין איז איינמאָל געקומען אַ בלאַסער, אַ פאַרשוויצטער. די אויגן זענען אים שטיין געבליבן, ער האָט זיך געדריקט די שלייפן און שטיל, טעמפּ געזאָגט:

— נו, אָט... מ'איז מיר נאָכגעגאַנגען...

— ווער?

— מע גייט... בכלל...

סאָלאָוויאָוו האָט אים געפּרוּווט באַרויקן:

— אַלע מענטשן גייען, גאָווארילעשי...

— איך הער אין די טריט — אַז דאָס מיינט מען מיך.

און מער ווי צוויי וואָכן האָט יעווסיי נישט געזען קראַסאָווינען.

די שפּיאָנען פלעגן זיך באַציִען צו קלימקאָוון גוטמוטיק אַזוי אַז זיי האָבן טײלמאָל חוזק געמאַכט פון אים, האָט דאָס אים נישט באַליידיקט. אַז ער פלעגט זיך, ווידער, ערגערן מיט זיינע טעותן, האָבן זיי אים געטרייסט:

— ׳סט זיך צוגעוויינען! ס׳וועט אַריבערגיין.

ער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווען די שפּיאָנען פאַרנעמען זיך מיט זייערע ענינים; אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די גרעסטע טייל פון טאָג פאַרברענגען זיי אין די שענקען, און אויף די אויספאָרשונגען שיקן זיי די לערן-ייִנגלעך און אַזוינע באַשיידענע מענטשן, ווי ער.

ער האָט געוואוסט, אַז הינטער די, וועלכע ער קען, שטייען נאָך אַנדערע שפּיאָנען, הפקרדיקע אומדערשראָקענע מענטשן, זיי דרייען זיך אַרום צווישן די רעוואָלוציאָנערן, מע רופט זיי פּראָוואָקאַטאָרן, — יענע אַרבעטן דאָס מער פון אַלע, יענע טאַקע פירן אָן מיט דער גאַנצער אַרבעט. זיי זענען ווייניק, באַטשאַלסטוואָ שעצט זייער אַזעלכע מענטשן, און די גאַסן-שפּיאָנען האָבן זיי אַלע גלייך פיינט פאַר זייער שטאָלצקייט און זענען זיי מקנא.

איינמאָל האָט גראָכאָטאָוו געוויזן יעווסייען אויף דער גאַס אַט אַזאַ מענטש:

— גיט אַ קוק, קלימקאָוו, גיכער!..

איבערן טראָטואַר איז געגאַנגען אַ הויכער, פעסט-געבויטער מאַנספּערשוין מיט העלע האָר. די האָר האָט ער געהאַט פאַרקעמט אויף צוריק, זיי זענען אים שיין געפאַלן פון דעם הוט-אָפּער אויף די אַקסלען, ער האָט געהאַט אַ גרויס, מילד פּנים מיט ברייטע וואָנסעס. סאָליד אָנגעטון, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ חשובן, זאַטן פּריץ.

— אָט, ס׳אַראַ! — האַט גראָכאָטאָוו שטאָלץ געזאָגט. — אַ פיינער פאַרשוין? אונזער גוואַרדיע, יאָ-אָ! צוועלף טעראָריסטן אויסגעגעבן, אַליין מיט זיי צוזאַמען די באָמבעס צוגעגרייט — געוואָלט אויפרייסן אַ מיניסטער — אַליין זיי אויסגעלערנט און אויסגעגעבן. פיין?

— יאָ יאָ... — האָט יעווסיי געזאָגט, פאַרוואונדערט פון דעם השובדיקן אויסזעען פונם דאָזיקן מענטש, וואָס איז אַזוי נישט ענלעך אויף די פאַרהאַוועטע גאַסן - שפּיאָנען.

— אָט דאָס זענען זיי, די אמתדיקע! — האָט גראָכאָטאָוו געזאָגט. — אַליין טויג ער פאַר אַ מיניסטער — האָט אַ פיגור און אַן אויסזען! און מיר וואָס זע'מיר? אַ בעטלערישע כאַלאַסטרע פון אַן אָרעמאַן אַ פריק...

יעווסיי האָט אָפּגעזיפצט — דער גרויסאַרטיקער שפּיאָן האָט אין אים געוועקט קנאה.

...גרייט צו באַדינען אַלעמען און יעדערן פאַר אַ מילדן בליק און אַ גוט וואָרט, איז ער אונטערטעניק אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט, געפּאָרשט, נאָכגעפרעגט זיך, איבערגעגעבן, און אויב ס'איז געווען אויפן אָרט, האָט ער זיך האַרציק געפרייט און געוואָקסן אין די אייגענע אויגן. געאַרבעט האָט ער אַ סך, שטאַרק מיד געווען, נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן.

און דער אײַנגעהאַלטענער, ערנסטער מאַקלאַקאָוו האָט בײַ יעווסייען אין די אויגן אויסגעזען בעסער, ריינער פון אַלע מענטשן, וואָס ער האָט ביז צו יענער צייט געזען. ער האָט אים אַלעמאָל געוואָלט וועגן עפּעס פרעגן, געוואָלט עפּעס דערציילן וועגן זיך — אַזאַ פאַרטראַכט און צוציענדיק פּנים האָט דער דאָזיקער שפּיאָן געהאַט.

איינמאָל האָט ער געפרעגט;

— טימאָפיי וואַסיליעוויטש, און וויפיל קריגן די רעוואָלוציאָנערן אַ חודש?

מאַקלאַקאָוו לויטערע אויגן האָבן זיך באַדעקט מיט אַ לייכטן שאָטן.

— רעדסט שטותים! — האָט ער נישט הויך נאָר בייז געענטפערט.

# XII

טעג זענען געגאַנגען גיך, פאַרהאַוועט, איינטאָניק; טיילמאָל האָט זיך יעווסייען אויסגעוויזן, אַז אַזוי וועלן זיי אַוועקגיין ווייט אין דער צוקונפט אַריין, אַזוינע בונטע, שרייענדיקע, אָנגעפילט מיט דער טאָג-טעגלעכער לויפעניש, מיט די באַקאַנטע רייד. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אַרומגעכאַפּט דאָס האַרץ מיט קאַלטער בענקשאַפט, דעם קערפער — מיט אָפשוואַכנדיקער פוילקייט; אַלץ, אינערלעך און אויסערלעך, איז געוואָרן הויל, און קלימקאָוון האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער קריכט ערגעץ אין אַ אָפגרונטלאָזן גרוב אַ ריין.

נאָר אינמיטן ווינטער האָט אַלץ מיטאַמאָל אויפגעציטערט, זיך אַ וואַקל געטון, די מענטשן האָבן שרעקעוודיק צעעפנט די אויגן, אָנגעהויבן צו פאָכען מיט די הענט, זיך ליידנשאַפטלעך צו קריגן, זידלען און עפעס פאַרלוירן זיך אָנגעהויבן צו פלאָנטערן אויף איין אָרט, ווי פון אַ שווערן קלאַפּ און ווי פאַרבלענדט פונעם קלאַפּ.

אָנגעהויבן האָט עס זיך דערפון, וואָס איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען קלימקאָוו איז געקומען אין אָכראַנע מיט אַ דרינגנדיקן באַריכט וועגן זיינע נאָכשפירונגען, האָט ער געטראָפן עפעס אומגעוויינלעכס און אומפאַרשטענדלעכס — די באַאַמטע, די אַגענטן, די שרייבער און די אָנפירער האָבן עפעס ווי אָנגעטון זיך אין פרישע פנימער, אַלע זענען געווען מאָדנע נישט ענלעך צו זיך אַליין, פון עפעס זיך געוואונדערט און, ווי פרייענדיק זיך, גערעדט אַמאָל זייער שטיל און געהיימניספול, אַמאָל הויך און בייז. זיי זענען צעהושט געלאָפן פון איין צימער אין אַנדערן, זיך צוגעהערט איינער צום אַנדערנס ווערטער, פאַרדעכטיק פאַרזשמורעט די אָנגעשראָקענע אויגן, שאָקלענדיק מיט די קעפּ געזיפצט, פלוצלינג זיך אָפגעשטעלט און ווידער האָבן אַלע מיטאַמאָל זיך אָנגעהויבן צו קריגן. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין צימער איז מיט

ברייטע רינגען אַרומגעפלויגן אַ שטורעם פון שרעק און פאַר־לוירנקייט, ער טראָגט אַרום די מענטשן, ווי ער וואָלט פאַר זיי אַנטדעקט אַלע סודות, קערט זיי צונויף אין קופעס און צעשפּרייט זיי אין די ווינקלען, שפּילט זיך מיט זייער מאַכטלאָזיקייט. קלימקאָוו איז געשטאַנען אין ווינקל, געקוקט מיט אַ פּאָר הוילע אויגן אויף אָט דער איבערוואָרפונג און אָנגעשטרענגט זיך איינגעהערט.

איינגעבויגן דעם פּעזשון האַלז, דעם קאָפּ אויסגעצויגן פאָר־אויס, כאַפּט מ י ע ל נ י ק אָ וו אָן מענטשן פאַר די אַקסלען מיט דער האָריקער האַנט.

— פאַרוואָס האָט עס עפּעס דאָס פאָלק? — הערט זיך זיין ני־דעריק, טויב קול.

— העכער הונדערט טויזנט, זאָגט מען...

— איז וואָס? דאָס פאָלק דאַרף לעבן פּראָסט...

— הונדערטער דערהרגעטע, האַ? און פאַרוואונדעטע! — שרייט סאָלאָוויאָוו.

און פון ערגעץ דערטראָגט זיך עקלהאַפט, שניידט דאָס אויער סאַשאַס קול:

— דעם גלח האָט מען געדאַרפט כאַפּן... פריער פון אַלץ... אידיאָטן!

ס'גייט קראַסאָווין און צעוואַרפט אויף אַלע זייטן די שיקלדיקע אויגן, פאַרלייגט די הענט אויף דער פּלייצע און בייסט די ליפּן... לעבן יעווסייען האָט זיך אָנידערגעשטעלט דער שטילינקער וויעקאָוו, און שפּילענדיק מיט די פינגער די קנעפּלעך פונם וועסטל, זאָגט ער:

— אָט וואָס מ'האָט דערלעבט... גאָט מיינער! בלוט־פאַרגי־סונג... ווי מיינט איר, האַ?

— וואָס איז געשען? — האָט יעווסיי אויך שטיל געפרעגט.

וויעקאָוו האָט זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט, אָנגענומען קלימ־קאָוון ביים אַרבל און שטיל איבערגעגעבן:

— היינט אינדערפרי איז דאָס פאָלק צוזאַמען מיט אַ גלח און מיט פּענער אַוועק צום קיסר — איר פאַרשטייט? — האָט מען

עס נישט צוגעלאָזט, סאָלדאַטן זענען געווען אויסגעשטעלט, און ס'איז געקומען צו בלוטפאַרגיסונג...

פאַרביי זיי איז אַדורכגעפלויגן דער שיינער, מיושבדיקער הער לעאָנטיעוו, ער האָט אַ קוק געטון אויף וויעקאָוון דורך די פענסטער - גלעזלעך און געפרעגט:

— וואו איז פיליפ פיליפאָוויטש?

און איז אַוועק, נישט דערוואַרט זיך אויף קיין ענטפער, און וויעקאָוו, אויפציטערנדיק, איז אים נאָכגעלאָפן. יעווסיי האָט אויף אַ ווײַלע פאַרמאַכט די אויגן און אין דער פינסטערניש זיך באַמיט צו פאַרשטיין דעם זינען פון דעם, וואָס מ'האָט אים געזאָגט. ער האָט זיך לייכט געקאָנט פאָרשטעלן אַ מאַסע מענטשן, וואָס גייט איבער דער גאַס אין אַ פּראָצעסיע, נאָר ער האָט נישט פאַרשטאַנען,— פאַרוואָס האָבן די זעלנער געשאָסן, און אים האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן. די אויפרעגונג פון די מענטשן האָט אים פאַרכאַפּט, ס'איז געווען נישט אָנגענעם, שרעקעדיק, ער האָט זיך געוואָלט פאַרען צוזאַמען מיט זיי, נאָר האָט זיך נישט געוועגט אַרײַנצוגיין צו די באַקאַנטע שפּאָנען און אַלץ טיפער אַרײַן אין ווינקל אַרײַן.

פאַרביי אים זענען געגאַנגען מענטשן, ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַלע זוכן זיי גיך עפּעס אַ היימיש ווינקעלע, כדי זיך אין עס אָפּצושטעלן און צעגויצוועמען די געדאַנקען.

ס'איז געקומ[ע]ן מאַקלאַקאָוו. ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, אַרייַנגערוקט די הענט אין די קעשענעס און פון אָפּער די ברעמען אָנגעקוקט אַלעמען. צו אים איז צוגעגאַנגען מיעלניקאָוו:

— צוליב דער מלחמה איז עס געווען?

— כ'ווייס נישט...

— צוליב וואָס - דען?.. אויב דאָס איז געווען ס'פאָלק... און, אפשר, איז עס אַ פּשוטער טעות, האַ? וואָס האָבן זיי געוואָלט, — דו ווייסט?

— קאָנסטיטוציע! — האָט מאַקלאַקאָוו געענטפערט

דער פּאַרעקשנטער שפּיאָן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— כ'גלייב נישט...

— ווי דו ווילסט...

מיעלניקאָוו האָט, שווער, ווי אַ בער, זיך אויסגעדרייט, איז אוועק און געוואַרטשעט:

— קיינער פאַרשטייט דאָ גאָרנישט... אַבי מען טומלט... מע פאַרעס זיך...

יעווסיי איז צוגעגאַנגען צו מאַקלאַקאָוון. יענער האָט אויף אים אַ קוק געטון:

— וואָס ווילט איר?

— אָט האָב איך אַ ראַפּאָרט...

מאַקלאַקאָוו האָט זיך פון אים אָפּגעשאָקלט מיט דער האַנט:

— וואָס פאַר אַ ראַפּאָרטן הייַנט!

נאָר יעווסיי איז צו אים צוגעגאַנגען נענטער, געפרעגט:

— טימאָפּיי וואַסיליעוויטש, וואָס הייסט דאָס אַזוינס — קאָנסטיטוציע?

— אַן אַנדער אָרדענונג פון לעבן! — האָט דער שפּיאָן נישט הויך געענטפערט סאָלאָוויאָוו, אַ פאַרשוויצטער, אַ רויטער, איז צו אים אונטערגעלאָפן.

— 'ס נישט געהערט, מ'וועט אונז באַלד אַרויספאָדערן קיין פּעטערבורג!

— נישט געהערט.

— איך מיין — אַז מ'דאַרף... אַזאַ געשעעניש! ס'איז דאָך אַ בונט, האַ? אַן אמתדיקער בונט!

— מאָרגן וועלן מיר געוואויער ווערן...

— וויפל בלוט מ'האָט דאָס פאַרגאָסן! וואָס איז דאָס אַזוינס?

מאַקלאַקאָווס אויגן זענען אומרויק אַרומגעלאָפן, הייַנט האָט ער אויסגעזעען מער יוסט ווי שטענדיק, די עקן פון די וואָנסעס האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזט. אין יעווסייס קאָפּ האָבן זיך פּאַמעלעך איבערגעדרייט, איבערגעחזרט מאַקלאַקאָווס האַרטע ווערטער:

— אַן אַנדער אָרדענונג פון לעבן... אַן אַנדערע...

זיי האָבן אים אָנגענומען פאַרן האַרצן, אַרויסגערופן אַ שאַרפן פאַרלאַנג אַריינצודרינגען אין זייער זינען. נאָר אַלץ אַרום האָט זיך געדרייט, געפינקלט, און מיעלניקאָווס בייז, הויל קול האָט שוין צום דריטן געקלונגען:

— מען דאַרף וויסן — וואָס פאַר אַ המון! איין זאַך זענען אַרבעטאָרערס, אַן אַנדערע — סתם איינוואוינער... דאָס דאַרף מען פאַנאַנדערשיידן...

און קראַסאַווין האָט גערעדט:

— אויב אפילו דאָס פאָלק זאָל אָנהייבן אַ בונט קעגן קיסר, דעמאָלט איז שוין נישטאָ קיין פאָלק, נאָר בלויז בונטאָווטשיקעס...

— וואַרט... טאָ וואו שטעקט דאָ דער ליגן?...

— העי, אַלטער וואַטעמאַכער! — האָט זאַרובין אויסגעשעפּטשעט, אונטערלויפנדיק צו יעווסייען. — כ'בין שוין געפאַלן אויף אַ געשעפט!.. קום, וועל איך דיר דערציילן!

קלימקאָוו איז אים שווייגנדיק נאָכגעגאַנגען, נאָר זיך אָפּגעשטעלט:

— וואוהין גייען מיר?

— אין שענק אויף איין גלעזל פּאָרטער. פאַרשטייסט—דאָרט איז פאַראַן אַ מויד מאַרגאַריטע, האָט זי אַ באַקאַנטע מאָדיסטקע, און ביי אָט דער מאָדיסטקע אויף דער וואוינונג לייענט מען אַלע שבת ביכלעך, סטודענטן און נאָך אַזעלכע פאַרשידענע... מענטשן וועל איך יי געבן אַ שפּיר אויס, או!

— איך וועל נישט גיין! — האָט יעווסיי געזאָגט.

— עך, דו... או!

דער לאַנגער באַנד פון משונהדיקע איינדרוקן האָט גיך איינגעוויקלט דאָס האַרץ, געשטערט צו פאַרשטיין דאָס, וואָס געשעט פאַר זיינע אויגן. קלימקאָוו איז אומבאַמערקט אַוועק אַהיים, מיטגענומען מיט זיך דאָס פאַרגעפיל פון אַ נאָענט אומגליק. עס האָט זיך שוין ערגעץ - וואו באַהאַלטן, ציט צו אים אויס אַ פּאָר אומגעוועזענע הענט, פאַרגיסט דאָס האַרץ מיט פרישער שרעק און אומעט. אין אָט דער דערוואַרטונג, האָט ער זיך באַמיט צו גיין

אין שאָטן, נאָנט צו די פּלויטן, זיך דערמאָנט שרעקעוודיקע פּנימער, אויפגערעגטע שטימען, צוזאַמענהאַנגסלאָזן שמועס וועגן טויט, וועגן בלוט, וועגן ברייטע קברים, וווּ מען האָט, ווי מיסט, אַריינגעשאָטן צענדליקער טויטע קערפּערס.

אינדערהיים האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט ביים פענסטער און לאַנג געקוקט אויפן געלן פייער פון לאַמטערן — אין דעם פּאַס פון זיין ליכט זענען גיך אַריינגעטרעטן עפּעס מענטשן און ווידער געגאַנגען אין דער פינסטער. אין יעוסייס קאָפּ האָט זיך אויך אָנגעצונדן אַ בלייכער, שמאָלער פּאַס פון שרעקעוודיקן פייער, — דורך אָט דעם פּאַס זענען פּאַמעלע און אומגעלומפּערט אַדורכגעקראָכן פאָרזיכטיקע גרינע געדאַנקען, זיך הילפלאָז געהאַלטן איינער אָן אַנדערן ווי אַ קאַראַהאָד פון בלינדע. קליינע, שוואַכינקע, האָבן זיי זיך צונויפגעקליבן, ווי שרעקעוודיקע גרופּעס, זיך געשטויסן אויף איין אָרט, ווי קאָמאַרעס, און פּלוצלינג האָבן זיי פאַרלוירן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן זיך, זענען שפּורלאָז נעלם געוואָרן, און די נשמה איז — אָן זיי — געוואָרן געגליכן צו אַ מדבר, וועלכן ס'באַלייכט איינזאַם אַ שטילער שטראַל פון דער בענקענדיקער לבנה.

...טעג זענען געגאַנגען, ווי אין היץ, אָנגעפילט מיט שרעקלעכע ערציילונגען וועגן דער מוראדיקער מענטשן-שחיטה. יעוסייען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָט די טעג קריכן פּאַמעלעך איבער דער ערד, ווי שוואַרצע, אָנאויגיקע פאַרזעעניש, געפּלאַצטע פונם בלוט, וואָס זיי האָבן איינגעשלונגען. זיי קריכן, עפּענען ברייט די ריזיקע מיילער, פאַרסמען די לופט מיט שטיקנדיקן זאַלציקן ריח. מענטשן לויפן און פאַלן, שרייען און וויינען, מישן טרערן מיט אייגענעם בלוט, און די בלינדע פאַרזעענישן פאַרטיליין זיי שטיקן אַלט און יונג, ווייבער און קינדער. זיי שטופּט, כדי אויסצוראָטן דאָס לעבן, זיין באַלעבאָס — די שרעק, בלייאיק-גרוי, ווי אַ וואָלקן, שטאַרק, ווי דער שטראָם פון אַ ברייטן טייך.

דאָס איז געשעען אין אַ שטאָט, וואָס יעוסיי האָט זי נישט געקענט, נאָר ער האָט געוואוסט, אַז די שרעק וואוינט אומעטום, ער האָט זי געפילט אומעטום אַרום זיך.

קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען דאָס געשעענע, קיינער האָט נישט געקאָנט עס דערקלערן; עס האָט זיך אַוועקגע־שטעלט פאַר די מענטשן ווי אַ ריזיק רעטעניש און זיי געשראָקן. די שפּיאָנען זענען פון דער פרי ביז אָוונט געזעסן אויף זייערע געמיינזאַמע טרעפפּונקטן, געלייענט צייטונגען, זיך געשטויסן אין דער אָכראַנע ־ קאַנצעלעריע, זיך געקריגט און ענג זיך געדריקט איינער צום אַנדערן, געטרונקען בראָנפן און אומגעאיילט אויף עפּעס געוואַרט.

— ווער קאָן דאָ דערקלערן דעם ריכטיקן אמת? — האָט מיעלניקאָוו געפרעגט.

אין עטלעכע טעג אַרום, אין אָוונט, האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט אין אָכראַנע, און סאַשאַ האָט שאַרף געזאָגט:

— גענוג צו דולן אַ קאָפּ! דאָס איז אַ יאַפּאַנישער פּלאַן. די יאַפּאַנער האָבן געגעבן אַכטצען מיליאָן דעם גלח גאַפּאָן, אַז ער זאָל אַרויסרופן אינם פאָלק אַ בונט — פאַרשטאַנען? אויפן וועג צום פּאַלאַץ האָט מען דעם עולם אָנגעשיכורט, די רעוואָלוציאָנערן האָבן געהייסן צעהאַקן אַ פּאָר ווייַן ־ קראָמען — פאַרשטאַנען?

און ער האָט אַלע אַרומגעוואָרפן מיט אַ פּאָר רויטע אויגן, ווי ער וואָלט געזוכט צווישן די צוהערער אַזעלכע, וואָס זענען מיט אים נישט מספּים.

— זיי האָבן געמיינט, אַז דער צאַר, ליבהאָבנדיק דאָס פאָלק, וועט אַרויס צו עס, און אין דער זעלבער מינוט איז געווען באַשלאָסן אים צו דערהרגענען. קלאָר?

— קלאָר! — האָט יאַקאָוו זאַרובין אויסגעשריגן און זיך עפּעס פאַרשריבן אין ביכעלע.

— אידיאָט! — האָט סאַשאַ שטרענג געזאָגט. — איך פרעג נישט דיך... מיעלניקאָוו, דו פאַרשטייסט?

מיעלניקאָוו איז געזעסן אין ווינקל, אָנגעכאַפּט דעם קאָפּ מיט די הענט, און ס'האָט אויסגעזעען, אַז ס'טוען אים וויי די ציין. נישט געענדערט די פּאָזע, האָט ער געענטפערט:

— אַן אָפּנאַרעריי! — דאָס קול האָט זיך אים טעמפּ אָפּגע־קלאַפּט אַן דער פּאַדלאָגע, גלייך עפּעס שווערס און ווייכס וואָלט ראָפּגעפאַלן.

— נו, יאָ, אַן אָפּנאַרעריי! — האָט סאַשאַ איבערגעחזרט און ווידער אָנגעהויבן גיך און בינדיק צו רעדן. טיילמאָל האָט ער זיך פּאַרזיכטיק צוגעריכט צום שטערן, אַ קוק געטון אויף די פינגער און זיי אָפּגעווישט אַן די קני. יעווסייען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלע די ווערטער זיינע זענען אַדורכגעווייקט מיט אַ פוילן ריח. ער האָט געהערט, ווייטיקלעך זיך געקורטשעט, פאַרשטאַנען אַלצדינג, וואָס דער שפּיאָן האָט גערעדט, געפילט, אַז די דאָזיקע רייד פאַר־מעקן נישט, קאָנען נישט פאַרמעקן אין זיין מוח די פינסטערע גע־שטאַלט פון די טעג פונם יום - טוב פון טויט, און אַלע האָבן געשוויגן, זעלטן ווען אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, קיינער האָט נישט געקוקט אויפן אַנדערן, ס'איז געווען שטיל, אומעטיק, סאַשאַס ווער־טער האָבן לאַנג אַרומגעשוועבט אין צימער איבער די מענטשלעכע געשטאַלטן און קיינעם נישט פאַרטשעפּעט.

— און אויב, ווידער, מען האָט געוואוסט, אַז מ'וועט אָפּנאַרן ־פאָלק, טאָ פאַרוואָס האָט מען געהרגעט?—האָט מיעלניקאָוו אומ־געריכט געפרעגט.

— אידיאָט!—האָט סאַשאַ אַ געשריי געטון.—אַז מען וועט דיר זאָגן, אַז איך בין דיין וויבס אַ געליבטער, און דו וועסט זיך אָנ־שכורן און גיין אויף מיר מיט אַ מעסער — וואָס דאַרף איך דע־מאָלט טון? נאַ, שלאָג. כאָטש מ'האָט דיך אָבגענאַרט און כאָטש איך בין נישט שולדיק...

מיעלניקאָוו האָט זיך פלוצלונג אויפגעשטעלט, זיך אויסגע־צויגן און אַ ריטש געטון:

— ביל נישט, הונט דו!

יעווסיי האָט זיך אַ וואַקל געטון פון זיינע ווערטער, און דער דינער און בלייכער וויעקאָוו, וואָס איז געזעסן צוזאַמען מיט אים, האָט שרעקעוודיק אויסגעשעפּטשעט:

— אָ, גאָט! האַלט אים...

סאשא האָט אויסגעשטשירעט די ציין, אריינגערוקט א האַנט אין קעשענע, געמאַכט אַ טריט צוריק. אַלע איבעריקע מענטשן — זיי זענען געווען אַ סך — זענען געזעסן שווייגנדיק, אומבאַוועגלעך און געוואַרט, קוקנדיק אויף סאַשאַס האַנט. מיעלניקאָוו האָט אַ פּאַכע געטון מיטן היטל און איז נישט איילנדיק צוגעגאַנגען צו דער טיר.

— כ'שרעק מיך נישט פאַר דיין רעוואָלווער...

ער האָט מיט אַ טראַסק פאַרמאַכט די טיר, וויעקאָוו איז אויפגעשטאַנען, די פאַרמאַכט, און אומקערנדיק זיך אויף זיין אָרט, אַרויסגערעדט:

— ס'אַרא געפערלעכער מאַנספּאַרשוין דאָס איז...

— אַלזאָ — האָט סאַשאַ ווייטער גערעדט, אַרויסגענומען פון קעשענע דעם רעוואָלווער און אים באַטראַכט, — מאָרגן איני-דערפרי דאַרף יעדער זיין ביי זיין אַרבעט — געהערט? נעמט אין אַכט, אַז יעצט וועט ביי אונז אַלע זיין מערער אַרבעט — אַ טייל פון אונז פאָרן אַוועק קיין פּעטערבורג, דאָס איז איינס, צווייטנס — ד'אַרפט איר דווקא יעצט אָנשטרענגען די אויגן און די אויערן. עולם וועט אָנהייבן פאַרשידנס צו רעדן וועגן אָט דער געשיכטע, די רעוואָלוציאָנערלעך וועלן ווערן ווינציקער פאָרזיכטיק—פאַרשטאַנען?

דער מיושבדיקער גראָטשאָוו האָט הויך אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

— פאַרשטאַנען... ס'איז גאָרנישט! אויב אַזוי... די יאַפּאָנער, אַ סך געלט... איז, פאַרשטייט זיך.... דאָס לייגט זיך אויפן שכל, פונדעסטוועגן...

— אָן דערקלערונגען איז זייער שווער! — האָט עמעצער געזאָגט.

— יאָ — אָ...

— מענטשן זאָגן — וואָס איז דאָס אַזוינס? רעדן פאַרשידענע שעדלעכע רייד... און דו ווייסט נישט... ווי אַזוי צו זאָגן...

— עולם אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט אָט דעם פונקט...

די שטימען האָבן געקלונגען, ווי זיי וואָלטן זיך געוואַקלט אָנבאַלוטיק.

— נו, יעצט ווייסט איר שוין, אין וואָס ס'באַשטייט די זאַך און ווי מען דאַרף רעדן מיט די חמורים! — האָט סאַשאַ ביי! געזאָגט. — און אויב אַ וועלכער איז נישט אייזל וועט אָנהייבן עפּעס צו פּלאַפּלען — איז גלייך ביים קאָלנער, אַ פּייף נאָכן גאַראַ־דאָוואָי און — אין צירקל אַריין! דאַאַהער זענען אָנגעקומען אָנ־ווייזונגען, וואָס מען דאַרף טון מיט אָט דעם פּאָלק... הע׳, וויע־קאָוו, אָדער ווער נישט איז, קלינגט אָן, מען זאָל מיר ברענגען סאָדע ־ וואַסער.

צום גלעקל האָט זיך געוואָרפן יאַקאָוו זאַרובין.

סאַשאַ האָט געקוקט אויף אים, ווידער געשטשירעט די ציין און געזאָגט:

— דו, הינטל, האָב נישט אויף מיר קיין פּאַריבל, וואָס כ'האָב דיר אַביסל אָפּגעשטעקט...

— איך, אַלעקסאַנדער ניקיטיטש, האָב נישט קיין פּאַריבל.

— נ ־ יאָ ־ אָ... — האָט פּאַרטראַכט אויסגעצויגן גראָכאָ־טאָוו, וואָס איז געזעסן אין ווינקל. — און פונדעסטוועגן — זענען זיי פּאָרט אַ קראַפט! אַ קלייניקייט צו זאָגן — הונדערט טויזנט צו־נויפצונעמען...

— די מענטשלעכע נאַרישקייט איז לייכט, נישט שווער זי אויפצוהייבן! — האָט אים סאַשאַ איבערגעשלאָגן די רייד. — און אויפצוהייבן איז געווען מיט וואָס — ס'אי' געווען געלט. גיט נאָר מיר אַזוי פיל געלט, וועל איך אייך ווייזן, ווי מען דאַרף מאַכן געשיכטע! — סאַשאַ האָט זיך געמיין אויסגעזידלט, געבליבן שטיין אויפן דיוואַן, אויסגעצויגן פאָרויס אַ געלע, דאַרע האַנט מיט אַ רעוואָלווער, פאַרזשמורעט די אויגן, געצילט זיך אין סו־פיט אַריין, געצישעט דורך די ציין מיט אַ גיריק קול:

— איך וואָלט אים געוויזן...

דאָס אַלץ — די ווערטער און די זשעסטן, די אויגן און די שמייכלען, דאָס אַלץ איז געווען יעווסייען באַקאַנט און אַלץ האָט זיך אים יעצט אויסגעוויזן אומבאַהאָלפן, אומנייטיק, ווי זעלטענע טראָפּנס וואַסער אין אַ פלאַם פייער, — דאָס אַלץ האָט נישט פאַר־

אַשן די מורא, נישט געקאָנט אָפּשטעלן דער שטילן וואוקס פון פאַרגעפיל פון אַן אומגליק.

אין יענע טעג איז, אומבאַמערקט פאַר אים אַליין, אין אים אַליין געבוירן געוואָרן אַ פרישע באַציונג צו מענטשן — ער האָט געזען, אַז טייל קאָנען זיך צונויפזאַמלען אויף די גאַסן אין צעדליקער טויזנטער און גיין בעטן הילף, אויפמערקזאַמקייט צו זיך ביים רייכן און שטאַרקן צאַר, און אַנדערע מענטשן קאָנען זיי דערפאַר ממיתן. ער האָט זיך דערמאַנט דאָס אַלץ, וואָס דודקע האָט גערעדט וועגן דעם פאָלקס - דלות, וועגן צאַרס עשירות, און איז געווען זיכער, אַז סיי די, סיי יענע האַנדלען אַזוי אויס מורא — אַ טייל שרעקט דאָס בעטלערישע לעבן, אַנדערע האָבן מורא פאַראָרעמט צו ווערן, נאָר דאָך האָבן אים די מענטשן געהאונדערט — מיט זייער הפקרדיקע דרייסטקייט, אין אַרויסגערופן אין אים אַ געפיל, וואָס ער האָט ביז צו יענער צייט נישט געפילט.

יעצט, גייענדיק אויף דער גאַס מיט אַ קעסטל סחורה אויף דער ברוסט, האָט ער, ווי פריער, פאַרזיכטיק אָפּגעטרעטן דעם וועג די פאַרבייגייער, אַראָפּ פון טראָטואַר אויפן ברוק אָדער זיך געדריקט צו די ווענט פון די הייזער, נאָר געקוקט אין מענטשנס פּנימער אויפמערקזאַמער, מיט אַ געפיל, וואָס איז געווען ענלעך צו דרך - ארץ צו זיי און ווי ס'וואָלט אַביסל פאַרמינערט די שעמעוודיקייט פאַר זיי. מענטשנס פּנימער האָבן זיך פּלוצלינג געענדערט, אָנגעהויבן אויסצוזעען חשובער, פאַרשידנאַרטיקער, אַלע האָבן אָנגעהויבן גערנער און פּשוטער צו רעדן איינער מיטן אַנדערן און אָנגעהויבן צו גיין אויף די גאַסן זיכערער, ה[illegible]טער.

## XIII

יעווסיי פלעגט אָפּט קומען אין אַ געוויס הויז, וואו ס'האָבן געוואוינט אַ דאָקטאָר און אַ זשורנאַליסט, נאָך וועלכע ער האָט

געדאַרפט נאָכשפּירן. בײַם דאָקטאָר האָט געדינט פֿאַר אַן אַם אַ געוויסע יאַשאַ, אַ קליינע, פולע און קיילעכדיקע פרוי מיט אַ פריילעכן בליק און די בלויע אויגן. זי איז געווען אַ מילדע פרוי, גערעדט גיך, און טייל ווערטער אויסגעצויגן, ווי זי וואָלט זיי געזונגען. אַלעמאָל ריין אָנגעטאָן אין אַ ווייס אָדער בלוי קלייד, מיט קרעלן אויפן נאַקעטן האַלז, מיט אַ בולטער ברוסט און אין גאַנצן אַזאַ זאַטע, אַ געזונטע — איז זי שטאַרק געפעלן געוואָרן יעווסייען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז פון איר שמעקט געשמאַק און שטאַרק הייס קאָרן - ברויט; ער האָט ליב געהאַט איר אויסצופרעגן וועגן דאָרף און געקענט שוין אירע אַלע קרובים — וואו ווער ס'וואוינט, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך, וויפל ער פאַרדינט.

באַקענט האָט ער זיך מיט איר אין אַ פינף טעג אַרום נאָכדעם, ווי סאַשאַ האָט דערקלערט די סיבות פונם בונט. זי איז געזעסן אויפן בעט אין דער קעכינס צימער לעבן דער קיך, דאָס פנים איז איר געווען געשוואָלן, די אויגן רויט, די אונטערשטע ליפ קאָמיש אויסגעקרימט.

— ס'קאַצל קומט! — האָט זי בייז געזאָגט, — מען דאַרף גאָרנישט... גיי! מע דאַרף נישט...

— די באַלעבאַטים האָבן באַליידיקט? — האָט יעווסיי געפרעגט.

ער האָט געוואוסט, אַז נישט, נאָר ער האָט זיך אַמטלעך געפילט געצוואונגען צו פרעגן דווקא וועגן דעם. און אַז ער האָט אָפגעפרעגט, האָט ער זיך געגייט אַ זיפץ צו טון און צוגעגעבן:

— אַלעמאָל זענען זיי שוין אַזוינע... דאָס גאַנצע לעבן אויף זיי צו אַרבעטן...

די דאַרע און בייזע צנפיסאַ פיאָטראָוונאַ, די קעכין, האָט פלוצלינג אויסגערופן:

— מ'האָט איר דעם שוואָגער דערהרגעט... און די שוועסטער אָנגעשמיסן — זי ליגט אין שפיטאָל...

— אין פעטערבורג? — האָט יעווסיי שטיל געפרעגט.

— נו, יאָ...

מאשא האָט אָנגענומען אַ פולע ברוסט מיט לופט און אויס־געצויגן אָפּגעזיפצט, אָנגעכאַפּט דעם קאָפּ מיט די הענט.

— פאַרוואָס?

— ווער ווייסט זיי דאָרט, די פאַרשאָלטענע! — האָט די קעכין אויסגערופן און הויך געקלאַפּט מיטן גפּפּעס. — פאַרוואָס האָבן זיי דערהרגעט אַלע?

— ער איז נישט שולדיק געווען!.. — האָט מאַשאַ כליפּענ־דיק גערעדט — איך קען אים, גאָט מיינער. אַן איינבינדער, אַ רויקער, נישט קיין טרינקער... פערציק רובל אַ חודש פאַרדינט.. גאָט מיינער. און טאַניען האָט מען צוהרגעט, און זי איז יעצט שוואַנגער, ס'צווייטע קינד... אַז כ'וועל, זאָגט זי, האָבן אַ קינד, וועל איך עס אַ נאָמען געבן פּאַמאַ — לכבוד מיין מאַנס חבר... גע־וואָלט מאַכן פאַר קוואַטער... און דאָ האָט מען אים דעם פוס אדורכגעשאָסן מיט אַ קויל און דעם קאָפּ צעהאַקט... אַלע דער־הרגעט, אַלע צעממיתט, די רוצחים, — אַז זיי זאָלן נישט האָבן קיינמאָל קיין רו, אַז אויפרייסן זאָל עס זיי פון געוויסנבייסעניש, דערשטיקט זאָלן זיי ווערן מיטן בלוט, די טייוולאָנים...

די ווערטער און די טרערן זענען ביי איר געווען שטראָ־מענווייז, זי האָט בייז און אושדיק געשלוקעכצט, געטאַפּט מיט די הענט די ברוסט און די אַקסלען, אַ צעשויבערטע, אַ פאַרקרימטע, און דערנאָך האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט, איינגעגורעט דעם קאָפּ אין קישן און זיך אויפס'ניי צעוויינט, ציטערנדיק אינ־גאַנצן.

— דער פעטער האָט איר געשיקט פון דאָרט אַ בריוו — האָט די קעכין געזאָגט, און נישט אויפגעהערט צו לויפן איבער דער קיך פון דער פּליטע צום טיש און צוריק. — וואָס ער שרייבט אַלץ! די גאַנצע גאַס אונזערע לייענט יעצט דעם בריוו... אַז קיינער קאָן עס גאָרנישט פאַרשטיין! געגאַנגען ס'פאָלק מיט איקאָנעס, מיט הייליקע בילדער, מיט גלחים— אַלצנדיק אזוי קריסטלעך... זענען זיי געגאַנגען צום צאַר — קיסר, פאָטער אונזערער, מאַכן זיי — נעם אַראָפּ אַביסל נאַטשאַלסטווא, נישט מעגלעך צו לעבן ביי אזוי פיל נאַטשאַלניקעס, און קיין שטייערן געניגט נישט אויף צו געבן זיי פרנסה, או־

האָבן זיך גענומען אַ דעה איבער אונז אָן אַ שיעור, — װאָס זײ װילן, דאָס טוען זײ... אַלץ געװען בײ זײ אַזױ ערלעך און אָפן, האָבן זיך געקליבן דערױף לאַנג, אַ גאַנצן חודש, און פּאָליצײ האָט דערפֿון אױך געװאוסט... און קײנער האָט ניט געשטערט... גײען זײ, גײען — און פּלוצלינג נעמט מען און זײ שיסן! אַרומגערינגלט זײ פֿון אַלע זײַטן און מען שיסט, און מען האַקט, און מען טרעט מיט די פֿערד — אַלטשקע, אַפֿילו קלײנע קינדער. צװײ טעג האָבן זײ אַזױ געהרגעט, פֿאַרשטײ נאָר! װאָס איז דאָס אַזױנס? ס'קומט אױס, אַז דאָס פֿאָלק איז שױן מער ניט נײטיק, אַז מ'װיל עס אױסראָטן, הא?

איר שאַרף, אומאָנגענעם קול האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, זי האָט אָנגעהױבן צו רעדן שעפּטשענדיק, און מען האָט בולט געהערט, װי שרײַענדיק ס'פּרעגלט זיך די פּוטער אױף דער קיך, װי בײז ס'קאָכט, זידנדיק, דאָס װאַסער אין קעסל, װי טױב ס'װאָיעט דאָס פֿײַער און װי מאַשאַ װײנט. יעװסײ האָט זיך געפֿילט געצװאונגען צו ענטפֿערן אױף דער קעכינס שאַרפֿע פֿראַגן, ער האָט געװאָלט מאַשאַן טרײסטן, פֿאַרזיכטיק אָפּגעהוסט און געזאָגט, ניט קוקנדיק אױף קײנעמען:

— מען זאָגט, אַז די יאַפּאָנטשיקעס האָבן עס געמאַכט...

— אַזױ! — האָט די קעכין געזאָגט, — אַװדאי, די יאַפּאָנטשיקעס, אַנדערש ניט! מיר קענען אָט די יאַפּאָנטשיקעס. אײגענע יאַפּאָנטשיקעס זענען עס, הײמישע! דער באַלעבאָס האָט אונז דערקלערט, װער זײ זענען אַזעלכע, יאָ! פֿרוװ נאָר זאָגן מײן ברודער װעגן יאַפּאָנטשיקעס — ער װײסט אױך, װי זײ הײסן. אױסװאורפֿן, ניט קײן יאַפּאָנטשיקעס...

לױט װי מיעלניקאָװ האָט יעװסײען איבערגעגעבן, האָט דער קעכינס אַ ברודער, מאַטװײ זימין, געאַרבעט אין אַ סטאָלערײ און געלײענט פֿאַרװערטע ביכלעך. און פּלוצלינג האָט זיך יעװסײען געװאָלט זאָגן, אַז דער פּאָליצײ איז באַקאַנט, אַז זימין איז טרײף.

נאָר אין דער מינוט איז מאַשאַ אױפֿגעשפּרונגען פֿון בעט און, גלײַכמאַכנדיק זיך די האָר, אױסגעשריגן:

— אוודאי, זיי האָבן נישט קיין תירוצים, האָט מען אויסגע־קלערט יאַפּאָנטשיקעס...

— מנוולים! — האָט די קעכין געזאָגט — נעכטן האָט עפּעס עמעצער אין מאַרק געהאַלטן וועגן די יאַפּאָנטשיקעס אַ גאַנ־צע דרשה... ווייזט אויס, אונטערגעקויפט אויף רעכטצופאַרטיקן די נאַטשאַלסטוואָ... האָט אים עפּעס אַן אַלטיטשקער אויסגעהערט, האָט ער אַליין אָנגעהויבן צו רעדן — וועגן די גענעראַלן, וועגן די מי־ניסטאָרן, און אַפילו וועגן צאַר אַליין — ווי ער האָט געקאָנט, זיך נישט קרעמפּירט! ניין, ווענסט דאָס פאָלק נישט אונטערפירן, עס וועט דעם אמת כאַפּן, וואו זאָלסט אים נאָר נישט פאַריאָגן...

קלימקאָוו האָט געקוקט אויף דר'ערד און געשוויגן. דער חשק צו דערציילן דער קעכין וועגן דער אויפזיכט איבער איר ברודער איז אויסגעלאָשן געוואָרן, פאַרשוואונדן. ער האָט נישט וו־לנדיק גע ראַכט, אַז יעדער געהרגעטער האָט אייגענע, און יעצט זענען זיי אַ'ע אַזוי מבולבל, פרעגן איינער דעם אַנדערן: פאַרוואָס זיי ווייִנען, בענקען אין דעם פינסטערן אומבאַוואוסטזיין, און אין די הערצער ביי זיי וואַקסט אין דער שטיל אַ שנאה צו די מער־דער און צו די, וואָס באַמיען זיך אָט דאָס פאַרברעכן רעכצופאַר־טיקן. ער האָט אַ זיפץ געטון און געזאָגט:

— אַ מוראדיקע זאַך אָפּגעטון...

און אין זיך געטראַכט:

— איך דאַרף דאָך אייגנטלעך פאַרטיידיקן נאַטשאַלסטוואָ...

מאַשאַ האָט מיטן פוס אַ קאָפּע געטון אין קיך טיר, און יעווסיי איז געבליבן אַ־יין מיט דער קעכין. זי האָט אַ וואונק געטון אויף דער טיר און וואָרטשענדיק גערעדט:

— דאָס חיות נעמט זי זיך, ס'מילך איז איר אַפילו קאַלע געוואָרן, האָט שוין נישט דעם דריטן טאָג צו זייגן! הער נאָר, דו, סוחר, דעם דאָנערשטאָג איז איר געבורטס־טאָג — איך וועל אויך פייערן מיין געבורטס־טאָג — זאָלסטו קומען צו אונז אין געסט. שענק איר אַוועק כאָטש אַ פּאָר לייטישע קרעלן .. מען דאַרף, ווי מע קאָן, טרייסטן אַ מענטשן!...

— כ'וועל קומען!

— נו, גוט...

קלימקאָוו איז אַוועק, פאַמעלעך איבערגעקייט ביי זיך אין מוח דאָס אַלץ, וואָס די פרויען האָבן גערעדט — דער קעכינס רייד זענען געווען צו שרייענדיק, צו דרייסט, מ׳האָט באַלד דערקענט, אַז זי רעדט נישט קיין אייגנס, נאָר פרעמדס. מאַשאַס יאוש האָט אים נישט גערירט — ער האָט נישט געהאַט קיין קרובים און ז לטן · ווען געפילט רחמנות צו מענטשן. נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין די טענות פון די דאָזיקע פרויען האָט זיך אָפּגעשפיגלט די אַלגעמיינע, אומעטום · באַמערקבאַרע ביטערניש, און, דער עיקר, די דאָזיקע רייד זענען געווען אומגעוויינלעכע, נישט מענטשלעך דרייסט. יעווסיי האָט זיך אַזוי ערקלערט דאָס געשעענע: שרעק האָט געשטויסן די מענטשן איינעם אַנטקעגן אַנדערן, און דעמאָלט האָבן די באַוואָפנטע און די משוגעווערנדיקע געהרגעט די אומבאַוואָפנטע און די, וואָס זענען שוין פון פריער משוגע. נאָר אָט די ערקלערונג האָט זיך געוואַקלט און נישט באַרויקט די נשמה — ער האָט קלאָר געזעען און געהערט, אַז די מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַפרייען פון דער געפאַנגענשאַפט פון שרעק, זיי זוכן פאַרעקשנט און שרעקלאָז די שולדיקע, געפינען זיי און משפטן... אומעטום האָבן זיך געוויזן אַ מאַסע געהיימע בלעטלעך, אין זיי האָבן די רעוואָלוציאָנערן באַשריבן די בלוטיקע טעג אין פעטערבורג און געזידלט דעם צאַר, גערופן דאָס פאָלק נישט צו גלייבן דער רעגירונג. יעווסיי האָט איבערגעלייענט אַ טייל אַזעלכע בלעטלעך, זייער שפּראַך איז אים אויסגעקומען אומפאַרשטענדלעך, נאָר ער האָט אין אָט די בלעטלעך דערפילט עפּעס געפערלעכס, עפּעס אַזוינס, וואָס גנבעט זיך אַריין אין האַרצן, פילט עס אָן מיט פרישער שרעק. און ער האָט באַשלאָסן זיי מער נישט צו לייענען.

ס׳איז געווען שטרענג באַפוילן אויפצוזוכן די דרוקעריי, וואו די בלעטלעך האָבן זיך געדרוקט, כאַפּן די מענטשן, וואָס האָבן זיי פונאַנדערגעוואָרפן; סאַשאַ האָט זיך געזידלט און אַפילו, צוליב עפּעס, .. פּ טש געגעבן וויעקאָוון אין פנים אַריין. פיליפּ פיליפּאָוויטש האָט אָנגעהויבן איינצולאַדן אין די אָוונטן די אַגענטן און מיט ז נפגעהאַלטן שמועסן. געוויינלעך פלעגט ער זיצן אינ-

מיטן צימער ביים טיש, אַרויפגעלייגט אויף אים די עלנבויגנס, צעוואָרפן איבערן טיש די לאַנגע פינגער און די גאַנצע צייט מיט זיי שטילינקע באַוועגט, אָנגערירט די בלייפעדערס, פעדערס, פאַפיר; אויף די פינגער האָבן ביי אים פאַרשידנפאַרביק געפינקלט פאַרשידענע שטיינער, פון אונטער דער שוואַרצער באָרד האָט אַרויסגעקוקט אַ געלער, גרויסער מעדאַל; ער האָט פאַמעלעך געדרייט מיטן קורצינקן האַלז, און די אָפגרונטלאָזע, בלויע גלעזלעך פון די ברילן האָבן זיך לויט דער רייע צוגעטשעפּעט צו די פּנימער פון די מענטשן, וואָס זענען זאַכט און שווייגנדיק געזעסן ביי די ווענט. ער איז כמעט קיינמאָל נישט אויפגעשטאַנען פון דער שטול, ביי אים פלעגן זיך באַוועגן נאָר די פינגער און דער האַלז; ס׳האָט אויסגעזעען, אַז דאָס גראָבע פּנים איז נאָר געווען אָנגעצייכנט, די באָרד — צוגעקלעבט. פוכלע און ווייס, איז ער געווען רויק און סאָליד, ווען ער האָט געשוויגן, נאָר ווי נאָר ס׳האָט זיך דערהערט זיין דיק, אונטערפייפנדיק קעלעכל, וואָס איז ענלעך געווען צום ציטערנדיקן געזאַנג פון אַן אייזערנער זעג, ווען מען שאַרפט איר, האָט אַלץ — דער שוואַרצער פראַק מיטן אָרדן, די שטיינער און די באָרד — אַלץ האָט אויסגעזעען אויף אים פרעמד און איבעריק. טיילמאָל פלעגט יעווסיי טראַכטן, אַז פאַר אים זיצט אַ קינסטלעך - געמאַכטע לאַלקע, און אין איר איז באַהאַלטן אַ קליין, איינגעקורטשעטע מענטשעלע, ענלעך אויף אַ רויט שדל, און אַז ווען מען זאָל אויף דער לאַלקע געבן אַ הויכן געשריי, וועט זיך ס׳שדל איבערשרעקן, אַרויסשפּרינגען פון איר, אַ פייף טון און אַנטלויפן, אַרויסשפּרינגען דורכן פענסטער.

נאָר ער האָט מורא געהאַט פאַר פיליפּ פיליפּאָוויטשן און כדי נישט צו וועקן אויף זיך דעם דערדריקנדיקן בליק פון זיינע בלויע ברילן, איז ער געזעסן ווי מעגלעך ווייטער פון אים און זיך אויך באַמיט נישט צו באַוועגן זיך די גאַנצע צייט.

— מיינע הערן! — האָט אין דער לופט געציטערט אַ דינער קול און ווי אַ שטאָלענער, לייכטנדיקער דראָט, אָנטשעפּענדיק זיך אָן יעווסייס האַרץ, אומאָנגענעם און קאַלט עס געקיצלט.

— איר דאַרפט מיך אויפמערקזאַם אויסהערן און געדענקען מיינע ווערטער... אין די דאָזיקע טעג דאַרף יעדער פון אייך זיין פאַרשטאַנד, זיין גאַנצע נשמה אַריינלייגן אינם קאַמף מיטן באַהאַלטענעם, ביטערן שונא — איר דאַרפט אויסהערן די אָנווייזונגען און זיי גענוי אויספירן, נאָר איר קאָנט אויך אַרבעטן זעלבשטענדיק. זייט וויסן, אַז אינם געהיימען קאַמף פאַרן לעבן פון אייער מאַמע - רוסלאַנד זענען אַלע מיטלען כשר. די רעוואָלוציאָנערן מיאוסן זיך מיט גאָרנישט, זיי קווענקלען זיך נישט אַפילו מיט מאָרד. דערמאַנט זיך, וויפל אייערע חברים ס'זענען שוין אומגעקומען פון זייערע הענט. איך זאָג אייך נישט — הרגעט, נײַן, פאַרשטייט זיך, איך קאָן אייך אַזאַ עצה נישט געבן... דערהרגענען אַ מענטש איז נישט קיין חכמה, יעטוועדער אידיאָט קאָן דאָס טון. דאָס געזעץ איז מיט אייך, איר קעמפט קעגן די געזעצלאָזע, רחמנות האָבן אויף זיי איז אַ פאַרברעכן, מע דאַרף זיי אויסוואָרצלען, ווי אַ שעדלעך געוויקס. איר דאַרפט, זאָג איך, אַליין פאַרשטיין, ווי ס'איז ריכטיקער און בעסער צו דערשטיקן די אָנקומענדיקע רעוואָלוציע... נישט אַ יך פאַרלאַנג דאָס פון אייך, דאָס פאַרלאַנגט פון אייך דער צאַר און דאָס פאָטערלאַנד...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, אַ קוק געטון אויף זיינע רינגען.

— איר פאַרמאָגט, מיינע הערן, צו ווייניק ענערגיע, ווייניק אויפמערקזאַמקייט און ליבע צו אייער ערלעכער זאַך. צומביישפּיל: איר האָט אַדורכגעלאָזן דעם אַלטן רעוואָלוציאָנער סאַידאַקאָוו; מיר איז יעצט באַקאַנט, אַז ער האָט אָפּגעוואוינט ביי אונז אין שטאָט דריי מיט אַ האַלבן חודש. צווייטנס, קאָנט איר נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט געפינען די דרוקעריי...

עמעץ האָט באַליידיקט געזאָגט:

— אָן פּראָוואָקאַטאָרן איז שווער...

— כ'בעט מיר נישט איבעררייסן! איך ווייס אַליין, וואָס ס'איז שווער און וואָס איז לייכט! ביז היינטיקן טאָג קאָנט איר נאָך אַלץ נישט צונויפקלייבן קיין ערנסטע באַווייזן קעגן אַ גאַנצער רייע פערזאָנען, וואָס זענען באַקאַנט מיט זייער פאַרברעכערישן גייסט. איר קאָנט מיר נאָך אַלץ נישט געבן קיין גרונט זיי צו אַרעסטירן...

— און אָן אַ גרונט קאָנט איר נישט? — האָט פּיאָטר געזאָגט און זיך צעלאַכט.

— צו וואָס טויגן די וויצן? איך רעד ערנסט. אויב מיר זאָלן זיי אַרעסטירן אָן אַ גרונט, וועלן מיר זיי דאַרפן אַרויסלאָזן—דאָס איז עס. און אייך פערזענלעך, פּיאָטר פּיאָטראָוויטש, וועל איך באַמערקן, אַז איר האָט מיר שוין לאַנג געהאַט עפּעס צוגעזאָגט— איר געדענקט? פּונקט אַזוי האָט איר אויך, קראַסאַווין, געזאָגט אַז אייך האָט זיך איינגעגעבן צו באַקענען מיט אַ מענטש, וואָס קאָן אייך צעגויפפירן מיט די טעראָריסטן... נו, און וואָס?..

— אַ זשוליק איז ער, אָט דער מענטש... און וואַרט נאָך צו, איך וועל נאָך מיין שטיקל אַרבעט אָפּטון!... — האָט זיך קראַסאַווין הויך אָפּגערופן.

— איך צווייפל נישט דערין, נאָר כ'בעט אייך אַלעמען צ פאַרשטיין, אַז מיר דאַרפן אַרבעטן ענערגישער. מען דאַרף זיך צואיילן!

ער האָט גערעדט לאַנג, אָפּטמאָל אַ גאַנצע שעה אָן אָפּרו הויך, מיטן זעלבן קול און נאָר די ווערטער, — איר דאַרפט האָט ער אַרויסגערעדט אַזוי מאָדנע, מיט צווײ אַקצענטן: צוערשט האָט ער קלינגעוודיק אויסגעשריגן: „דאַררר...” און געענדיקט שיפּענדיק „פּפּט”, און דערביי אַלע אַרומגענומען מיט די בלויע שטראַלן פון זיין גלעזערנעם בליק. דאָס דאָזיקע וואָרט האָט אָנ געכאַפּט יעווסייען ביים גאָרגל און געשטיקט.

איינמאָל, נאָך אַזאַ שמועס, זענען זיך אַלע צוגאַנגען, נאָר סאַשאַ איז געבליבן, און יעווסיי האָט אויפגעכאַפּט אַזאַ שמועס פיליפּ פיליפּאָוויטש האָט אומהיימלעך אין בייז געזאָגט:

— ס'אַראַ אידיאָטן דאָס זענען, פונדעסטוועגן...

— אַהאַ! — האָט סאַשאַ טעמפּ אויסגעשריגן.

— יאָ, יאָ... וואָס קאָנען זיי דען אויפטון!

— דאַכט זיך מיר, איז איר וועט זיך יעצט אויסלערנען צו שעצן אָרנטלעכע מענטשן...

— נו, גיט זיי אַהער, גיט זיי!

— אָ, דאָס קאָסט טייער...

קלימקאָוו האָט זיך גאָרנישט פאַרחידושט און זיך נישט באַ־לייידיקט, ער האָט שוין נישט ס'ערשטע מאָל געהערט, ווי נאַטשאַל־סטוואָ זידלט די באַאַמטע, און ער האָט עס געהאַלטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך.

און די שפּיאָנען פּלעגן נאָך אַזאַ שמועס רעדן איינער מיטן אַנדערן:

— נ־יאָ־אָ... אַליין איז ער אַ געטויפטער ייד, און דו גיי...

— מען זאָגט, אַז מ'האָט אים פון ניי־יאָר אָן דערלייגט פרישע זיבעציק רובל...

— אונזער אַרבעט ווערט טייערער...

טיילמאָל האָט אָנשטאָט פיליפ פּיליפּאָוויטשן געשמועסט מיט די שפּיאָנען דער שיינער און רייך אָנגעטועטער הער לעאָנטיעוו. ער איז נישט געזעסן, נאָר אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער, געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס, העפלעך אויסגעמיטן אַלע, דאָס גלאַטע פּנים איז געווען קאַלט און געהאַט דער אויסדריק פון מיאוסן זיך, די דינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט אָן חשק, ער איז תמיד געווען אָנגעברוגזט און מ'פלעגט אים נישט אַרויסזען די אויגן. פון פּעטער־בורג איז אַראָפּגעקומען צופאָרן הער יאַסנאָגורסקי, אַ ברייט־ביינענדיקער, אַ נידעריקער, אַ פליכצוואַטער, מיט אַ מעדאַל אויף דער ברוסט. ער האָט געהאַט אַ גרויס מויל, אַ טרוקן פּנים, שווע־רע אויגן, ווי צוויי קליינע שטיינדלעך, און אַ פּאָר לאַנגע הענט. ביים רעדן פלעגט ער הויך טשמאָקען מיט די ליפּן, ברייט גע־שאָטן שטאַרקע, געפעפערטע זידל־ווערטער, און יעווסייען אין זכרון האָט זיך באַזונדער איינגעקריצט איינע פון זיינע פראַזן:

— זיי זאָגן צום פאָלק: קאָנסט דיר באַשאַפן אַן אַנדער לייכט לעבן. זיי זאָגן ליגן, קינדער מיינע! דאָס לעבן באַשאַפט דער צאַר און אונזער הייליקע קירך, און מענטשן קאָנען גאָרנישט ענדערן, גאָרנישט!...

אַלע האָבן זיי גערעדט וועגן דער זעלבער זאַך — מען דאַרף אַרבעטן פלייסיקער, מער, מען דאַרף זיין מער איינפעלע־רישער, ווייל די רעוואָלוציאָנערן ווערן וואָכאַמאָל שטאַרקער. טייל־מאָל פלעגן זיי דערציילן וועגן די צאַרן, וועגן דעם, ווי גוט און

קלוג זיי זענען, ווי די אויסלענדער האָבן פאַר זיי מורא און ווענען זיי שונאים דערפאַר, וואָס די רוסישע קיסרים האָבן אַלעמאָל באַפרייט פאַרשידענע פעלקער פון אויסלענדישער געפאַנגענשאַפט — אָט האָבן זיי באַפרייט די בולגאַרן און סערבן פון אונטערן טערקישן סולטאַנס יאָך, די כיוואַנער, בוכאַרער און טורקמענער פון אונטער דעם פערסישן שאַכס האַנט, די מאַנדזשורער פון כינעזישן קיסר. און די דייטשן, די ענגלענדער און די יאַפּאַנער, ווען זיי האָבן אונטערגעקויפט, זענען דערפון נישט צופרידן, זיי וואָלטן געוואָלט צונעמען די פעלקער, וואָס רוסלאַנד האָט באַפרייט, אונטער זייער ממשלה, נאָר זיי ווייסן, אַז דער צאַר וועט עס זיי נישט געבן — אָט פאַרוואָס זיי האַסן דעם צאַר און ווילן אים אָנטון שלעכטס, באַמיען זיך צו מאַכן אין רוסלאַנד אַ רעוואָלוציע.

יעווסיי האָט געהערט די דאָזיקע רייד מיט אינטערעס און אַלץ געוואַרט, ווען וועלן זיי רעדן וועגן רוסישן פאָלק און ערקלערן — פאַרוואָס זענען אַלע מענטשן אַזוי פרעמד צו זיך און אכזריותדיק, האָבן ליב צו פייניקן איינער דעם אַנדערן, לעבן אַזאַ אומרויק, אומהיימלעך לעבן, און פאַרוואָס איז אַזאַ אָרעמקייט, אַזאַ שרעק אומעטום און שווערע קרעכצן? נאָר וועגן דעם האָט קיינער נישט גערעדט.

נאָך איינעם אַזאַ שמועס האָט וויעקאָוו געזאָגט צו יעווסייען, ווען זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען אויף דער גאַס:

— הייסט עס — זיי ווערן אַ כוח, איר'ט געהערט?.. ס'איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין... וואָס איז דאָס אַזוינס? געהיימע מענטשן, למשל, לעבן אַזוי שטיל... און הייבן פלוצלינג אָן אַלץ צו מאַכן ציטערן... אַזוי צו זאָגן — זיי צעטרייסלען דאָס גאַנצע לעבן... זייער שווער צו פאַרשטיין — פונוואַנען האָבן זיי אַזאַ כוח?

און מיעלניקאָוו, יעצט נאָך מער אַריינגעטון אין זיך און שווייגנדיק, דאַר און אינגאַנצן צעשויבערט, האָט איינמאָל אַ קלאַפּ געטון מיט דער פויסט אין דער קני און זיך צעריטשעט:

— כ'וויל וויסן — וואו איז דער אמת?

— וואָס אַזוינס? — האָט מאַקלאַקאָוו בייז געפרעגט.

— וואָס? אָט וואָס — איך פאַרשטיי אַזוי: איין נאַטשאַל־סטוואָ איז געוואָרן אָפּגעשוואַכט, אוּנזער נאַטשאַלסטוואָ... יעצט הייבט זיך אויף איבעריין פּאָלק אַ צווייטע, מער גאָרנישט...

— און ס'איז אַרויסגעקומען אַ פּאַרזעעניש! — האָט מאַקלאַ־קאָוו געזאָגט און זיך צעלאַכט.

מיעלניקאָוו האָט אויף אים אַ קוק געטון און אַ זיפץ געטון:

— זאָג נישט קיין ליגן. טימאָפּיי וואַסיליעוויטש... זאָגסט ליגן... ביסט אַ קלוגער יונג, און לייגסט... איך פאַרשטיי דאָך...

קלימקאָוו האָט געטראַכט אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין, די געדאַנקען זענען ביי אים געבוירן געוואָרן אין דער טיפער פינ־סטערניש פון דער נשמה, ער האָט נישט געפילט, ווי זיי בויען זיך, נישט געפילט זייער געהיימען וואוקס. זיי זענען געוואַקסן פּלוצלינג, שוין אינגאַנצן אויפגעבויטע און אים געשראָקן מיט דער אומגעריכטקייט פון זייער קומען. ער האָט זיך באַמיט זיי צו באַהאַלטן, צו לעשן, אויף אַ צייט איז עס אים געלונגען, נאָר דער־נאָך האָבן זיי זיך ווידער אָנגעצונדן, העלער נאָך געלויכטן, און ביי זייער ליכט איז ס'לעבן געוואָרן נאָך מער פאַרפּלאָנטערט און פינסטערער.

די שוואַרצע דערציילונגען וועגן די רעוואָלוציאָנערן זענען אַריינגעפאַלן אין מוח, זיך דאָרט אָפּגעזעצט, געשאַפן אַ דינע שיכט פון אַ פרישן גרונט פאַרן וואוקס פון די קרענקלעכע געדאַנקען; די געדאַנקען האָבן געשראָקן, ערגעץ־וואוהין שטיל געצויגן...

## XIV

גייענדיק אין געסט צו מאַשען, האָט ער פּלוצלינג אַ טראַכט געטון:

— אָט וועל איך מיך היינט באַקענען מיטן סטאָלער... ער איז אַ רעוואָלוציאָנער...

ער איז געקומען דער ערשטער, געשענקט מאשען א פּאָר בלויע קרעלן, אנפיסאַן — א קעמעלע פון האָרן; זיי זענען געווען זייער צופרידן מיט די מתנות, אים בגוואַלד מכבד געווען מיט טיי און סאַק. מאַשאַ האָט שיין אויסגעבויגן דעם פולן ווייסן האַלז, אריינגעקוקט אים אין פּנים אַריין מיט א ליב שמייכעלע, און אירע אויגן האָבן אים ווייך געגלעט דאָס האַרץ, באַלעבט און דערמוטיקט. אנפיסא האָט פאַנאַנדערגעגאָסן טיי און, אונטערווינקענדיק, געזאָגט:

— דו, סודור אונזערער ווייכהאַרציקער, ווען ווילן מיר שוין אויף דיין חתונה טאַנצן?

יעווסיי האָט זיך פאַרשעמט, זיך באמת עס נישט אַרויסצוווייזן און שטיל און זיכער געענטפערט:

— חתונה האָבן וועל איך זיך נישט אנטשליסן... דאָס איז זייער שווער...

— שווער? אַך, דו, כניאָק... מאַריאַ, הערסט? שווער, זאָגט ער, חתונה צו האָבן...

מאַריאַ האָט געענטפערט מיט א שמייכל אויף דער קעכינס הויך געלעכטער, פונדערקרום א קוק געטון אויף קלימקאָוון.

— אפשר מיינט ער די שווערקייט לויט זיך אַליין...

— איך מיין טאַקע לויט מיר אַליין!..—האָט יעווסיי געזאָגט און אויפגעהויבן דעם קאָפּ, — איך, זעט איר, מיין אַנטקעגן דעם, וואָס ס'איז שווער צו געפינען א מענטשן.. כדי איין נשמה זאָל לעבן אין דער אַנדערער, און איינער זאָל פאַרן אַנדערן נישט כּורא האָבן... אַז מען זאָל גלייבן דעם מענטשן...

מאַשאַ האָט זיך געזעצט גלייך מיט אים, ער האָט געוואָרפן א בליק אויף איר האַלז, אויף דער ברוסט, א זיפץ געטון...

— און ווען כ'זאָל זיי אַזוי זאָגן, וואו איך דין...

ער האָט א ציטער געטון, דערשראָקן פונם דאָזיקן פאַרלאַנג, גיך עס דערשטיקט און אַראָפּהענגענדיק דעם קאָפּ, גיך ווייטער גערעדט:

— אויב א מענטש פאַרשטייט נישט דאָס לעבן, זאָל ער גלייכער בלייבן איינער אַליין.

— איינער אַליין איז אויך זייער שווער! — האָט מאַשאַ געזאָגט און אים אָנגעגאָסן אַ גלעזל סאָק. — טרינקט!

יעווסיי האָט געוואָלט רעדן נאָך אַ סך און אָפנהאַרציק, ער האָט געזעען, אַז מע הערט אים גערן, און דאָס, צוזאַמען מיט צוויי גלעזלעך ווײַן, האָט אים אויפגערייצט. נאָר אין דעם איז אַרײַנגעקומען דעם זשורנאַליסטס דינסט ליזאַ, אויך צעהיצט, און מיט־אַמאָל באַהערשט אַנפיסאַס און מאַריאַס אויפמערקזאַמקייט. אַ דאַרע און אַ שיקלדיקע אויפן לינקן אויג, אַ פּעטס־געבוויטע, שיין צוגעקעמט און רײַצנדיק אָנגעטון, האָט זי אויסגעזעען שיין און אומפאַרשעמט.

— מײַנע באַלעבאַטימלעך האָבן גערופן געסט אויף הײַנט און האָבן מיך נישט געוואָלט אָפּלאָזן! — האָט זי געזאָגט, זיך זעצנדיק. — נו, ניין, זאָג איך, ווי איר ווילט אײַך... איך בין אוועק... זאָלן זיי אַליין זיך אַרומפּאָרען...

— אַ סך געסט? — האָט קלימקאָוו אומעטיק געפרעגט, זיך דערמאָנט אָן זײַן פליכט.

— אַ סאַ־אַך! אַז ס'איז דען עפּעס געסט? קיינמאָל ווערט קיינער נישט אַרײַנרוקן קיין צענערל אין דער האַנט — אַפילו אויף ניי־יאָר האָב איך פון זיי צענער־געקליבן אויף טיי צוויי קאַרבוינעס מיט דרײַסיק קאָפּיקעס...

— נישט קיין רײַכע, הייסט עס? — האָט יעווסיי געפרעגט.

— נו, ס'אַראַ רײַכטום דאָרטן! קיין איינער האָט נישט קיין גאַנצע פּאָר קאַלאָשן...

— ווער זענען עס, באַמת?

— פאַרשידענע... איינער שרײַבט אין אַ בלאַט, אַן אַנדערער איז גלאַט אַזוי אַ סטודענט... אָך, ס'אַראַ וואוילינקער ס'איז דאָ איינער — מיט שוואַרצע ברעמען, מיט געקרײַזלטע האָר, מיט וואָנצעלעך, מיט ווײַסע ציין, גלײַכינקע, אַזאַ לוסטיקער. נישט לאַנג צוריק געקומען פון סיביר, דערציילט אַלץ אַליין...

יעווסיי האָט אַ קוק געטון אויף ליזען און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט איר געוואָלט זאָגן:

— הערט אויף...

נאָר אָנשטאָט דעם האָט ער גלייכגילטיק און שטיל געפרעגט.

— געווען, הייסט עס, פאַרשיקט?

— ווער ווייסט זיי דאָרטן?... קאָן זיין... מיינע באַלעבאַטים זענען אויך געווען פארשיקט, דער רעוויראָוועז האָט מיר פאַרציילט...

— ווען מע פאַרשיקט עס היינט נישט! — האָט די קעכין אויסגערופן.— כ'האָב געוואוינט אַמאָל ביי פּאָפּאָוון, אַן אינזשיניער, אַ רייכער מענטש, אַן אייגן הויז געהאַט, פערד, זיך געקליבן חתונה צו האָבן—מיטאַמאָל זענען אינמיטן נאַכט געקומען זשאַנדאַרן,— כאַפּט אים!... און אַלץ חרוב געמאַכט... און דערנאָך האָט מען אים פאַרשיקט קיין סיביר...

— איך האָב צו מיינע באַלעבאַטים קיין טענות נישט! — האָט איר ליזע איבערגעשלאָגן, — גאָרנישט. זיי זענען גאַנץ גוטע מענטשן, זידלען זיך נישט, נישט קיין קאַרגע און בכלל נישט אַזוי ווי אַנדערע... און זייער אינטערעסאַנטע מענטשן — אַלץ ווייסן זיי, ווען אַלעם רעדן זיי...

עווסיי האָט הילפלאָז אַ קיק געטון אויף מאַשאַס רויט פּנים און זיך געטראַכט:

— כ'וועל גלייכער אַוועקגיין פון דאַנען... כ'וועל זי שפּע־טער אויספרעגן וועגן די באַלעבאַטים... און ס'וועט זיך גאָר נישט אַרויסצייגן... זאָל זי שווייגן, דער נאַר...

— ביי אונז פאַרשטייען אויך די באַלעבאַטים אַלצדינג — האָט מאַשאַ שטאָלץ געזאָגט.

— ווען ס'איז געשען יענץ — דער בונט אין פּעטערבורג — האָט ליזאַ באַלעבאַטס אָנגעהייבן צו רעדן — איז מען ביי אונז גע־זעסן גאַנצע נעכט און גערעדט...

— אונזערע זענען דאָך אויך געווען ביי אייך! — האָט די אַם אויפּס'ניי באַמערקט.

— געווען, געווען! אַ סך מענטשן געווען... און זיי האָבן גערעדט, און געשריבן אָנקלאַגעס, און איינער האָט זיך אַפילו צע־וויינט, אויף מיין וואָרט!

— ווערסט זיך נאָך אויך צעוויינען! — האָט די קעכין גע־זאָגט מיט אַ זיפץ.

— ר'האָט זיך געטון אַ נעם אָן ביים קאָפּ און געקלאָגט — אומגליקלעך, מאַכט ער, רוסלאַנד, אומגליקלעכע מענטשן וואָס מיר זענען... מ'האָט אים געגעבן וואַסער... און איך האָב אויך רחמנות געקריגן אויף אַלע, זיך אויך צעוויינט...

מאַשאַ האָט זיך דערשראָקן אומגעקוקט.

— גאָט מיינער... די שוועסטער איז מיר געקומען אויפן געדאַנק...

זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַריין אין דער קעכינס צימער. די פרויען האָבן איר מיט מיטלייד נאָכגעקוקט, און קלימקאָוו האָט פאַרלייכטערט אָפּגעזיפצט און קעגן זיין ווילן געפרעגט ליזען, אומעטיק און אָנגעשטרענגט:

— צו וועמען האָבן זיי דאָס געשריבן די אָנקלאָגעס?

— דאָס ווייס איך שוין נישט! — האָט ליזאַ געענטפערט.

— און מאַריאַ איז בעגאַנגען שלאָפן! — האָט די קעכין באַמערקט.

די טיר האָט זיך געעפנט און, אונטערהוסטניק, איז אַריינגעקומען דער קעכינס ברודער.

— קאַלטלעך! — האָט ער געזאָגט און אַראָפּגענומען פון האַלז אַ רויטן שאַליק.

— אָט, טרינק עפּעס אויס...

— פיין! גוטן אָוונט און כ'באַגריס.

ער איז געווען דאַר, זיך באַוועגט פריי, נישט איילנדיק, און אין קול האָט אים געקלונגען עפּעס אַ ערנסטקייט, וואָס האָט נישט געקאָנט הארמאָניזירן מיטן העלן בערדל און מיטן שאַרפן, פליכעוואַטן שאַרבן. דאָס פּנים איז ביי אים געווען קליין, דאַר, באַשיידן, און די אויגן גרויסע, גרויע.

— אַ רעוואָלוציאָנער! — האָט זיך יעווסיי דערמאַנט, ווען ר'האָט שווייגנדיק געדריקט דעם סטאָלערס האַנט. און פלוצלינג געזאָגט:

— כ'דאַרף שוין אַוועקצוגיין...

— וואוהין? — האָט אַנפיסאַ אויסגערופן און אָן צערעמאָניעס אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט. — דו, סוחר, צעשטער נישט די געזעלשאַפט. — טו אַ קוק, מאַטווי, ס'אַ מתנה ער האָט מיר געבראַכט.

זימין האָט אַ קוק געטון אויף יעווסייען און פאַרטראַכט געזאָגט:

— נעכטן האָט מען בײַ אונז אויף דער פאַבריק ווידער אָנגענומען אַ באַשטעלונג פאַר פופצען טויזנט. אָן אויפנעם־צימער, אַ קאַבינעט, אַ שלאָף־צימער און אַ זאַל — פיר שטובן. כסדר באַשטעלן געגערעלער. אָנגעגנבעט געלט און ווילן יעצט לעבן אין אַ נײַעם סטיל...

— אָט האָסטו דיר! — האָט יעווסיי אין געדאַנק ביטער אויסגערופן. — נאָר־וואָס אַרײַנגעקומען און באַלד אָנגעהויבן... אַך, גאַטעניו!

אין ברוסט האָט אים ווייטאָגלעך אַ צוק געטון, גלייך ס'וואָלט זיך דאָרט עפּעס אָפּגעריסן. נישט פאָרגעשטעלט זיך, צו וואָס ס'וועט דערפירן זײַן פראַגע, האָט ער גיך געפרעגט דעם סטאָלער:

— פאַראַן בײַ אײַך אין פאַבריק רעוואָלוציאָנערן?

ווי אָפּגעבריט, האָט זיך זימין צו אים גיך אויסגעדרייט און אים אַרײַנגעקוקט אין די אויגן אַרײַן. די קעכין האָט זיך פאַר־כמורעט אין שטיל, אומצופרידן געזאָגט:

— מען זאָגט, אַז זיי זענען דאָ אומעטום...

— פון קליגשאַפט איז עס, צי פון נאַרישקייט? — האָט ליזע געפרעגט.

קלימקאָוו האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם סטאָלערס שווערן און פאַרשנדיקן בליק, פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נאָר פון אונטער די ברעמען געקוקט אויפן אַרבעטער. העפלעך, נאָר שטרענג האָט זימין געפרעגט:

— פאַרוואָס אינטערעסירט עס אײַך?

— איך פרעג — אָן אינטערעס! — האָט יעווסיי ציטערנדיק געענטפערט.

— אַ־אַ... טאָ פאַרוואָס־זשע פרעגט איר?

— אזוי! — האָט יעווסיי געזאָגט און אין עטלעכע סעקונדן אַרום צוגעגעבן — פון נײַגעריקייט...

דער סטאָלער האָט אַ שמייכל געטון.

יעווסייען האָט זיך געדאַכט, אַז דריי פּאָר אויגן קוקן אויף אים פאַרדעכטיק און שטרענג. ס'איז אים געווען נישט באַקוועם. עפּעס ביטערס האָט אים געקניפּן אין האַלז. ס'איז אַריין מאַשאַ פאַרשוואָלדיקט געשמייכלט, אָנגעקוקט אַלעמען, און דער שמייכל איז איר נעלם געוואָרן פון פּנים:

— וואָס איז אייך?

— דאָס איז פון ווײַן! — האָט יעווסייען אויפגעבליצט אין קאָפּ. ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, זיך אַ וואַקל געטון און אָנגעהויבן צו רעדן:

— איר זאָלט נישט מיינען... אַז אומזיסט... איך האָב געפּרעגט דערפאַר, ווייל איך האָב שוין לאַנג געוואָלט זאָגן איר... אָט אייער שוועסטער... וועגן אייך...

זימין האָט זיך אויפגעשטעלט, דאָס פּנים האָט זיך אים צעגויס, נעקנייטשט. געל געוואָרן און ער האָט ווירדיק און רויק געפרעגט:

— וואָס קאָנט איר זאָגן וועגן מיר?

צו יעווסייס אויערן האָט זיך דערטראָגן אַ שטילער געמורמל

— וואָס איז דאָרט צווישן זיי?

— שטיי... וואַרט אַביסל!... — האָט אַנפיסאַ געענטפערט.

— איך ווייס — האָט יעווסיי געזאָגט, און אים האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד אויף דער לופט, וויגט זיך אין איר, גרינג, ווי אַ פעדער, און זעט אַלץ, באַמערקט אַלץ מיט אַ וואונדערלעכער קלאָרקייט, — איך ווייס, אַז מען שפּירט אייך נאָך... און אַגענט פון אָכראַנע... אַז איר זענט פון צווישן די רעוואָלוציאָנערן...

די קעכין האָט זיך אַ וואַקל געטון אויף דער שטול, און דערשראָקן אויסגעשריגן:

— מאַ - אַטוויי... וואָס איז דאָס אַזוינס?

— דעווּויב! — האָט זימין געזאָגט און באַרויקנדיק אַ פיר געטון מיט דער האַנט פאַר איר פּנים.—ס'איז אַן ערנסטער ענין...

דערנאָך האָט ער אַנטשלאָסן און שטרענג באַפוילן:

— אָט וואָס, יונגערמאַן, — טוט זיך אָן... איר דאַרפט גיין אַהיים! און איך אויך. טוט זיך אָן...

יעווסיי האָט אַ שמייכל געטון. ער האָט זיך אַלץ געפּילט הויל און לייכט, דאָס איז אים געווען אָנגענעם, נאָר אין די אויגן איז אים געווען פינסטער און אין מויל האָט זיך געפּלאָנטערט אַן עסעדיקער, קיצלדיקער טעם. ער האָט שלעכט געדענקט, ווי ער איז אַוועק, נאָר ער האָט נישט פאַרגעסן דאָס, אַז אַלע האָבן געשוויגן און קיינער האָט אים נישט געזאָגט — אַ גוטע נאַכט...

אויף דער גאַס האָט אים זימין געשטויסן אַקסל אָן אַקסל און נישט הויך, מיט אַ זיפּנדיק קול גערעדט:

— כ'בעט אייך מער צו מיין שוועסטער נישט אַרויפצוקומען...

— כ'האָב דען אייך באַליידיקט? — האָט יעווסיי געפרעגט.

— ניין, אַביסל...

— מיט וואָס?

— ווער זענט איר פאַר אַזוינער?

— איך האַנדל...

— יאָ, און פונוואַנען ווייסט איר, ווען איך בין?.. אַז מע שפּירט מיר נאָך?

— אַ באַקאַנטער האָט מיר געזאָגט.

— אַ שפּיאָן?

יעווסיי האָט געענטפערט:

— יאָ...

— אַזוי... און איר זענט אויך אַ שפּיאָן?

— ניין, — האָט יעווסיי געזאָגט.

נאָר ער האָט אַ קוק געטון אין זימינס בלייך און דאַר פּנים, זיך דערמאַנט דעם טעמפּן און רויקן קלאַנג פון זיין קול און אַן אָנשטרענגונג גלייך פאַרבעסערט:

— אויכעט...

עטלעכע טריט האָבן זיי געשוויגן.

— נו, גייט! — האָט זימין געזאָגט, בלייבנדיק שטיין. דאָס קול האָט געקלונגען נישט הויך, בענקענדיק, ער האָט מאָדנע אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— גייט אייך...

יעווסיי האָט זיך אָנגעלענט מיט דער פּלייצע אָן פּאַרקאַן און געקוקט אויפן סטאָלער, געפינטלט מיט די אויגן. זימין האָט אים אויך באַטראַכט, געשאָקלט מיט דער רעכטער האַנט.

— זעט איר — האָט יעווסיי נישט פאַרשטייענדיק געזאָגט — איך האָב אייך געזאָגט דעם אמת, אַז מע שפּירט אייך נאָך...

— נו?

— און איר בייזערט זיך גאָר...

דער סטאָלער האָט זיך צו אים אָנגעבויגן און אים אָפּגע־גאָסן מיט אַ כוואַליע העשעדיקע ווערטער:

— כאַפּט אייך דער רוח... כ'ווייס אָן אייך אויך, אַז מע שפּירט מיר נאָך, נו? וואָס איז אייך — די געשעפטן גייען שלעכט? געוואָלט מיך אונטערקויפן, הינטער מיינע פּלייצעס איבערגעבן מענטשן? עך, דו פּאָדלעץ... אָדער געוואָלט טון אַ וואוילע זאַך, רחמנות האָבן אויף עמעצן? גיי צו אַל'דע רוחות, זאָג איך דיר... גיי, אַנישט וועל איך דיר ס'פּרצוף אויספּאַטשן!

יעווסיי האָט זיך אָפּגעלאָזט פונעם פּאַרקאַן און איז אוועק.

— עקלהאַפטע בריאה! — האָט ער געהערט הינטער זיך אַ מיאוסנדיקן זיפץ.

קלימקאָוו האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אויסגעדרייט און ס'ער־שטע מאָל אין זיין לעבן אויסגעזידלט אַ מענטש מיטן גאַנצן כוח פון זיין קול:

— ביסט אַליין אַן עקלהאַפטע בריאה! הינטישער זון...

דער סטאָלער האָט נישט געענטפערט, מ'האָט שוין נישט געהערט זיינע טריט. ערגעץ־וואו איז געפאָרן אַ דראָזשקע, אונ־טער דעם שליטן האָט געפייפט דער שניי, געקרעכצט די שטיינער.

— ער איז צוריקגעגאַנגען, אהערצו — האָט קלימקאָוו גע־טראַכט, גייענדיק פּאַמעלעך אויפן טראָטואַר.—ער וועט דערציילן... מאַשאַ וועט מיך זידלען...

ער האָט אויסגעשפּיגן, דערנאָך שטילינקע אָנגעהויבן צו זינגען:

בערעזנדל די מיינס, בערעזנדל...

און ווידער זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ לאַמטער, געפּילט, אַז מען דאַרף זיך אַ טרייסט טאָן.

— אָט גיי איך מיר אַזוי און מעג מיר זינגען... וועט עס הערן אַ פּאָליציאַנט — וואָס רייסטו זיך? וועל איך אים געבן אַ ווייז מיין בילעט פון אָכראַנע... אַ״, וועט ער זאָגן, אַנטשולדיקט... ון זאָל נאָר אָט אָ דער סטאָלער אַ זינג טאָן—וועט מען אים באַלד איינזעצן אין צירקל און אָנהרגענען די ביינער... שטער נישט די רו...

קלימקאָוו האָט זיך צעלאַכט, און, קוקנדיק אין דער פינ־סטערניש אַריין, געפרעגט:

— נו, וואָס, ברודער? ווערסט זיך נישט וועגן צו זינגען...

דאָס האָט אים נישט באַרויקט, אויפן האַרצן איז געווען אומעטיק, און עפּעס אַ ביטערע זייפיקע שלונע האָט אַרומגעקלעבט דאָס מויל, אַרויסגערופן טרערן אויף די אויגן.

גערטנדל דו מיינס, גערטנדל,

גערטנדל מיינס, גרינינקעס...,

ער האָט אַ זינג געטאָן מיט דער פולער ברוסט, און פּעסט פאַרמאַכט די אויגן. דאָס האָט נישט געהאָלפן — טרוקענע, שטע־כעדיקע טרערן האָבן זיך אַדורכגעשלאָגן דורך די אויגנדעק און געקילט די הויט פון די באַקן.

— דראָ־אָזשקער! — האָט ער מיט אַ שטיל קול אַ געשריי געטאָן, זיך נאָך אַלץ געוואָלט טרייסטן. נאָר אַז ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין שליטן, איז אים דער קערפּער אַזוי שוואַך געוואָרן, ווי ס'וואָלטן אין אים מיטאַמאָל געפּלאַצט אַ מאַסע פעסט־אָנגעשטרענגטע אָדערלעך, דער קאָפּ האָט זיך אָפּגעלאָזט, און וויגנדיק זיך אין שליטן, האָט ער געמורמלט:

— גוט באַליידיקט... זייער שטאַרק... אַ דאַנק! ע־עך, גו־טע מענטשן, קלוגע מענטשן...

אָט די אָנקלאָג איז אים געווען אָנגענעם, זי האָט אָנגע־פילט דאָס האַרץ מיט אַ פאַרשיכורנדיקער זיסקייט, וואָס יעווסיי האָט אָפט געפילט אין דער קינדהייט; זי האָט אים געשטעלט אַנט־

קעגן די אַנדערע מענטשן אין אַ מאַרטירערישער פּאָזע און אים געמאַכט אַנגעזעענער פאַר זיך אַליין.

# XV

אינדערפרי, אַז ער איז נאָך געלעגן אין בעט, האָט ער פאַרכמורעט געקוקט אויפן בעליק, זיך דערמאַנט, וואָס ס'איז פאַרגעקומען און אומהיימלעך געטראַכט:

— אַרײַנגעפאַלן! ניין, מען דאַרף נישט נאָך קיין אַנדערע, נאָר נאָך זיך אַליין נאָכשפּירן...

דער געדאַנק איז אים אויסגעקומען מאָדנע.

— וואָס הייסט? כ'טו דען זיך אַליין עפּעס שלעכטס?

ער האָט זיך דערמאָנט דעם סטאָלערס גרויע, פאַראומערטע אויגן, דעם אויסדרוק פון חשובדיקייט אויפן ברייטן פּנים און זיין רויק קול „קאַלט!" און פּלוצלינג האָט ער זיך פאַרחידושט, אין זיך דערפילט עפּעס פרעמדס, וואָס איז גרייט זיך מיט אים צו קריגן. ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, אָפּגעזיפצט אַזוי טיף, ווי ער האָט נאָך געקאָנט און לאַנג געשטאַנען, נישט אַרויסגעלאָזט קיין לופט פון דער ברוסט, גלייך ער וואָלט געוואָלט דערשטיקן אין זיך דאָס, וואָס איז אים געווען פרעמד און אים געשטערט.

— אָט דאָס אַלץ דאַרף מען לאָזן צורו... צו וואָס דאַרף איך עס? — האָט ער זיך אַליין געפּרווט איבערצייגן. נאָר די רו איז נישט געקומען. ער האָט פויל אָנגעהויבן זיך אָנצוטון, געטראַכט, וואָס ער דאַרף טון אין משך פון היינטיקן טאָג.

ער איז יעצט זעלטן אַרומגעגאַנגען מיט סחורה, ווייל ס'איז געווען אַ סך אַנדערע אַרבעט. היינט, צומביישפּיל, האָט ער געדאַרפט גיין אויף דער פאַבריק - פאַרשטאָט, נאָכשפּירן די אַרבעטער, אויסגעפינען צווישן זיי די, וואָס צעטיילן די פּראָקלאַמאַציעס.

ער האָט זיך אויסגעשמירט די הענט מיט סאַדזע און מיט פוטער, דערנאָך זיי אויסגעוואַשן מיט זייף, נאָך וואָס ס'איז אים געבליבן אויף די הענט אַ טונקעלער פעטער אָפּזאַץ, ווי ביי אַ מעטאַל־אַרבעטער. מען האָט עס נישט געדאַרפט נייטיק, נאָר קלימקאָוון איז געפעלן צו פאַרבן די קודלעוואַטע האָר, די ברעמען, די וואָנסעס, אין זיינע אויגן האָבן אַזעלכע אויפנעמעס געמאַכט די דינסט נאָך אינטערעסאַנטער און זי באַצויגן מיט אַן ערנסטקייט. די קונסט צו ענדערן זיין פיגור און ס'פּנים האָט קלימקאָוון באַגייסטערט געלערנט דער מיושבדיקער גראָכאָטאָוו. ער האָט זיך האַרציק איבערגעגעבן דער דאָזיקער זאַך, געהאַט ביי זיך אַ גרויס רעזערוו מיט בערד, וואָנסעס, פּערוקן, געקענט אַלע פאַרבן פון די האָר, געקאָנט זיך אָנקלעבן אויפן פּנים שניט־סימנים און בראָדעווקעס, און טיילמאָל אַפילו געוויזן פאַר חברים קונצן: פּלוצלינג, פאַר אַלעמען אין די אויגן, האָט ער געגעבן זיין פּנים, דעם קול און דער פיגור אַ גוואַלטיקע ענלעכקייט צו עמעצן פון נאַטשאַלסטוואָ אָדער וואונדערלעך געקרייט, געבילן, געמיאוקעט. אַלע האָבן געלאַכט, זיך גע־וואונדערט און אים געלויבט, און ער האָט סאָליד געשמייכלט, באַשיידן דערציילט:

— און דאָס איז נאָך דער אָנהייב! וואַרט נאָר צו, כ'וועל זיך איינאיבן אַ יאָר צייט און וועל אויפטרעטן אויף דער סצענע! כ'וועל פון זיך מאַכן אַלע באַוואוסטע מענטשן און וועל נאָכמאַכן אַלע ערדישע באַשעפענישן...

מיעלניקאָוו האָט, קוקנדיק אויף אים, מיט עקל אויסגעשפּיגן, און איינמאָל אַ געשריי געטון:

— העי, לצל! מאַך נאָך אַ לויז...

— דאָס איז דאָך אַ שטום באַשעפעניש — האָט דער אַגענט באַמערקט.

— טאָ מאַך עס טאַקע נאָך — ווי ס'עסט און שווייגט...

ביים אָנטון זיך האָט זיך קלימקאָוו דערמאַנט דעם דאָזיקן שמועס, זיך דערמאַנט אָן אַנאַטאָלין און געטראַכט:

— ער וואָלט געווען אַ גוטער אַגענט... און דער סטאָלער האָט נישט געקאָנט, די אויגן שטערן אים... לויט די אויגן דערקענט מען גלייך... ער וויל, מסתמא, נעמען מאַשאַן פאַר אַ כלה...

יעווסיי איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, אומאָנגענעם אַנגעכאַפּט פאַרן האַרץ מיט דער פרישער אַנטדעקונג. נאָך אַ מינוט שפּעטער האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— כאַפּט זיי אַלע דער רוח... וואָס איז מיט מיר?

דער דאָזיקער געדאַנק, וואָס האָט אים פריער געהאַט גע-טרייסט, האָט זיך יעצט אַריינגעגליטשט אין קאָפּ, אַריין און דאָרט געקראַצט ביז עפּעס ענלעכס צו ווייטאָק.

אויף דער גאַס האָט געלויכטן די זון, פון די דעכער איז מיט גערויש גערונען אַ רעגן, אַראָפּגעוואַשן דעם געלן, ברודיקן שניי, מענטשן זענען גיך און פרייליך געגאַנגען. אין דער פייכטער וואַרעמער לופט איז צעצויגן געשוואומען אַ ליבער קלאַנג פון יום-טובדיקע גלעקער, ברייטע בענדער פון ווייכע קלאַנגען האָבן כוואַלענדיק זיך געפלאָנטערט איינער מיטן אַנדערן, זיך אויפגעהויב-ן און אַוועקגעפלויגן פון דער שטאָט אין בלייך-בלויע ווייטן...

— כ'וואָלט יעצט געוואָלט ערגעץ-וואו אַוועק... אויף פעל-דער... אויף וויסטעס... — האָט יעווסיי געטראַכט, ווען ער אי-אַריין אין די שמאָלע גאַסן פון דער פאַבריקס פאָרשטאָט. אַרום אים זענען געשטאַנען, אַנגעלענט איינע אויף דער אַנדערער, רויט-לעכע, ברודיקע ווענט, דער הימל איבער אים איז געווען אויסגע-שמירט מיט רויך, די לופט פול מיט שטיקנדיקן ריח פון וואַרעמער נאַסקייט. אויף ברודיקע אַרבעטאָרערישע פּנימער האָבן בייז געפינקלט ווייסע ציין. אַלץ אַרום איז געווען אומהיימלעך, און די אויגן זענען גיך מיד געוואָרן צו קוקן אויף די איינגעריסטע שטייגן פאַר דער אַרבעט.

אַרום האַלבן טאָג איז קלימקאָוו, מיד און נידערגעשלאָגן פון אַלעם, וואָס ער האָט געזען, אַריין אין אַ שענק, זיך געזעצט ביי אַ טישל ביים פענסטער, געבעטן מיטאָג און אָן חשק זיך אַנגעהויבן צוצוהערן צו מענטשנס רייד. ס'איז נישט געווען קיין סך מענטשן, בלויז אַרבעטער, זיי האָבן געגעסן און געטרונקען,

פזיל זיך אדורכגעהאַרפן מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער, און נאָר פון ערגעץ פון א ווינקל איז דערגאַנגען אַ יונג, געזונט קול:

— דו גיב נאָר אַ קלער — פונוואַנען נעמט זיך דאָס רייכטום?

דאָס האָט גערעדט אַ ברייטפּלייציקער, געקרייזלטער בחור. יעווסיי האָט פול מיט פּאַרדרוס אויף אים אַ קוק געטון און זיך אויסגעדרייט. ער האָט נישט זעלטן געהערט רעדן וועגן רייכטום און אַלעמאָל דערביי געפילט אומעטיקע אומוויסנקייט, געפילט אין די דאָזיקע רייד נאָר קנאה און גיריקייט. ער האָט געוואוסט, אַז טאַקע אָט די דאָזיקע רייד ווערן געהאַלטן פאַר שעדלעך, נאָר היינט האָט זיך אים דווקא געגלוסט צו גיין איבער די ליכטיקע ברייטע שטאָטישע גאַסן, און ער האָט זיך אָנגעטון אַ כוח אויף צו הערן זיי.

— אַרבעטסט פּאַר ביליק, און קויפסט סחורה פּאַר טייער, אמת? — האָט דער געקרייזלטער בחור געשריגן. — דאָס גאַנצע עשירות איז צענויפגעזאַמלט פון דעם געלט, וואָס ווערט אונדז נישט דערצאָלט פאַר אונזער אַרבעט... אָט, נעמען מיר אַ ביישפּיל..

— אַלע זענען זיי גיריקע! — האָט יעווסיי געטראַכט. — ווי מאשא האָט דאָס נעכטן אַ כאַפּ געטון די קרעלן... אַלע זענען זיי אויסוואורפן... און דער סטאָלער האָט מיר נישט קיין זעץ געטון דערפאַר, וואָס ער האָט מורא געהאַט... יאָ. סתם אַזוי וואָלט ער אויף מיר קיין רחמנות נישט געהאַט... ר'האָט פּשוט מורא געהאַט איך זאָל נישט רופן קיין פּאָליציי — אהאַ! אָט, מיך האָט מען אַרויסגעטריבן, און די מתנות האָט מען זיך איבערגעלאָזן!.. מנוולים...

ער האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט דער אָנגענעמער ביטערניש שלעכטס צו מאַכן מענטשן, זיך איינגעאַנצן אַריינגעטון דערין און שוין גאָרנישט געהערט, נישט געזען. מיטאַמאָל האָט ער אונטערן אויער דערהערט אַ פריילעך קול:

— יעווסיי קלימקאָוו, איאָ?

ער האָט גיך אויסגעדרייט דעם קאָפּ, זיך געוואָלט אויפשטעלן און נישט געקאָנט, געזען, אַז פאַר אים שטייט דער

זעלבער געקרייזלטער און ריידעוודיקער בחור און נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז.

— דערקענסט נישט? און יאַקאָוו געדענקסטו? מיר זענען דאָך שוסטער-קינדער...

דער בחור האָט זיך צעלאַכט, אויסגעצויגן יעווסייען א האַנט און זיך געזעצט אַנטקעגן אים ביים טישל. זיין געלעכטער האָט יעווסייען איינגעהילט אין א ווארעמען וואָלקן פון דערינערונגען וועגן קלויסטער און, וועגן דעם שטילן טאָל, וועגן דער שרפה און וועגן דעם פעטערס רייד. ער האָט שווייגנדיק, פאַראומערט גע-שוויגן, פאַרזיכטיק אים געדריקט די האַנט.

— כ'האָב נישט דערקענט...

— פאַרשטייט זיך! — האָט יאַקאָוו אויסגערופן.—אין שטאָט ווערט דער זכרון שוואַכער — פון אַלע זייטן קריכן אין קאָפּ אריין פאַרשידענע געשעפטן, מילא, בלייבט נישט קיין אָרט פאַרן אַלטן... ווי לעבסטו?

— גאָרנישט.

— ארבעטסלאָז?

— י-יאָ...

קלימקאָוו האָט געענטפערט אָן חשק, ער האָט געמוזט פאַר-שטיין, ווי געפערלעך ס'קאָן פאַר אים זיין אָט די באַגעגעניש, נאָר יאַקאָוו האָט גערעדט פאַרביידן, דערציילט וועגן דאָרף, איילנדיק, ווי ער וואָלט געמוזט וואָס גיכער מיט עס ענדיקן. אין צוויי מינוט האָט ער דערציילט, אַז דער פאָטער איז בלינד גע-וואָרן, אַז די מוטער האַלט אין איין קרענקען, און שוין דריי יאָר ווי ער וואוינט אין שטאָט, אַרבעט אין פאַבריק.

— דאָס איז עס אינגאַנצן.

יאַקאָוו איז עפּעס געווען באַזונדער אויסגעריסט מיט סאַדזע און פּעכקייט, זיך געהאַלטן פריי, גערעדט הויך, און כאָטש ער איז געוואַנגען צעריסן אָנגעטון, האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז רייך. קלימקאָוו האָט אויף אים געקוקט צופרידן, אָן כעס זיך דערמאַנט, ווי אָט דער פעטער בחור האָט אים געשלאָגן, און בשעת-מעשה זיך געפרעגט:

— ער איז אויך אַ רעוואָלוציאָנער?

— נו, ווי לעבט זיך דיר? — האָט יאַקאָוו געפרעגט. זיין ברייט, קיילעכדיק שווארץ פּנים האָט געגלאַנצט און גוטמוטיק געשמייכלט, ארויסגערופן אָפנהאַרציקייט, וואָס קלימקאָוו האָט עס נישט פאַרלאַנגט. ער האָט געפילט, ווי ס׳וואַקסט אין אים דאָס נייע און פרעמדע, וואָס ער האָט היינט אינדערפרי געפונען ביי זיך אויף דער נשמה. ער האָט געוואָלט אָפּווענדן די פראַגע און אַליין געפרעגט:

— און דו — ווי אַזוי?

— אַרבעטן איז שווער, און לעבן — איז לייכט... די שטאָט געפעלט מיר, זייער! אַ קלוגע שטאָט, יאָ... און אַלץ איז אין איר אַזוי פּשוט, אַזוי פאַרשטענדלעך... אונזערן אַ ברודערס אַרבעט — לאָט אַ חרפּה צו זאָגן... אַזוי פיל אַרבעט — נישטאָ קיין צייט אויף צו לעבן!... פאָרן באַלעבאָס גיסטו אַוועק דעם גאַנצן טאָג, ס׳גאַנצע לעבן, און פאַר זיך אַליין — מינוטן! נישטאָ ווען צו לייענען אַ ביכל, כ׳וואָלט געגאַנגען אין טעאַטער אריין — איז נישטאָ ווען צו שלאָפן... ביכלעך לייענסטו?

— איך? ניין...

— נו, יאָ, נישטאָ קיין צייט! אמת? כאָטש איך, פונדעסטוועגן, באַווייז יאָ. פאַראַן דאָ אַזעלכע ביכלעך — נעמסט זיי אין דער האַנט אַריין, גייסטו אויס אינגאַנצן, ווי וואָלסט זיך ארומגענומען מיט אַ געליבטער... און אין דער היגזיכט פון מיידלעך — איז ווי אַזוי? ביסט גליקלעך?

— אַזוי, גאָרנישט! — האָט יעקאָוו געזאָגט.

— מיך האָט מען ליב!.. די מיידלעך זענען דאָ אויך אַזעלכע... אַך, ווי רייך ס׳איז דאָס לעבן! אין טעאַטער אַריין גייסטו?

— געווען...

— איך האָב עס ליב! איך כאַפּ אַלץ אַריין, אַזוי ווי כ׳וואָלט מאָרגן געדאַרפט אַוועקפאָרן, צי שטאַרבן. מוזיק האָב איך ליב צו הערן — אַלצדינג! דער זאַאָלאָגישער גאָרטן — אויך אַ הערלעכע זאַך!

דורך דער שוואַרצער שיכט פון בלאַטע איז אויף יאַקאָווס באַקן אַרויסגעטרעטן אַ רייטל פון אויפרעגונג. די אויגן האָבן זיך אים ליידנשאַפטלעך צעפלאַקערט, ער האָט צוגעטשמאַקעט מיט די ליפן, ווי ער וואָלט אײַנגעזייגט עפּעס אויפלעבנדיקס, עפּעס דער-פרישנדיקס. אין יעווסייען האָט זיך באַוועגט די קנאה צו אָט דעם געזונטן, ליידנשאַפטלעכן קערפּער. ער האָט זיך פאַרעקשנט אָנגע-הויבן צו דערמאַנען, ווי אַזוי יאַקאָוו האָט אים געבוכעט מיט די געזונטע פויסטן איבער די זייטן און עפּעס אומעטיקס האָט אים ווייך אונטערגעזאָגט אַ געוואַלט - טאַט איבער זיך אַליין...

די פריידיקע, גיכע רייד האָבן געקלונגען אָן אַן אויפהער, אַרום יעווסייען זענען אַרומגעפלויגן, אַזוי ווי שוועלבעלעך, קליי-געגנדיקע פריידיקע ווערטער און אָפּקלאַנגען.

מיט אַ נישט ווילנדיקן שמייכל האָט ער געכאַפּט די לעבע-דיקע פריילינגדיקע רייד און געפילט, אַז ער שפּאַלט זיך אויף צווייען, ער האָט געוואָלט הערן און ס'איז אים געווען אומאָנגענ-נעם — ער האָט אַליין געוואָלט רעדן און מורא געהאַט זיך צו פאַרשיטן. דער קאַלנער פון העמד האָט אים פעסט געדריקט דעם האַלז, ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ און מיטאַמאָל דערזעען היינטערן פענסטער אויף דער גאַס גראַכאַטאָווס פּנים. אויפן שפּיאָנס לינקן אַקסל און אויף דער האַנט זענען ביי אים געווען אָנגעהאָנגען צע-ריסענע פלודערן, ברודיקע העמדער, רעקלעך. ער האָט אומבאַ-מערקט אַ וואונק געטון צו קלימקאָוון און אַ געשריי געטון מיט אַ זויער קול:

— אַלטוואַרג קויף איך, פאַרקויף איך...

— שוין צייט צו גיין! — האָט יעווסיי געזאָגט און איז אויפגעשפּרונגען אויף די פיס.

— דו ביסט זונטאָג פריי? אַ, ביסט דאָך אַ ליידיקגיי-ער... גייען מיר אין זאָאָלאָגישן גאָרטן אַריין? קום צו מיר צו-גיין... ביין בעסער, וועל איך קומען צו דיר — וואו איז דאָס?

יעווסיי האָט געשוויגן, ער האָט נישט געוואָלט אויפגעבן זיין אַדרעס.

— פאַרוואָס זאָגסטו נישט? וואוינסט מיט אַ פריילן? אוי מיר אַ וואַזשנע זאַך! באַקען מיך מיט איר, און פאַרטיק — וואָ שעמסטו זיך? אמת?

— איך, פאַרשטייסטו מיך, וואוין נישט אייגער אַליין...

— נו, יאָ...

— נאָר נישט מיט קיין פריילן, נאָר מיט... אַן אַלטן.

יאַקאָוו האָט זיך צעלאַכט.

— ס׳אַראַ מאָדנער דו ביסט! דער רוח ווייסט, ווי דו רעדסט. נו, קיין אַלטן מאַן דאַרפן מיר, פאַרשטייט זיך, נישט האָבן... און איך וואוין מיט צוויי חברים און... צו מיר איז אויך נישט באַקוועם אַריינצוקומען.... לאָמיר זיך אָפּשמועסן, וואו מיר׳ן זיך באַגעגענען...

זיי האָבן זיך אָפּגערעדט, זענען אַרויס פון שענק, און אַז יאַקאָוו האָט ביים געזעגענען זיך מילד און שטאַרק געדריקט קלימקאָוון די האַנט, איז יעוווסיי פון אים אַוועק אַזוי גיך, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז דער קוזין זאָל זיך נישט אומקערן און ביי אים צוריקנעמען דעם האַנט־דרוק. ער איז געגאַנגען און אין זיך גערעדט:

— אין דער זייט שטאָט, צום וואָקזאַל, טאָר איך נישט גיין — דאָרט וועסטו טרעפן זימינען, מ׳וועט דיך אָנקיילן... דאָס איז דאָס סאַמע געדיכטסטע אָרט, דאָ, זאָגט מען, איז כמעט בלויז רעוואָלוציאָנערן — יאַקאָוו וועט שטערן... כ׳קאָן גאָרנישט טון... גאָרנישט...

אויף דער נשמה ביי אים איז, ווי אַ גרויער שאָטן, אַדורך אַ בייזע גערייצטקייט.

— אַלטוואַרג פאַרקויף איך! — האָט גראַכקאָטאָוו אַ זינג געטון הינטער אים און אַ שעפּטשע געטון: — קויף ביי מיר אַ העמדל, קלימקאָוו!

יעוווסיי האָט זיך אויסגעדרייט, גענומען אין האַנט אַריין עפּעס אַ שמאַטקע און שווייגנדיק עס אָנגעהויבן צו באַקוקן, און דער שפּיאָן האָט הויך געלויבט זיין סחורה און שעפּטשענדיק גערעדט:

— גיב אַ קוק, ביסט אַריינגעפאַלן אין סאַמע פּינטל! אָט דער קרייזלדיקער — איך האָב זיך צו אים צוגעקוקט — איז אַ סאָציאַליסט! האַלט אים גוט צו, מען קאָן פון אים אַ סך אַרויסצאַפּן. אַ בחור איז ער אַ פשוטער, אַ יונגער... הערסט! — או אַרויסרייסנדיק פון יעווסייס האַנט די שמאַטע, באַליידיקט אויסגעשריגן: — אַ צענערל? פאַר אַזאַ זאַך? לאָכסט, גוטער פריינט חילסט מיך באַליידיקן... גיי דיר דיין וועג, גיי! — און שרייענדיק אַריבערגעגאַנגען אויף דער אַנדערער זייט גאַס.

— אָט, יעצט וועל איך אַליין שוין זיין אונטער אַן אויפזיכט! — האָט יעווסיי געטראַכט, נאָכגעקוקט גראָכאָטאָוון פון הינטן,

אַז אַ נישט-גענייטער שפּיאָן האָט זיך באַקענט מיט אַרבעטער, האָט ער געמוזט גלייך וועגן דעם מעלדן זיין פירער, און יענער האָט אים אָדער מיטגעגעבן אַן אַנדערן גענייטערן חבר אָדער איז אַליין געקומען צו די אַרבעטער, און דעמאָלט פלעגט מען קנאהדיק רעדן:

— זיך אַריינגעכאַפּט אין פּראָוואָקאַציע...

אַזאַ ראָלע האָט זיך גערעכנט פאַר געפערלעך, נאָר פאַר פאַרראַטן אַ גאַנצע גרופּע מענטשן מיטאַמאָל פלעגט נאָטשאַלסטוואָ געבן געלט-באַלוינונגען, און אַלע שפּיאָנען האָבן נישט נאָר גערן זיך „צ[illegible]ריינגעכאַפּט”, נאָר טיילמאָל זיך אַפילו באַמיט איבערצוהאַקן איינערביים אַנדערן דעם גליקלעכן צופאַל און נישט איין מאָל קאַלע געמאַכט דעם ענין, אונטערגעשטעלט איינער דעם אַנדערן אַ פיס.

נישט איין מאָל פלעגט טרעפן, אַז אַ שפּיאָן האָט זיך שוין געהאַט צוגעטשעפּעט צו אַ קרייזל אַרבעטער, און פּלוצלינג האָבן זיי זיך עפּעס אויף אַ געהיימנישפולן וועג דערוואוסט וועגן זיין באַשעפטיקונג און אים מכבד געווען, אויב ער האָט נישט באַוויזן באַ ציַיטנס זיך אַרויסצוגליטשן פון קרייזל. דאָס פלעגט זיך רופן „איבעררייסן ס'שנירל”.

קלימקאָוו האָט זיך נישט געקאָנט גלייבן, אַז יאַקאָוו איז אַ סאָציאַליסט, און אין דער זעלבער צייט האָט ער דאָך געוואָלט גלייבן אין דעם. די קנאה, וואָס יאַקאָוו אין אים דערוועקט, האָט זיך איבערגעבוירן אין אַ צערייצטקייט קעגן אים דערפאַר, וואָס ער

האָט זיך אים געשטעלט אויפֿן וועג. און ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיינע קלעפּ.

אין אָוונט האָט ער, קוקנדיק אָן אַ זייט, דערציילט פּיאָטרן וועגן זיין באַקאַנטשאַפֿט.

— נו, און וואָס ווייטער! — האָט פּיאָטר ביין געפֿרעגט.

— גאָרנישט...

— דו ווייסט נישט, וואָס מען דאַרף טון? און צו וועלכן שוואַרץ יאָר קנעלט מען אַזוי מיט אייערן אַ יאַט?

און איז ערגעץ אַוועקגעלאָפֿן, אַ צעשויבעטער, אַ דאַרער, מיט פֿינצטערע פֿלעקן אונטער די אויגן.

— ווייזט אויס, ווידער זיך פֿאַרשפּילט אין קאָרטן! — האָט קלימקאָ אומעטיק געטראַכט.

אויף צומאָרגנס האָט שוין וועגן יעווסייס דערפֿאָלג געוואוסט סאַשאַ, געגוי אים אויסגעפֿרעגט וועגן דעם גאַנצן ענין, זיך פֿאַר־טראַכט, און מיט אַ פֿאַרפֿילטן שמייכל אים אָנגעהויבן צו לערנען:

— וועסט וואַרטן אַ שטיקל צייט, דערנאָך וועסטו זיי זאָגן, אַז ביסט אָנגענומען געוואָרן פֿאַר אַ משרת אין אַ דרוקערײַ — הערסט? אויספֿרעגן זאָלסטו ווינציקער, דער עיקר זאָלן זיי אַליין רעדן. זיי וועלן זיך זיכער פֿרעגן—אפשר קאָנסטו פֿאַר זיי שאַפֿן שריפֿט? זאָלסטו זאָגן — כ'קאָן, נאָר זאָלסט עס זאָגן אַזוי פּשוט, אַז זיי זאָלן זען, אַז דיר איז עס אַלץ איינס — יאָ שאַפֿן, צי נישט שאַפֿן... צו וואָס—זאָלסטו נ'שט פֿרעגן. זאָלסט זיך פֿירן ווי אַ נאַר, ווי דו ביסט טאַקע אינדערעמתן. נאָר וויסן זאָלסטו — טאָמער וועסטו דאָס עסק קאַליע מאַכן — וועט דיר זיין שלעכט... נאָך יע־דער באַגעגעניש מיט זיי זאָלסטו מיר דערציילן, וואָס האָסט געהערט.

יעווסיי האָט זיך געפֿילט אַנטקייגן סאַשאַן, ווי אַ קליין הינ־טעלע אויף אַ שטריקל, געקוקט אויף זיין קרעציק, געל פּנים, וועגן גאָרנישט געטראַכט, געוואַרט, ביז סאַשאַ זאָל אים אַרויסלאָזן פֿון אָט דעם וואָלקן עקלהאַפֿטע ריחות — ס'האָט פֿון זיי געגנו־דזשעט, זיי האָבן זיך איינגעגעסן אין דער הויט און די הענט.

ער איז אַוועק אויף דער באַגעגעניש מיט יאַקאָוון הויל, ווי אַ רער, נאָר אַז ער האָט דערזעען דעם קוזין מיט אַ פּאַפּיראָס צווישן די ציין און אין אַ היטל אויף דער זייט, האָט ער צו אים פריינטלעך אַ שמייכל געטון, און עפּעס האָט אין אים ביינק אַ ציטער געטון.

— ווי גייט'ס? — האָט יאַקאָוו פרייליך געפרעגט.

— גאָרנישט...

— געפונען אַרבעט?

— געפונען... — האָט יעוסיי געענטפערט און גלייך אַ טראַכט געטון: — כ'וואָלט עס געזאָגט צו פרי...

— וואו?

— אין אַ דרוקעריי, פאַר אַ משרת אין קאַנטאָר...

יאַקאָוו האָט הויך אַ פייף געטון.

— פיין! וויפל געהאַלט?

— פינף און צוואַנציק...

— אין אַ דרוקעריי?... אַזוי! — האָט יאַקאָוו פאַרטראַכט געזאָגט און זיך מיטאַמאָל באַלעבט. — ווילסט, כ'וועל דיך היינט אין אָוונט צעגויפפירן מיט מענטשן? אַ וואוילע חברה, ברודער, צוויי פריילנס — איינע אַ מאָדיסטין, די אַנדערע אַ שפּולערין. אַ שלאָסער, אַ יונגער בחור — זינגט לידער און שפּילט אויף אַ גיטאַרע. דערנאָך נאָך צוויי — אויך וואוילע יאַטן... אַלץ גוטע מענטשן, נאָר ז'האָבן נישט קיין צייט אויף זיך אַכטונג צו געבן...

ער האָט גערעדט גיך, די אויגן האָבן ביי אים פריידיק געשמייכלט צו אַלעם, וואָס זיי האָבן געזעען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר די פענסטער פון די געוועלבער, געקוקט מיט אַ בליק פון אַ מענטשן, פאַר וועמען אַלע זאַכן זענען אָנגענעם, אַלץ איז אינטערעסאַנט.

— גיב אַ קוק ס'אַרא קלייד, אָהאָ! ווען אונזער אַ לע זאָל זיך אָט אַזאַ קליידל אָנטון... זי וואָלט, דאַכט זיך, פון עס אַרויסגעשפּרונגען! ביכער... אָט דאָס קליינטשיקע האָב איך געלייענט, זעסט, דאָס געלע, „דער אורמענטש" — אינטערעסאַנט! לייען איבער, 'סטו זען ווי מענטשן האָבן זיך אַנטוויקלט... ס'איז

זייער אינטערעסאַנט צו לייענען ביכער, זיי דעקן פאַר דיר באַלד אויף די חכמה פון לעבן. נאָר גראָבע ביכער איז נישט באַקוועם צו לייענען — איידער קומסט צו צום מיטן, פאַרגעסטו, וואָס איז געווען פון אָנהייב, און ביים סוף פאַרגעסטו דעם מיטן אויך. כאַפּט זיי דער רוח, זאָלן זיי כאָטש שרייבן אַביסל קירצער!

אין אַ מינוט שפּעטער האָט ער אָנגעוויזן יעווסייען אויף געווער און מיט באַגייסטערונג גערעדט:

— רעוואָלווערן, האַ? אַזוי ווי שפּילעכלעך...

יעווסיי האָט זיך אונטערגעגעבן זיין שטימונג, אַרומגענומען אַלע זאַכן מיט אַ צעשוואומענעם בליק פון די הוילע אויגן און שטיל געשמייכלט, פאַרחידושט, גלייך ער וואָלט ס'ערשטע מאָל געזען די שיינע, לאַקערנדיקע שפּע פון די העלע שטאָפן, פון די פאַרשידעפאַרביקע ביכלעך, דעם פאַרבלענדנדיקן פלאָנטער פונם גלאַנץ פון פאַרבן און מעטאַלן. ער האָט הנאה געהאַט צו הערן יאַקאָווס יונג קול, ס'איז אים אָנגענעם געווען צו הערן די שנעלע רייד, אָנגעפילט מיט דער פרייד פון לעבן, זי איז לייכט אַדורכגעדרונגען אין דער פינסטערער וויסטעניש פון קלימקאָווס נשמה און אים ערלויבט אויף אַ צייט צו פאַרגעסן וועגן זיך.

— ביסט אַ פריילעכער בחור! — האָט ער שמייכלענדיק געזאָגט.

— זייער! טאַנצן האָב איך מיך אויסגעלערנט ביי די קאָזאַקן — ביי אונז אויף דער פאַבריק שטייען צוויי צענדליק קאָזאַקן. האָסט געהערט, דער עולם ביי אונז האָט זיך געוואָלט בינטעווען? נישט געהערט? ס'הייסט, מ'האָט וועגן אונז געשריבן אין די בלעטער... יאָ, האָב איך מיך אויסגעלערנט טאַנצן — 'סט נאָך שפּעטער זען! בעסער פון אַלע!

— פאַרוואָס האָבן זיי זיך געוואָלט בונטעווען? — האָט יעווסיי געפרעגט, איבערגענומען מיט דער פּשטות, מיט וועלכער יאַקאָוו האָט גערעדט וועגן בונט.

— וואָס הייסט פאַרוואָס? מען באַליידיקט אונז, אַרבעטער... וואָס זאָלן מיר טון!...

— און דו וואָלסט זיך אויך געשטעלט?

— בונטעווען? אוודאי! ווי דען אַנדערש? אונזער עולם איז אַ וואוילער, אַ חברישער.

— און די קאָזאַקן?

— די קאָזאַקן? גאָרנישט! זיי זענען אויך מענטשן. תחילת האָבן מיר געמיינט, אַז זיי זענען מיט אונזער נאַטשאַלסטוואָ, דערנאָך זאָגן זיי — חברים, גיט אַ ביסל בלעטלעך.

יאַקאָוו האָט פלוצלינג אָפּגעריסן, אַ קוק געטון יעווסייען אין פּנים אַריין, פאַרכמורעט די ברעמען און אַ מינוט געגאַנגען שווייגנ־דיק. און יעווסייען האָבן די בלעטלעך דערמאַנט זיין חוב, ער האָט זיך קראַנקהאַפט פאַרקרימט, און וועלנדיק אָפּשטופּן עפּעס פון זיך און פונם קוזין, האָט ער שטיל אַרויסגערעדט:

— כ׳האָב געלייענט אָט די בלעטלעך...

— נו? — האָט יאַקאָוו געפרעגט און אָנגעהויבן גיין פּאַמעלעכער

— כ׳פאַרשטיי זיי נישט... און פאַרוואָס עפּעס...

— לייען איבער נאָכאַמאָל.

— כ׳וויל נישט...

— פאַרוואָס?

— אַזוי...

— נישט אינטערעסאַנט?

— יאָ...

אַ שטיקל צייט זענען זיי געגאַנגען שווייגנדיק. יאַקאָוו האָט פאַרטראַכט עפּעס געזונגען און כסדר געקוקט רעם שוועסטערקינד אין פּנים אַריין, און יעווסיי האָט געפילט, אַז ס׳איז אים נישט גע־לונגען אָפּצושטופּן פון זיך די אומאָנגענעמע און געפערלעכע טעמע.

— ניין, אָט די בלעטלעך זענען אַ טייערע זאַך, און לייענען זיי מוזן מיר... אַלע שקלאַפן פון דער אַרבעט דאַרפן זיי לייענען! — האָט יאַקאָוו באַגייסטערט און נישט הויך אָנגעהויבן. — מיר, ברו־דער, זענען שקלאַפן, מען האָט אונז צוגעקאָוועט צום אומפאַר־מיידלעכן האַרעוואַן אויפן גאַנצן לעבן, געמאַכט פאַר שקלאַפן פון די קאַפּיטאַליסטן, און מיר לעבן ווי בעטלער — סיי מיטן גוף, סיי מיט דער נשמה.. אמת? און אָט די בלעטלעך עסן אונזערע

קייטן, ווי זשאַווער עסט אייזן, זיי באַפרייען אונזער מענטשלעכן פאַרשטאַנד...

קלימקאָוו האָט אָנגעהויבן צו גיין גיכער, ער האָט נישט געוואָלט הערן יאַקאָווס גלאַטיקע ווערטער, ס׳האָט אים אפילו אַדורכגעבליצט אַ פאַרלאַנג צו זאָגן דעם קוזין:

— וועגן דעם רעד נישט מיט מיר, איך בעט דיך...

נאָר יאַקאָוו האָט אַליין איבערגעריסן זיינע רייד:

— אָט איז ער, דער זאַאָלאָגישער...

זיי האָבן אויסגעטרונקען אין בופעט אַ פלעשל ביר, געהערט שפּילן דעם מיליטערישן אָרקעסטער, יאַקאָוו האָט אַ שטופּ געטון יעווסייען אין דער זייט און אים געפרעגט:

— ס׳איז גוט?

און אַז דער אָרקעסטער האָט געענדיקט שפּילן, האָט יאַקאָוו אַ זיפץ געטון און באַמערקט:

— דאָס האָבן זיי געשפּילט פאַוסט, אַן אָפּערע. כ׳האָב זי דריי מאָל געזען אין טעאַטער — שיין, זייער שיין! די מעשה אַליין איז אַ נאַרישע, נאָר די מוזיק איז אַ גוטע! און ס׳געזאַנג אויך... קום, לאָמיר גיין אָנקוקן די מאַלפּעס...

אויפן וועג צו די מאַלפּעס האָט ער יעווסייען לעבהאַפט דערציילט די מעשה מיט פאַוסטן און דעם טייוול מעפיסטאָפעל, געפּרוווט אַפילו עפּעס נאָכזינגען, נאָר ס׳האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, ער האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— כ׳קאָן נישט, ס׳איז שווער! און כ׳האָב פאַרגעסן אויך. דו ווייסט — דער אַרטיסט, וואָס זאָגט פאַרן טייוול, קריגט אַ טויזנטער פאַר יעדן מאָל. און כאַפּט אים דער רוח, ער איז ווערט אפילו צען טויזנט, ווייל ס׳איז גוט! אַז ס׳איז גוט — איז מיר גאָרנישט קיין שאָד, וועל איך ס׳לעבן מיינס אַוועקגעבן — נאַ, נעם עס! אמת?

— יאָ - אָ... — האָט יעווסיי געזאָגט און זיך אַרומגעקוקט.

די מוזיק, יאַקאָווס דערציילן וועגן טעאַטער, די שיינע פּנימער פון די פרויען, דאָס געלעכטער און דער גערויש פון דער יום-טובדיק - אָנגעטוענעם עולם און איבער אַלע דער פריילינגדיקער

הימל, אַדורכגעלעכערט מיט זון — דאָס אַלץ האָט פאַרשיכורט יעווסייען, ברייט געמאַכט ס׳האַרץ. ער האָט געקוקט אויף יאַקאָוון און פאַרחידושט געטראַכט:

— ס׳אַראַ דרייסטער ער איז דאָס... און ער ווייסט אַלץ, אין איין עלטער מיט מיר...

קלימקאָוון האָט זיך אָנגעהויבן אויסצווייזן, אַז דער קוזין פירט אים אַוועק ערגעץ ווייט, עפּנט פאַר אים גיך אַ גאַנצע רייע קליינע טירעלעך און פון יעדן שטראָמט אַרויס אַ וואָס מער אָנגענעמער געריוש און ליכטיקייט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, איינגעזויגן אין זיך די פרישע איינדריקן און צייטנווייז דערשראָקן צעעפנט די אויגן — ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז אין המון האָט אַ שווינדל געטון אַ באַקאַנט פּנים פון אַ חבר פון דער דינסט.

זיי זענען געשטאַנען פאַר אַ שטייג מיט מאַלפּעס, יאַקאָוו האָט מיט אַ גוטן שמייכל אין די אויגן גערעדט:

— כ׳האָב ליב קלוגע באַשעפעניש... בכלל האָב איך ליב אַל׳ דאָס לעבעדיקע, אַלצדינג! גיב נאָר אַ קוק — אַזוי ווי מענטשן, אמת? די אויגן, די פּיסקעס — אַלץ אַזוי קלוג, האַ? די הענט...

ער איז פּלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן, זיך איינגעהערט און געזאָגט:

— שטיי, דאָס זענען דאָך אונזערע! — ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן, און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעפירט צו אים אַ פריילן מיט אַ יונגן מענטש אין אַ לייכטן מאַנטל, און לוסטיק אויסגערופן:

— איר האָט געזאָגט — איר׳ט נישט קומען אַהער! ליגנער וואָס איר זענט! נו, פיין — דאָס איז מיין קוזין יעווסיי קלימקאָוו, איך האָב אייך שוין וועגן אים דערציילט. און דאָס איז — אָלאַ, אָלגאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ, און ער הייסט אַלעקסיי סטיעפּאַנאָוויטש מאַקאַראָוו.

קלימקאָוו האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אומבאַקוועם און שווייגנדיק געדריקט די בייע באַקאַנטע די הענט און געטראַכט:

— אָט, ער וועט שוין פאַרשיטן... לאָמיך גלייכער אַוועקגיין...

נאָר אַוועקצוגיין האָט זיך אים נישט געגלוסט, ער האָט זיך ווידער אומגעקוקט, דערוועקט פון דער מורא צו זעען עמעצן פון די חברים שפּיאָנען. קיינער איז נישט געווען.

— ער איז נישט קיין ריידעוודיקער בחור, — האָט יאַקאָוו געזאָגט צו דער פרײַלן — גאָרנישט קיין שׂנאָכקייט צו מיר, דעם זינדיקן — אַ שטילער...

— פאַר אונז איז נישטאָ וואָס צו קוועלן זיך, מיר זענען פּשוטע מענטשן! — האָט אָלגאַ געזאָגט. זי איז געווען העכער פון יעווסייען מיט אַ גאַנצן קאָפּ, די פּיל העלע האָר, געקעמט אַרויף, האָבן איר נאָך העכער געמאַכט. אויפן בלייכן, לענגלעכן פּנים האָבן רויק געשמייכלט אַ פּאָר בלוי - גרויע אויגן.

דער מענטש אינעם זומער-מאַנטל האָט געהאַט אַ קלוג און גוט פּנים, פאַרזשמורעטע אויגן, גרויסע אויערן, זיך פאַמעלעך באַוועגט און עפּעס באַזונדער זיכער באַוועגט ביים גיין זיין קענטיק שטאַרקן קערפּער.

— לאַנג וועלן מיר זיך נאָך אַזוי אַרומוואָגלען, ווי בעלי-תשובות? — האָט ער געפרעגט מיט אַ ווייכן באַס.

— וואָס דען זאָלן מיר טון? — האָט יאַקאָוו אויסגעשריגן.

— לאָמיר זיך ערגעץ דאָ אַוועקזעצן...

אָלגאַ האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, אַריינגעקוקט יעווסייען אין פּנים אַריין:

— איר זענט דאָ שוין אַמאָל געווען?

— ניין... ס'ערשטע מאָל...

— אינטערעסאַנט?

— יאָ... ס'געפעלט מיר.

זיי זענען געגאַנגען איינער לעבן אַנדערן, ער האָט זיך עפּעס באַמיט אויפצוהייבן העכער די פיס, און פון דעם איז אים געווען נישט באַקוועם צו גיין. זיי האָבן זיך געזעצט ביי אַ טישל, געבעטן ביר, יאַקאָוו האָט געקיבעצט און מאַקאַראָוו האָט שטיל אונטערגעפייפט, באַטראַכט דאָס פּובליקום מיט פאַרזשמורעטע אויגן.

— איר האָט עפּעס חברים? — האָט אָלגאַ געפרעגט.

— ניין... קיינעם נישט...

— איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז איר זענט אַן איינזאַמער מענטש! — האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל. — איינזאַמע מענטשן האָבן אַ באַזונדערן מין גאַנג... און בכלל וואַרפן זיי זיך אין די אויגן אַריין... ווי אַלט זענט איר?

— קנייפּע ניינצען...

— אָט, גיט אַ קוק — אַ שפּיאָן! — האָט מאַקאַראָוו שטיל אויסגערופן.

יעוסיי איז אויפגעשפּרונגען אויף די פיס, זיך האַסטיק צוריק אַנידערגעזעצט, אַ קוק געטון אויף אָלגאַן, געוואָלט פאַרשטיין, צי זי האָט באַמערקט זיין נישט ווילנדיקע דערשראָקענע באַוועגונג, און נישט געקאָנט פאַרשטיין. זי האָט שווייגנדיק און אויפמערקזאַם באַטראַכט מיעלניקאָווס פינסטערע געשטאַלט. דער אַגענט איז פּאַמעלעך און שווער פאַרבייגעגאַנגען אויפן וועג פאַרביי די טישן, און אָנבייגנדיק דעם האַלז, געקוקט אויף דער ערד, און די הענט זענען אים אַראָפּגעהאָנגען אויפן קערפּער, ווי אויסגעלענקטע.

— ער גייט, ווי יהודה איש - קריות אויפן אָשינע-בוים! — האָט יאַקאָוו נישט הויך געזאָגט.

— ר׳מוז זיין שיכור! — האָט מאַקאַראָוו באַמערקט.

— ניין, ער איז שטענדיק אַזוינער... — האָט יעוסיי שיער נישט געזאָגט און אַ צאַפּל געטון אויף דער שטול.

ווי אַ שוואַרצער שטיין, האָט זיך מיעלניקאָוו אַריינגעדרייט צווישן עולם מענטשן, וואָס האָט אים פאַרבאַהאַלטן אין זיין בונטן שטראָם.

— ׳ט באַמערקט, ווי ער איז געגאַנגען? — האָט אָלגאַ געפרעגט קלימקאָוון.

יעוסיי האָט שווייגנדיק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— אוודאי איז ער אַ נידערטרעכטיקער מענטש, נאַר, ווייזט אויס, אַן אומגליקלעכער און אַן איינזאַמער...

יעוסיי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אויפמערקזאַם און מיט דערוואַרטונג אויף איר אַ קוק געטון.

— איר ווייסט, איך מיין, אַז פאַר אַ שוואַכן מענטשן אי אײנזאַמקייט די שרעקלעכסטע זאַך אין דער וועלט — עס קאָן אים שטויסן צו אַלעמדינג.

— יאָ... — האָט קלימקאָוו שעפּטשענדיק געזאָגט, עפּעס זיך אָנגעשטויסן און דאַנקבאַר אַ קוק געטון דעם מיידל אין פּנים אַריין און הויך איבערגעחזרט: — יאָ!

— איך האָב אים געקענט מיט פיר יאָר צוריק! — האָט מאַקאַראָוו דערציילט. דאָס פּנים האָט זיך אים יעצט אויסגעצויגן און אויסגעטריקנט, ס'האָבן זיך אַרויסגעוויזן די ביינער, די אויגן האָבן זיך צעעפנט, פינסטער געוואָרן און האָבן געקוקט אין דער וויט. — ער האָט אויסגעגעבן אַ סטודענט, וואָס האָט אונז געגעבן ביכער צום לייענען, און אַן אַרבעטער טיכאָנאָוו. דעם סטודענט האָט מען פאַרשיקט און טיכאָנאָוו איז אַ יאָר צייט געזעסן אין תפיסה און געשטאָרבן פון טיפוס...

— איר האָט דען מורא פאַר שפּיאָנען? — האָט אָלגאַ פלוצלינג געפרעגט קלימקאָוון.

— פאַרוואָס? — האָט ער זיך טעמפּ אָפּגערופן.

— איר האָט אַ ציטער געטון, ווען איר האָט אים דערזען...

יעווסיי האָט זיך פעסט אַ רייב געטון דעם גאַרגל און' נישט קוקנדיק אויף איר, געענטפערט:

— דאָס איז — אַזוי... איך קען אים אויך...

— אהאַ - אַ! —האָט מאַקאַראָוו אויסגעצויגן און זיך צעלאַכט.

— איי, ס'אַראַ שטילינקער! — האָט יאַקאָוו אויסגעשריגן.

און אַלע האָבן זיך פעסט צענויפגעדריקט ארום קלימקאָוון, ווי געוואָלט אים באַהאַלטן פון עמעצנס אויגן.

ער האָט נישט פאַרשטאַנען זייערע אויסגעשרייען, באַוועגונגען און צערטלעכע בליקן און זיך באַמיט צו שווייגן, מורא געהאַט, אַז קענן זיין ווילן וועט ער נאָך זאָגן אַזעלכע ווערטער וואָס קאָנען מיטאַמאָל צעשטערן דעם צאַרטן, נאָר אָנגענעמען האַלבשלאָף פון די דאָזיקע מינוטן.

האַרבסטיקער אָוונט איז שטיל און צאַרט אונטערגעקומען; ווייך געמאַכט די קלאַנגען און די פאַרבן, אויפן הימל האָט געפלאַ

קערט דער זון-אונטערגאַנג, מעשענע טרומייטערס האָבן פאַרטראַכט און נישט - הויך געזונגען.

— אַט וואָס — האָט מאַקאַראָוו געזאָגט — בלייבן מ'ר דאָ, צי מיר גייען ווייטער?

— און וואָס וועט דאָ זיין? — האָט אָלגאַ געפרעגט.

— אַ כאָר מיט זינגער, אַ מענטש וועט גיין איבער אַ שטריק און נאָך אַזוינע בבא - מעשיות אין דעם שטייגער...

מ'האָט באַשלאָסן צו גיין אַהיים. אויפן וועג האָט אָלגאַ געפרעגט קלימקאָוון:

— און איר זענט שוין געזעסן אין תפיסה?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — נישט לאַנג...

זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין טראַמוויי, דערנאָך האָט זיך יעווסיי דערווישט אין אַ קליינעם צימער, באַקלעבט מיט בלויע טאַפּעטן — געווען דאָרט ענג, שטיקנדיק און אַמאָל אומעטיק, אַמאָל פריילעך. מאַקאַראָוו האָט געשפּילט אויף אַ גיטאַרע, געזונגען עפּעס אַזוינע נישט - געהערטע לידער, יאַקאָוו האָט דרייסט גערעדט וועגן אַלעם אויף דער וועלט, חוזק געמאַכט פון די רייכע, געזידלט נאַטשאַלסטוואָ, דערנאָך אָנגעהויבן צו טאַנצן, אָנגעפילט דעם צימער מיט אַ טופּעריי פון פיס, אַ געשוימל און פייפעריי. די גיטאַרע האָט געקלונגען, מאַקאַראָוו האָט דערמוטיקט יאַשאַן מיט גלייכווערטלעך און געשרייען:

— אַרבעט, יאַשאַ! עך, ווער עס קאָן זיך לוסטיק מאַכן, פאַר דעם טרעט אָפּ דער יאוש!

און אָלגאַ האָט געקוקט אויף אַלעם רויק און צופרידן און צייטנווייז געפרעגט קלימקאָוון, שמייכלענדיק צו אים:

— גוט?

פאַרשיכורט פון שטילער, אומבאַקאַנטער פאַר אים פרייד, האָט איר קלימקאָוו צוריק געענטפערט מיט אַ שמייכל. ער האָט פאַרגעסן וועגן זיך, נאָר זעלטן, סעקונדנווייז, האָט ער דערפילט אינערלעך אַזוינע בייזע שטעך, נאָר איידער דאָס באַוואוסטזיין

האָט באַוויזן זיי איבערצואַרבעטן אין אַ קלאָרן געדאַנק, זענען זיי נעלם געוואָרן, גאָרנישט דערמאַנט.

און נאָר שוין אינדערהיים האָט ער זיך דערמאַנט וועגן זיין דינסט, וועגן דעם, אַז ער איז פאַרפליכט איבערצוגעבן אָט די פריילעכע מענטשן צו זשאַנדאַרמען אין די הענט. ער האָט זיך דאָס דערמאַנט און, אַרומגעכאַפּט פון קאַלטן יאוש, איז ער צוגעשטאַנען... אַ שום זינען געבליבן שטיין אינמיטן צימער. ס'איז אים געוואָרן שווער צו עטעמען, ער האָט באַלעקט די ליפּן מיט דער טרוקענער צונג, גיך פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס גאַנצע אָנטון, געבליבן שטיין אין דער אונטערוועש, צוגעגאַנגען צום פענסטער און זיך אַנידערגעזעצט. פאַרביי עטלעכע מינוט פאַרשטאַרקייט, און דערנאָך האָט ער אַזוי געטראַכט:

— כ'וועל זיי אויסזאָגן... אי ר וועל איך זאָגן, אָלגאַן...

נאָר באַלד האָט זיך אים דערמאַנט דעם סטאָלערס בייז אין מיאוסנדיקער געשריי:

— עקלהאַפטע בריאה...

קלימקאָוו האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ביין.

— כ'וועל איר אָנשרייבן — היט זיך.. און וועגן זיך אַליין וועל איך אויך איר אָנשרייבן...

אָט דער געדאַנק האָט אים דערפרייט, נאָר אין אַ ווײלע אַרום האָט ער זיך באַלד געטראַכט:

— ביי דער רעוויזיע וועט מען געפינען מיין בריוו, דער־קענען דאָס כתב — און איך בין אַ פאַרלוירענער...

עמעץ האָט באַפעלעריש אין אים געקאָמאַנדעוועט:

— קאָנסט גאָרנישט טון פון זיך אַליין. טו דאָס, וואָס דו מוזסט...

כמעט ביז פאַרטאָג איז ער געזעסן ביים פענסטער; אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיין גאַנצער קערפּער קנייטשט זיך און ציט זיך צענויף אינעווייניק ווי אַ גומענע פּילקע, פון וועלכער ס'גייט אַרויס די לופט. אינעווייניק האָט נאָכאַנאַנד געזויגן ס'האַרץ אַן אומעט, פונדרויסן האָט געשטיקט די פינסטערניש, פול מיט עפּעס בייזע פנימער, און אינמיטן זיי, ווי אַ רויטע קויל, איז געשטאַנען

מאַשאַס בייז צאָרנדיק פּנים. קלימקאָוו האָט זיך צענויפגעדריקט, זיך אײַנגעבויגן און נישט געקאָנט טראַכטן. לסוף איז ער פאָרזיכטיק אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום בעט און אָן גערויש זיך באַהאַלטן אונטער דער קאָלדרע.

## XVI

און דאָס לעבן, ווי אַ פאַרעקשנט פערד, האָט פלוצלינג אָנגעהויבן משונהדיק אַרומצוטאַנצן, זיך נישט אונטערגעגעבן דער מי פון די מענטשן, וואָס האָבן עס געוואָלט ווייטער פירן אָנזיניק, בלינד און אַכזריותדיק, ווי זיי האָבן געפירט ביזאהער. יעדן אָוונט האָט מען אין אָכראַנע פאַרלוירן און שרעקעוודיק גערעדט וועגן די וואָסאַמאָל פרישערע סימנים פון דער אַלגעמיינער אויפרעגונג ביים פאָלק, וועגן דעם געהיימען פויערן-פאַריין, וואָס האָט באַשלאָסן מיט גע אַלט אָפּצונעמען ביי די פּריצים די ערד, וועגן די אַרבעטער-פאַרזאַמלונגען, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אָפן צו פאַרלייקענען די רעגירונג, וועגן דער קראַפט פון די רעוואָלוצ-אָנרען, וואָס איז אָפן געוואָקסן מיט יעדן טאָג. פיליפ פיליפּאָוויטש האָט נישט געשוויגן קיין רגע, געקראַצט די אַגענטן מיט זיין דין קעלכל, וואָס האָט געריצט די אויערן, באַשאָטן אַלעמען מיט טענות, אַז מע טוט גאָרנישט, יאַסנאָגורסקי האָט פאַראומערט געטשמאָקעט מיט די ליפּן און געבעטן, צודריקנדיק די הענט צו דער ברוסט:

— קינדער מיינע — סטאַרעט זיך! געדענקט — די דינסט פאַרן צאַר גייט נישט לאבוד!

נאָר אַז קראַסאַווין האָט אים פאַרכמורעט אַ פרעג געטון:

— וואָס-זשע דאַרף מען טון?

האָט ער אַ פאַך געטון מיט דער האַנט, משונהדיק צעשפּרייט דאָס טיפע, שוואַרצע מויל, לאַנג נישט געקאָנט זאָגן, און דערנאָך אַ געשריי געטון:

— כאַפּט זיי!

יעווסיי האָט געהערט, ווי דער אויסגעפּוצטער לעאָנטיעוו האָט טרוקן געהוסט און געזאָגט צו סאַשאַן:

— ווייזט מאַקע אויס, אַז אונזערע אַלטע מיטלען אין קאַמף קעגן דער קראַמאַלע טויגן נישט פאַר די טעג פון אַלגעמיינער משוגעת...

— יאָ־אָ, מיט שפּייען וועסטו קיין שרפה נישט פאַרלעשן! — האָט סאַשאַ שיפּענדיק געענטפערט, און דאָס פּנים האָט זיך אים פאַרקרימט אַ שמייכל געטון.

אַלע האָבן זיך באַקלאָגט, זיך געבייזערט, געשריגן; סאַשאַ האָט געשלעפּט זיינע לאַנגע פיס און חוזקדיק געשריגן:

— וואָ־אָס? די הערן רעוואָלוציאָנערן האָבן אויף אייך שוין זייער שליטה, אַהאַ!

ער האָט געלאַכט, אַלעמען געטרייצט מיט אָט דעם געלעכטער, און יעווסיי האָט אים נאָכגעקוקט, געפילט, אַז סאַשאַ האָט פאַר גאָר נישט קיין מורא און זיך באַמיט מער נישט צו הערן זיינע רייד.

די שפּיאָנען האָבן זיך אַרומגעוואָרפן טאָג און נאַכט, יעדן אָוונט געבראַכט אין אָכראַנע אריין לאַנגע ראַפּאָרטן וועגן זייערע נאָכשפּירונגען און נעבלהאַפט געריידט איינער צום אַנדערן:

— אַנישט דאַרף מען דען היינט אַווי? — כ־כע...

און ס'האָט אויסגעזען, אַז קיינער האָט נישט געוואוסט קיין מיטל, וואָס זאָל איינהאַלטן דעם סטיכישן וואוקס פון דער פאָלקס־אויפרעגונג.

— מ'וועט אונז אויסקעמען אונזערע קודלעס! — האָט פּיאָטר געזאָגט און געבראָכן די פינגער אַז זיי האָבן געקנאַקט.

— זיי וועלן אַראָפּרעכענען פאַרן געהאַלט, אויב מיר וועלן בלייבן לעבן — האָט אים סאָלאָוויאָוו פאַראומערט אָקאָמפּאַנירט. — וואָלטן זיי כאָטש געגעבן געהאַלט... זיי וועלן נישט געבן?..

— אַ פּעטלע אויפן האַלז, נישט קיין געהאַלט! — האָט מיעל־ניקאָוו טעמפּ געזאָגט.

אַלע זענען מיד געווען, זיך געפּלאָנטערט, אין אַלע האָט געפּלאַטערט די מורא פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, אַלע, סיי די שפּיאָנען, סיי די נאַטשאַלסטוואָ, זענען געוואָרן אַזוי וואָכעדיק־נאַקעט. די מענטשן, וואָס זענען ביז נישט לאַנג געווען ביי יעווסייען אין די אויגן שרעקלעך, אויסגעקומען ביי אים ווי די שטאַרקע באַלעבאַטים פונם גאַנצן לעבן, זענען יעצט אַרומגעלאָפן פון איין ווינקל אין אַנדערן אַריין און זיך געפּלאָנטערט איבער די גאַסן פון דער שטאָט, ווי פאַראַיאָריקע טרוקענע בלעטער

מיט פאַרוואונדערונג האָט ער געקוקט אויף אַנדערע מענטשן,— לוסטיקע, פּשוטע און מיט צוטרוי זענען זיי דרייסט געגאַנגען אין דער צוקונפט, זאָרגלאָז געטרעטן איבער אַלע שטערונגען און נעצן אויף זייער וועג, יעדער איז, ווי לויט זיך, געווען גוט און יעדער האָט קלאָר אָנגעטייט אויף נאָך בעסערס, ווי ער אַליין איז. ער האָט זיי פאַרגליכן מיט די שפּיאָנען, וואָס זענען אָן חשק, מיד און געהיים אַרומגעקראָכן איבער די גאַסן און די הייזער, ביינאַכט געהיים געכאַפּט אָט די מענטשן, כדי זיי צו באַהאַלטן אין די תפיסות, און ער האָט קלאָר געזעען, אַז אָט די שפּיאָנען פאַרשטייען נישט זייער זאַך, גלייבן נישט, אַז די זאַך איז נייטיק צום לעבן און טראַכטן נישט, וואוהין זיי גייען אַזוי אָנווילנדיק און פון געזונהייטסוועגן האַלבקראַנקע, האַלבשיכורע, געיאָגט פון פאַרשידענע שרעקן...

אים איז געפעלן אַלגאַס רויקער טאָן פון רעדן, אירע גרויבלויע אויגן און אָט דער לעבעדיקער, געזונטער צער אויף מענטשן, וואָס האָט געקלונגען אין יעדן וואָרט אירס. ס'איז אים געפעלן דער רוישיקער, לעצעוואַטער, אַביסל באַרימערישער פלאַפּלער יאַקאָוו, דער זיכערער אַלעקסיי, וואָס איז גוטמוטיק גרייט אַוועקצוגעבן זיין לעצטן גראָשן און לעצט העמד דעם ערשטן, וואָס וועט עס בעטן. ער האָט וואָסאַמאָל מער באַגעגנט פרישע מענטשן פאַר אים, געפילט אין יעדן דעם גלויבן אין נצחון פון זיין טרוים— און יעווסיי האָט זיך אַליין, נישט ווילנדיק, אומבאַמערקט פאַר זיך אונטערגעגעבן אָט דעם גלויבן.

זײ האָט געזעען דעם גיכן צעפאַל פון דעם כוח, װעלכן ער האָט הכנעהדיק געדינט ביז צו יענע טעג און אָנגעהויבן זוכן פאַר זיך אַן אויסװעג, װי אַזוי ער זאָל קאָנען אַרומגײן, אויסמײדן די בויטװענדיקייט פון פאַרראַט. ער האָט אַזוי געטראַכט:

— אויב איך װעל אָנהײבן צו זײ אַרײנצוקומען, װעל איך זײ נישט קאָנען אויסגעבן. איבערגעבן עס אַן אַנדערן — איז נאָך ערגער. מען דאַרף זײ אויסזאָגן... יעצט װערן זײ שטאַרקער, מיט זײ װעט מיר זײן בעסער...

און, צוגעצויגן דורך אָט די נײַע פאַר אים מענטשן, האָט ער אַלץ עפטער באַזוכט יאַקאָװן, אַלץ עקשנותדיקער געזוכט זיך צו באַגעגענען מיט אָלגאַן, און נאָך יעדער באַגעגעניש מיט זײ האָט ער מיט אַ שטיל קול געענוי דערצײלט סאַשאַן װעגן דעם, װאָס זײ האָבן גערעדט, װאָס זײ לײענען און טראַכטן צו טון. און ס'איז אים געװען אָנגענעם צו רעדן װעגן זײ, ער האָט איבערגע־הערט זײערע רייד מיט אַ שטילער צופרידנקייט.

— ע, לײמענער גולם! — האָט סאַשאַ געשיפּעט, בײז און חוזק־דיק באַװאָרפן קלימקאָװן מיט די טונקעלע אויגן. — דו שטופּ זײ פאָרױס, אויב זײ קאָנען זיך נישט אָנשטויסן... פּרוביר, גיב זײ אַן אָנצוהערעניש, אַז אַזוי און אַזוי — כ'קאָן באַקומען שריפט, אויף אײנצואָרדענען אַ דרוקערײ... נישט שוין • זשע קאָנסטו עס נישט טון?

יעװסײ האָט געשװיגן.

— מען פרעגט דאָך דיך, אידיאָט! קאָנסט עס טון, יאָ? כ'קאָן...

— טאָ װאָס • זשע בלעקעסטו מיט דער צונג? מאָרגן זאָלס־טו זײ פאָרלײגן! הערסט?

— גוט...

קלימקאָװן איז לײכט אָנגעקומען צו דערפילן סאַשאַס באַ־פעל — װען ער האָט אים אָפּגעגעבן אַ באַריכט װעגן יאַקאָװס קרײזל, האָט ער זיך נישט געװעגט צו זאָגן, אַז סײ יאַקאָװ, סײ אָלגאַ האָבן אים שוין צװײ מאָל פאָרזיכטיק אַ פרעג געטון, צי ער קאָן

נישט שאַפן קיין שריפט, און ביידע מאָל האָט ער זיי געענטפערט מיט שטילשווייגן.

אויפצומאָרגנס אין אָוונט איז ער געגאַנגען צו אָלגאַן און געטראָגן אין האַרצן די פינסטערע הוילקייט, וואָס האָט אים אַלע-מאָל, אין מאָמענטן פון אָנשטרענגונג, באַהערשט. דער באַ-שלוס צו דערפילן די אויפגאַבע איז אין אים אַריינגעלייגט גע-וואָרן מיט אַ פרעמדן ווילן און מען האָט נישט געדאַרפט טראַכטן וועגן אים. דער דאָזיקער באַשלוס איז זיך צעקראָכן, זיך אַרויס-געוואָקסן אין אים און אַרויסגעשטופט אַלע שרעקן, ספקות, סימ-פּאַטיעס.

נאָר אַז אין קליינעם, אָרעם-באַלויכטענעם צימערל האָט זיך פאַר אים געשטעלט אָלגאַס הויכע פיגור, און הינטער איר האָט ער אויף דער וואַנט דערזען דעם גרויסן שאָטן, וואָס איז אים שטיל אַנטקייגנגעגאַנגען, האָט ער זיך פאַרלוירן, פאַראומערט גע-וואָרן און שווייגנדיק געבליבן שטיין אין דער טיר.

— און איך בין נאָר - וואָס געקומען פון דער פאַבריק — האָט אָלגאַ געזאָגט, דריקנדיק אים די האַנט. — ווידער היינט גע-ווען ביי אונז אַ מיטינג... וואָס איז אייך? פאַרמאַטערט? נישט געזונט? קומט אַריין, זעצט זיך... מ׳וועט טרינקען טיי, גוט?

זי האָט אויפגעדרייט דעם קנויט אין דער לאָמפּ, אַ קוק גע-טון מיט אַ שמייכל אויף קלימקאָוון און צוגרייטנדיק די גלעזער, ווייטער גערעדט:

— כ׳האָב ליב מיט אייך צוזאַמען צו טרינקען טיי... איך אַליין און אַלע חברים האָבן אַ טבע אַ סך צו רעדן... מע מוז רעדן אַזוי פיל, אַז נישטאָ קיין צייט כמעט אויף צו טראַכטן!.. דאָס איז קאָמיש און נישט גוט, אָבער — ס׳איז אמת... און אָט, אַז מע דערזעט אַ שווייגנדיקן, טראַכטנדיקן מענטשן — איז אָנגענעם... איר ווילט אויסטרינקען אַ גלעזל מילך? ס׳איז פאַר אייך נייטיק, איר ווערט וואָסאַמאָל דאַרער, דאַכט זיך...

קלימקאָוו האָט שווייגנדיק גענומען די גלאָז און פאַמעלעך אויסגעטרונקען די שיטערע, נישט געשמאַקע מילך. ער האָט גע-וואָלט וואָס גיכער ענדיקן דעם ענין.

— הערט — איר האָט געזאָגט, אַז אייך איז גייטיק שריפט.

— כ'האָב געזאָגט! און איך בין זיכער, אַז איר וועט אונז שאַפן.

זי האָט געזאָגט אָט די ווערטער פשוט, מיט זיכערקייט, און גלייך ווי דערמיט אַ קלאַפּ געטון יעוסייען. מבולבל, האָט ער זיך אָנגעבויגן אויף דעם שטול-ווענטל און נישט מיטאַמאָל טעמפּ געפרעגט:

— פונוואַנען ווייסט איר?

— ווייל איר האָט דעמאָלט געענטפערט נישט יאָ, נישט ניין — הייסט עס, האָב איך זיך געטראַכט, אַז איר וועט זיכער זאָגן — יאָ!

יעוסיי האָט נישט פאַרשטאַנען, זיך באַמיט אויסצומיידן אירע בליקן און ווידער געפרעגט:

— פאַרוואָס?

— זאָל זיין דערפאַר, אַז איך האַלט אייך פאַר אַ גוטן מענטש, איך געטרוי אייך...

— מע דאַרף נישט געטרויען! — האָט יעוסיי געזאָגט.

— נו, הערט אויף. מע דאַרף יאָ.

— און... אַז איר וועט זיך טועה זיין?

זי האָט געקוועטשט מיט די אַקסלען.

— נו, מאַ...

דערנאָך, נאָך אַ פּויזע, האָט זי רויק צוגעגעבן:

— נישט געטרויען אַ מענטשן, נישט אַכטן אים, באַלד טראַכטן וועגן אים אַז ער איז אַ ליגנער, אַ נאַר — ווי קאָן מען עס?

— מע דאַרף אַזוי! — האָט יעוסיי ארויסגעברומט.

— וואָס? — האָט ס'מיידל געפרעגט.

— איך קאָן געבן שריפט, — האָט ער געענטפערט און אָפּגעזיפצט. זיין אויפגאַבע איז געווען געענדיקט. עטלעכע מינוט האָט ער געשוויגן, אָנגעבויגן דעם קאָפּ און צונויפגעקוועטשט צווישן די קני די פעסט-צענויפגעדריקטע הענט, פאַרדעכטיק זיך צוגעהערט צום גיכן קלאַפּן פון האַרצן.

אָלגאַ האָט זיך אָנגעלענט אָן טיש מיט די עלנבויגנס און שטיל גערעדט וועגן דעם, ווען און וואוּהין מע דאַרף איבערפירן דאָס, וואָס ער האָט יעצט צוגעזאָגט. ער האָט זיך פאַרגעדענקט אירע ווערטער און זיי איבערגעחזרט פאַר זיך, געוואָלט שטערן מיט אָט דעם איבערחזרן דעם וואוקס פונם נאָגנדיקן געפיל אין הוילן האַרץ. יעצט, ווען ער האָט דערפילט זיין דינסט - פליכט, האָט זיך פון אָפגרונט פון זיין נשמה פאַמעלעך אָנגעהויבן זיך אויפצוהייבן אַ שטיקנדיקע נישט - גוטיקייט, האָט זיך פייניקנדיק אַ שאָט געטון דאָס דאָזיקע פיינלעכע געפיל, וואָס האָט אים נאָך מער געשפּאָלטן אויף צווייען.

— איר באַמערקט — האָט דאָס מיידל שטיל גערעדט — ווי גיך ס'ענדערן זיך די מענטשן, ווי אין אַלעמען וואַקסט דער צוטרוי פון איינעם צום אַנדערן, ווי גיך מענטשן באַקענען זיך? אַלע זוכן פריינט, געפינען זיי, אַלע זענען געוואָרן פשוט, צוטרויִלעך, עפענען די נשמה. זעט, ווי גוט דאָס איז!

אירע ווערטער האָט געפלאַטערט איבער אים, ווי זומערפייגעלעך, יעדעס וואָרט האָט געהאַט זיין פּנים און פיגור, ס'האָט אויסגעזען, אַז אַלע האָבן זיי געשמייכלט, פשוטע, צערטלעכע, פריידיקע. קלימקאָוו האָט זיך נישט געוועגט איר אַ קוק צו טון אין פּנים אַריין, דורכן אַקסל געקוקט אויף איר שאָטן אויף דער וואַנט און אין געדאַנק זיך אָנגעצייכנט אין שאָטן אירע בלויע אויגן, דאָס קליינע מויל מיט די בלאַסע ליפּן, דאָס מידע, ערנסטע, נאָר ווייך און גוט פּנים.

— זאָל איך איר זאָגן יעצט, אַז דאָס איז אַ בעק, כּדי זיי אומגליקלעך צו מאַכן? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט.

און געענטפערט:

— ער וועט אַרויסטרייבן. אָנזידלען און אַרויסטרייבן.

— זימינען, אַ סטאָלער, קענט איר נישט אַמאָל? — האָט ער פלוצלינג געפרעגט.

— ניין. וואָס אי׳ דען?

יעווסיי האָט שווער אָפגעזיפצט.

— אַזוי, גלאַט... אויך אַ וואוילער מענטש. אַ סאָציאַליסט...

— מיר זענען אַ סך! — האָט אַלגאַ ז׳כער באַמערקט.

— ווען זי וואָלט אים געקענט, — האָט קלימקאָוו פאַמעלעך געטראַכט, — וואָלט איך איר געהייסן, אַז זי זאָל זיך ביי אים אָנפרעגן וועגן מיר... דעמאָלט וואָלט...

אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די שטול לאָזט זיך אונטער אים אַראָפּ און אַז די נישט-גוטיקייט וועט אים פאַרשלאָגן דעם גאָרגל. ער האָט אָפּגעהוסט, באַטראַכט דעם צימער און ווידער האָט עס אים אָנגענומען ביים האַרצן — אַזוי ריין, אַזוי בלייך און אַזוי קליין איז עס געווען. אין פענסטער האָט אַריינגעקוקט די לבנה, אַ קיילעכדיקע, ווי יאַקאָווס פּנים, און דאָס פייער פון דער לאָמפּ האָט אויסגעזעען צו זיין איבעריק.

— אַלץ מער מענטשן ווערן געבוירן, וואָס האַלטן זיך פאַר באַרופן דורכן גורל אויפצובויען דאָס לעבן אַנדערש, אויף אמת, אויף שכל — האָט אַלגאַ דערציילט, טרוימעריש און פּשוט.

און יעווסיי האָט זיך אַלץ מער אונטערגעגעבן דער מאַכט פונם זיגערישן געפיל, וועלכעס האָט אין אים אַריינגעגעבן דאָס מיידל און איר שטילע, ענגע וואוינונג. ער האָט געטראַכט:

— כ׳וועל אויסלעשן די לאָמפּ, וועל זיך שטעלן פאַר איר אויף די קני, וועל איר אַרומנעמען און וועל אַלץ דערציילן... און זי וועט מיר געבן אַ קאָפּ מיטן פוס...

נאָר עס האָט עס נישט געקאָנט. ער האָט זיך שווער אויפגעהויבן פון דער שטול, אויסגעצויגן די האַנט צום לאָמפּ, די האַנט האָט זיך אים שאָקלענדיק אַראָפּגעלאָזט, די פיס האָבן אויפגעצוקט, ער האָט זיך אַ וואַקל געטון.

— וואָס טוט איר! — האָט אַלגאַ אויסגערופן.

ער האָט געוואָלט ע-טפערן, נאָר שטיל זיך צעוואָיעט און אָנגעהויבן צו כאַפּן איר קלייד מיט ציטערנדיקע הענט. זי האָט אים פאַרהאַלטן דעם שטערן מיט אַ הייסער האַנט, מיט דער אַנדערער אים אָנגענומען פאַרן אַקסל, מיט אַ גיכער באַוועגונג באַהאַלטן די פיס אונטער דער שטול און שטרענג געזאָגט:

— ניין, ניין — שטעלט זיך אויף! — אַ-אי, ווי דאָס איז נישט גוט... ליבינקער מיינער — איך פאַרשטיי, איר זענט מיד,

איך האָב אויף אייך רחמנות, איר זענט אַ וואוילער בחור... כ'קאָן נישט... איך בעט דאָך נישט קיין רחמנות... נו, שטעלט אייך שוין אויף...

די וואַרעמקייט פון איר שטאַרקן קערפּער האָט געוועקט אין אים אַ שאַרף, עראָטיש געפיל, און אירע הענט - באַוועגונגען האָט ער צוגענומען, ווי אויפרעגנדיקע צערטלעכקייטן...

— נישט קיין הייליקע! — האָט ביי אים אַ פינקל געטון אין מוח, און ער האָט נאָך פעסטער געדריקט אירע קני.

— איך זאָג אייך — שטייט אויף! — האָט זי נישט הויך אויסגעשריגן, שוין נישט געוואָלט איבערצייגן, נאָר באַפוילן.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, נישט באַוויזן גאָרנישט צו זאָגן — דאָס מיידל האָט אים צעפלאָנטערט אַלע זיינע פאַרלאַנגען, אַלע ווערטער, געפילן, אַריינגעלייגט אים אין ברוסט עפעס באַליידיקנדיקס, עפעס שאַרפס...

— פאַרשטייט איר... האָט ער אָנגעהויבן צו מורמלען, צעפירט מיט די הענט.

— יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי... גאָט מיינער! אַלעמאָל איז דאָס אַ שטערונג אויפן וועג! — האָט זי אויסגערופן, אים אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין און שטרענג געזאָגט: — ס'איז מיר דערעסן געוואָרן... ס'באַליידיקט מיך — כ'קאָן דאָך נישט פאַר אַלעמען זיין בלויז אַ פרוי!... אָך, מיינע הערן, ווי אַלע זענט איר אַזוינע, אָרעמע...

זי האָט זיך אַנידערגעשטעלט ביים פענסטער, צווישן איר און יעווסייען איז געשטאַנען דער טיש. אַ מוטנע און קאַלט מבולבלדיקייט האָט אַרומגענומען זיין האַרץ, אַ באַליידיקנדיקע שעמעוודיקייט האָט אים שטיל געבריט.

— אָט וואָס — איר זאָלט שוין מער צו מיר נישט קומען... איך בעט אייך... מיר וועט זיין נישט אָנגענעם מיט אייך, און אייך אויך... זייט מוחל...

יעווסיי האָט גענומען דאָס היטל, אַרויפגעוואָרפן אויף ד' אַקסלען דעם פאַלטאָ און איינגעבויגן אַוועק.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער געזעסן אויף אַ באַנק בײַם טויער פון עפּעס אַ הויז, און ווי אַ שיכורער, געמורמלט, קינסטלעך זיך אָנגעשטרענגט:

— נבלה...

ער האָט זיך דערמאַנט אַלע מיאוסטע רייד וועגן פרויען, אַלע געמיינסטע זידל־ווערטער און מיט זיי באַדעקט אַלגאָס הויך געשטאַלט, געוואָלט זי איינגאַנצן באַשפּריצן מיט שמוץ, פאַרשטעלן איר פון קאָפּ ביז די פיס, מען זאָל איר נישט אַרויסזען דאָס פּנים און די אויגן. נאָר די זידל־ווערטער זענען צו איר נישט צוגעשטאַנען, זי איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן און אויסגעצויגן די הענט, אָפּגעשטויסן אים — אַזאַ רויקע און אַזאַ ווייסע. איר געשטאַלט האָט אָפּגענומען ביי די זידל־ווערטער זייער כּוח, און כאָטש יעווסיי האָט אין זיך צו־להכעיס געוועקט כּעס, האָט ער דאָך נאָר געפילט צער.

ער האָט לאַנג געקוקט אויף דער קיילעכדיקער איינזאַמער קויל פון דער לבנה — זי האָט זיך היפּערדיק באַוועגט אויפן הימל; ס'האָט אויסגעזעען, אַז זי שפּרינגט, ווי אַ גרויסער קיילעכדיקער באַלעם, און ער האָט געהערט דעם שטילן קלאַנג פון איר באַוועגונג, ענלעך צו די קלעפּ פון זיין אייגן האַרץ.

ער האָט נישט ליב געהאַט דעם דאָזיקן בלייכן, אומעטיקן באַלעם, וואָס האָט אַלעמאָל, אין די שווערע מינוטן פון זיין לעבן, אים נאָכגעקוקט מיט אַזאַ קאַלטער געזעצטקייט. ס'איז געווען שפּעט, נאָר די שטאָט איז נאָך נישט געשלאָפן, פון אומעטום האָבן זיך געטראָגן פאַרשידענע קלאַנגען.

— אַמאָל זענען די נעכט געווען רויקע — האָט יעווסיי געטראַכט און איז אַוועק ווייטער, נישט אָנגעטון דעם פּאַלטן אויף די אַרבל און אַראָפּגערוקט ס'היטל אויפן קאַרק.

— נו, גוט... וואַרט צו! — האָט ער געטראַכט, זיך אָנטועניק אַ כּוח, און לסוף באַשלאָסן: — כ'וועל זיי אויסגעבן און בעטן פאַר אַ באַלוינונג, אַז מען זאָל מיך איבערפירן אין אַן אַנדער שטאָט — מער נישט...

ער האָט זיך אָן חשק איבערגעגעבן דעם פאַרלאַנג נקמה צו נעמען אָן אָלגאַן, און מיט גרויסער אָנשטרענגונג פאַרשטאַרקט דעם דאָזיקן פאַרלאַנג. נאָר פונדעסטוועגן האָט עס אים איבערגעדעקט דאָס האַרץ מיט אַ דין וועגטל, זיך כסדר געריסן, און פון אונטער אים איז אומגעריכט אַפּער אַ נישט שטאַרקע, נאָר אומרויִקע שטרעבונג צו זען דאָס מיידל נאָכאַמאָל, שווייגנדיק אויסהערן אירע רייד, זיצן ביי איר אין צימער. ער האָט עס געלאָשן טיט צולהכעיסדיקע געדאַנקען אויף צו דערנידעריקן אָלגאַן.

— ווען איך זאָל האָבן אַ סך געלט — וואָלסטו אַ נאַקעטע פאַר מיר געטאַנצט! איך קען אייך, בלאַטע נקבות!..

און צו זיך אַליין גערעדט מיט ביטערניש:

— ׳סט זי נישט באַשפּייען... ׳סט זי נישט קריגן...

ער האָט געוואָלט אַז דאָס אַז יענץ, און נישט דאָס, נישט יענץ איז געווען פאַר אים דערגרייכבאַר. אין מער רויִקע מינוטן האָט ער דאָס פאַרשטאַנען און, ווי דערשטיקט, איז ער אַנשלאָפן געוואָרן מיט אַ קאָשמאַרנעם שלאָף.

נאָר ער האָט געניי אויסגעפירט זיין אַרבעט: נאָך דריי מאָל האָט ער שוין איבערגעגעבן מאַקאַראָוון עטלעכע שווערע פּעקלעך שריפט, זיך פּלינק דערוואוסט וועגן דער דירה, וואו די דרוקעריי וועט ווערן איינגעאָרדנט און איז זוכה געווען צו באַקומען פון סאַשאַן אַן עפנטלעכן לויב:

— אַ וואוילער בחור! יעצט האָבן מיר אין די הענט זעקס שטיק... גאַנץ נישקשה, קלימקאָוו! וועסט באַקומען אַ באַלוינונג...

יעווסיי האָט זיך צו אָט דעם שבח באַצויגן גאַנץ גלייכגילטיק, און ווען סאַשאַ איז אַוועק, האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן אַריין מאַקלאַקאָווס שאַרף, דאַר - געוואָרן פּנים — דער שפּיאָן איז געזעסן אין אַ פינסטערן ווינקל פון צימער אויפן דיוואַן, געקוקט פון דאַנען אויף יעווסייען, געדרייט זיך די וואָנסעס, אַ פאַרכמורעטער, אַ בייזער. אין זיין בליק איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט יעווסייען פאַרטשעפּעט. ער האָט זיך אָפּגעווענדט אָן אַ זייט.

— קלימקאָוו, קום אַהער! — האָט אים דער שפּיאָן אַ רוף געטון.

קלימקאָוו איז צוגעגאַנגען, זיך געזעצט לעבן אים.

— ס'איז אמת, אַז ביסט אויס אַן אייגענעם ברודער? — האָט מאַקלאַקאָוו נישט הויך געפרעגט.

— אַ געשוועסטערקינד... — האָט יעווסיי געזאָגט.

— און... ס'איז דיר נישט קיין שאָד?

— ניין...

און ער האָט זיך דערמאָנט אָן אַ פראַזע, וואָס נאַטשאַלסטוואָ האָט אַמאָל גערעדט, און שטיל און בייז איבערגעחזרט:

— ביי אונז, ווי ביי זעלנער, איז נישטאָ קיין מאַמע, קיין טאַטע, קיין ברידער, נאָר בלויז שונאים פון צאַר און פון פאָטער־לאַנד...

— נו, פאַרשטייט זיך! — האָט מאַקלאַקאָוו געזאָגט און זיך צעלאַכט.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך געזאָגט:

— און באמת — ביסט אַ... כוואַט!

לויטן קול און לויטן געלעכטער האָט קלימקאָוו דערקענט, אַז דער שפּיאָן מאַכט פון אים חוזק. ער האָט זיך באַליידיקט.

— אפשר איז ער מיר טאַקע אַ שאָד...

— יאָ?...

— נאָר אויב איך מוז דינען געטריי און ערלעך...

— אוודאי... איך צווייפל דאָך אין דעם גאָרנישט, נאַר!

דערנאָך האָט ער פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און געפרעגט יעווסייען:

— וואָס זיצסטו עפּעס דאָ?

— אַזוי, גלאַט... כ'האָב נישט וואָס צו טון...

מאַקלאַקאָוו האָט אים אַ קלאַפּ געטון איבער דער קני און פּלוצלינג געזאָגט:

— אַן אומגליקלעכער מענטש ביסטו, ברודער!

יעווסיי האָט זיך אויפגעהויבן.

— טימאָפיי וואַסיליעוויטש... — האָט ער מיט אַ ציטערנ־דיק קול אַרויסגערעדט.

— וואָס אי׳?

— זאָגט מיר...

— וואָס זאָל איך זאָגן?

— כ׳ווייס נישט...

— נו, ווייס איך אויך נישט.

קלימקאָוו האָט שעפּטשענדיק אַרויסגעמורמלט:

— ס׳איז מיר אַ שאָד דער ברודער... און נאָך דאָרט אַ מיידל... און זיי אַלע... זענען בעסער פון אונז, כ׳זאָל אַזוי לעבן! באמונות, זיי זענען בעסער!

דער שפּיאָן האָט זיך אויך אויפגעשטעלט אויף די פיס, זיך אויסגעצויגן, און שפּאַנענדיק צו דער טיר, קאַלט אַרויס־גערעדט:

— גיי צו אַל׳די רוחות...

יעווסיי איז געבליבן אליין.

— נו, אָט! — האָט ער זיך געטראַכט. — נאַדיר נאָך... אַלע זענען זיי אַזוי — זיי פאַרנאַרן און דערנאָך שטויסן זיי אָפּ...

דאָס געפיל פון נקמה צו אַלגאַן האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך צענויפגעגאָסן מיט דער ביטערגיש קעגן אַלע מענטשן, און אָט די ביטערניש האָט געהאַט אַ סך שפּייז אין דער נשמה, וואָס איז מאַכטלאָז געווען זיך איר אַקעגנצושטעלן, דער פאַרסמטער מיט אַזוי פיל באַליידיקונגען. יעווסיי האָט זיך פעסט איינגעוויקלט אין דער נעץ פון פרישער שטימונג און האָט זיך גענומען צו זיין דינסט מיט אַ טעמפּן אייפער, וואָס ער האָט פריער נישט געקענט.

## XVII

אומבאַמערקט איז אָנגעקומען די נאַכט, ווען עס איז באַ־שלאָסן געווארן צו אַרעסטירן אַלגאַן, יאַקאָוון און אַלעמען, וועד

ס'האָט געהאַט אַ שייכות צו דער דרוקעריי, וועמען יעווסיי האָט באַוויזן נאָכצושפּירן. ער האָט געוואוסט, אַז די דרוקעריי געפינט זיך אין גאָרטן, אין דעם ווינקל-הויז, אַז אין איר וואוינט שוין היינט אַ גרויסער, געלבערדיקער מענטש קאָסטיאַ מיט אַ ווייב, אַ געשטופּלטער און אַ גראָבער, און אַז ביי זיי וואוינט פּאַר אַ דינסט אָלגאַ. קאָסטיאַ האָט געהאַט אַ גלאַט-געשוירענעם קאָפּ, און דאָס ווייב זיינס האָט געהאַט אַ אַש-גרוי פּנים און בלאָנדזשענדיקע אויגן. זיי זענען יעווסייען אויסגעקומען ווי נישט איינגאַנצן נאָרמאַלע מענטשן, גלייך ווי זיי וואָלטן לאַנג געהאַט געלעגן אין שפּיטאָל.

— ס'אַרא שרעקלעכע זיי זענען! — האָט ער באַמערקט, ווען יאַקאָוו האָט אים אָנגעוויזן אָט די מענטשן אויף אַ סעודה ביי מאַקאַראָוון אויף דער דירה.

יאַקאָוו האָט ליב געהאַט זיך צו רימען מיט זיינע באַקאַנטשאַפטן. ער האָט שטאָלץ אַ שאָקל געטון מיטן געקרייזלטן קאָפּ און מיט אַן ערנסטער מינע דערציילט:

— פון זייער שווערן לעבן! זיי אַרבעטן אין קעלערס, ביינאַכט, פּייכט, נישטאָ קיין לופט. זיי רוען זיך אָפּ — אין תפיסה. זיי זענען אַנטלאָפענע ביידע, לעבן אויף פרעמדע פּעסער — נישט יעדער קאָן עס אויסטון. לוסטיקע מענטשן. קאָסטיאַ, אַז ער הייבט אָן צו דערציילן וועגן זיין לעבן — ווייזן זיך אַלעמען טרערן אויף די אויגן, און ער רעדט אַזוי, אַז אַלעמען טוען ווי די זייטן פון לאַכן. אַזוינע מענטשן וועסטו נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט.

קלימקאָוו האָט געוואָלט דאָס לעצטע מאָל אַ קוק טון אויף אָלגאַן. ער האָט זיך דערוואוסט, דורך וועלכע גאַסן מ'וועט אַדורכפירן די אַרעסטירטע אין תפיסה אַריין און איז זיי אַוועק אַנטקעגן' זיך באַמיט אַליין איבערצוצייגן, אַז דאָס אַלץ רירט אים נישט און געטראַכט וועגן דעם מיידל:

— ז'וועט זיך זיכער איבערשרעקן. ז'וועט וויינען...

ער איז געגאַנגען, ווי אַלעמאָל זיך געהאַלטן אין שאָטן, עטלעכע מאָל געפּרוווט זאָרגלאָז אַ פייף טון און נישט געקאָנט אָפּשטעלן דעם שטראָם זכרונות וועגן אָלגאַן — געזען איר רויק

פנים, די לייטזעליקע אויגן, געהערט דעם אביסל אָפּגעריסענעם קול, געדענקט אירע ווערטער...

— אומזיסט רעדט איר אַזוי שלעכט וועגן מענטשן, קלימקאָוו. צי קאָן מען דען אייך גאָרנישט איבערצייגן? ווען אַלע מענטשן זאָלן אַזוי רעדן — ס'איז מיר שווער צו לעבן דערפאַר, וואָס אַלע זענען נידערטרעכטיקע מענטשן — דאָס איז דאָך קאָמיש. איר פאַרשטייט? שעמט זיך אַליין זייער הויך, נאָר דערנידעריקט נישט קיין אַנדערע. וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר דערויף?

הערנדיק זי, האָט ער אַלעמאָל געפילט, אַז זי איז גערעכט. יעצט האָט ער אויך נישט געהאַט קיין גרונט צו צווייפלען אין דעם, נאָר ער האָט געהאַט אַ נאָקעטן פאַרלאַנג צו זען זי אַ דערשראָקענע, אַ נעבעכדיקע, אַ פאַרטראַכטע.

פונדערווייטנס האָבן אויף די שטיינער געקנאַקט די רעדער פון אַ דראָזשקע, פאָדקאָוועס האָבן אַ קלאַפּ געטון, יעווסיי האָט זיך צוגעדריקט צו אַ טויער פון עפּעס אַ הויז און געוואַרט. פאַרביי אים איז אַדורכגעפאָרן אַ קעטשל, ער האָט גלייכגילטיק אויף איר אַ קוק געטון, דערזען צוויי פאַרכמורעטע פנימער, דעם קוטשערס גרויע באָרד, דעם פּאָליציאַנטס גרויסע וואָנסעס גלייך מיט איר.

— דאָס איז עס איינגאַנצן! — האָט ער אַ טראַכט געטון — נישט אויסגעקומען זי צו זען...

נאָר אויפן ראָג פון דער גאַס איז ווידער געפאָרן אַ קאָטשזי האָט זיך געשאָקלט גיך, מ'האָט געהערט די קלעפּ פון דער בייטש אויפן פערדישן לייב און זיין מיד סאָפּען. יעווסיי האָט געהערט די קלאַנגען, אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זענען אומבאַוועגלעך געבליבן הענגען אין דער לופטן און וועלן שוין בלייבן הענגען אַזוי שטענדיק.

הילנדיק זיך אין אַ טוך, איז אין קעטשל געזעסן אָלגאַ צוזאַמען מיט אַ יונגן זשאַנדאַרם, און אויפן קאָזשאָל, ביים דראָזשקעי האָט פון דער זייט אַרויסגעשטעקט אַ גאָראָדאָוואָי. ס'האָט אַ פינקל געטון אַ באַקאַנט, ווייס און גוט פנים. יעווסיי האָט גיכער דערפילט, ווי געזען, אַז אָלגאַ איז איינגאַנצן רויק, גאָרנישט דערשראָקן. ער האָט, אַליין נישט ווייסנדיק פאַרוואָס, זיך דערפרייט,

און גלייך ווי ער וואָלט געענטפערט דעם, מיט וועלכן ער האָט אין זיך געשמועסט, האָט ער אין געדאַנק געזאָגט

— זי וועט נישט וויינען!

ער האָט פאַרדעקט די אויגן, אַ שמייכל געטון, איז געשטאַנען נאָך אַ שטיקל צייט, דערנאָך דערהערט טריט, אַ געקלאַנג פון שפּאָרן, פאַרשטאַנען, אַז דאָס פירט מען די אַרעסטירטע מאַנס. ייט זיך אַ ריס געטון פון אָרט, באַמיט נישט צו טופען מיט די פיס, און גיך אַ לויף געטון איבער דער גאַס, זיך פאַרקירעוועט אין אַ ראָג און אַזוי לויפנדיק, פאַרמאַטערט און באַגאָסן מיט שווייס, איז ער אַהיימגעקומען.

אויפן אַנדערן טאָג אין אָוונט האָט פיליפּ פיליפּאָוויטש, באַגיסנדיק אים מיט בלויע שטראַלן, געריידט מיט אַ זיגערישן טאָן און נאָך דינער ווי אַלעמאָל:

— כ׳באַגריס דיך, קלימקאָוו, מיט דיין דערפאָלג און ווינטש דיר, אַז אָט דער דערפאָלג זאָל זיין די ערשטע רינג אין אַ לאַנגער קייט פון דערפאָלגן!

קלימקאָוו האָט געטרעטן אַ פוס אויף אַ פוס און שטילינקע צעפּירט מיט די הענט, ווי געוואָלט זיך באַפרייען פון עפּעס אומגעזעענע קייטן.

אין צימער זענען געווען עטלעכע שפּיאָנען, זיי האָבן שווייגנדיק געהערט דעם געקלאַנג פון דער זעג און געקוקט אויף יעווסייען, און ער האָט, נישט זעענדיק זיי, געפילט זייערע בליקן אויף זיין הויט און ס׳איז אים געווען אומאָנגענעם, אומעטיק.

אַז דער באַטשאַלניק האָט געענדיקט רעדן, האָט אים יעווסיי שטיל געבעטן, מען זאָל אים איבערפירן אין אַן אַנדער שטאָט.

— נו, דאָס איז דאָך נאַריש! — האָט פיליפּ פיליפּאָוויטש טרוקן געזאָגט. — ס׳איז מ׳אויס צו זיין אַ פחדן, בפרט נאָך היינטיקע צייטן... וואָס איז דאָס אַזוינס? דער ערשטער געלונגענער אויפטו — און שוין אַנטלויפן? איך ווייס אַליין, ווען מען דאַרף איבערפירן... גיי דיר געזונטערהייט!

— האָסטו אַ באַלוינונג — האָט קלימקאָוו אַ טראַכט געטון, אומהיימלעך און פאַרשעמט.

נאָר ער האָט זיך טועה געווען — די באַלוינונג האָט אים געגעבן סאַשאַ.

— העי, דו, לאַפּיטאַן! — האָט ער אים צוגערופן. — נאַ-דיר, האַלט...

ער האָט מיט דער פייכטער, געלער האַנט אָנגערירט יעווסייס האַנט, אַריינגערוקט אים אַ פּאַפּירל און איז אַוועק ווייטער.

ס'איז אונטערגעשפּרונגען יאַקאָוו זאַרובין.

— וויפל?

— אַ פינף - און - צוואַנציקער, — האָט קלימקאָוו געענטפערט, אויפגעוויקלט דאָס פּאַפּירל מיט די פאַרשטאַרטע פינגער

— און וויפל מענטשן איז געווען?

— זיבן...

— זיבן? — אוי...

זאַרובין האָט אויפגעהויבן די אויגן צום סופיט און אַרויסגעברומט:

— צוויי מאָל... ניין, דריי מאָל זיבן — איין און צוואַנציק... פיר אויף זיבן — צו דריי מיט אַ האַלבן רובל פון אַ פאַרשוין!

ער האָט שטיל אַ פייף געטון, זיך אַרומגעקוקט, און שעפּשענדיק געזאָגט:

— סאַשאַן האָט מען געגעבן אַנדערטהאַלבן מאות, און אחוץ דעם האָט ער זיי געגעבן אַ רעכענונגל פון הוצאות אויף דריי און זעכציק רובל. זיי פרייערן אונז אָן, נאַראָנים! נו, וואָס, יעווסיי, זיי זשע מכבד, ווי ס'קער צו זיין...

— קום — האָט קלימקאָוו געזאָגט, פון דער זייט אַ קוק געטון אויפן געלט און זיך נישט אַנטשלאָסן עס אַריינצולייגן אין קעשענע.

זיי זענען אַרויס. אויפן וועג האָט זאַרובין זאַכלעך אַ זאָג געטון:

— און, פונדעסטוועגן, זענען, ווייזט אויס, דיינע מענטשן געווען דריב...

— פאַרוואָס עפּעס? — האָט קלימקאָוו באַליידיקט געפֿרעגט. און אַ זיפֿץ טוענדיק, האָט ער שטיל געזאָגט:

— גאָר נישט קיין דרויב...

— מ'האָט ווינציק פֿאַר זיי געגעבן, ווינציק! אוי! איך ווייס דאָך יאָ, ווי מען פֿירט זיך, מיך וועסטו נישט אָפּנאַרן, ניין! קראַסאָווין האָט געכאַפּט אַ רעוואָלוציאָנער — האָט ער אַ הונדערטער בעקריגן דאָ, און פֿון פּעטערבורג בעקריגן צוגעשיקט נאָך אַ הונדערטער! סאָלאָוויאָוו, פֿאַר אַן אומלעגאַלער פֿריילן — פֿינף און זיבעציק. זעסטו. און מאַקלאַקאָוו? אוי! נו, פֿאַרשטייט זיך, ער כאַפּט פֿון צווישן די אַדוואָקאַטן, פּראָפֿעסאָרן, שרייבערס, אויף זיי איז אַ באַזונדערער פּרייז... געפֿערלעך זענען זיי נישט, נאָר כאַפּן זיי איז, ווייזט אויס, שווער...

ער האָט גערעדט, נישט מיד ווערנדיק, קלימקאָוו איז געווען צופֿרידן פֿון זיין פּלאַפּלערײַ, זי האָט אים געשטערט צו טראַכטן וועגן עפּעס, וואָס האָט אים געפּלאָגט, וואָס איז אים געלעגן אויפֿן האַרצן, ווי אַ קאַלטער שטיין.

זיי זענען געקומען צוגיין אין אַ שאַנדהויז. זאַרובין האָט מיט אַ קוויטשנדיק קול פֿון אַ היימישן אויסגעפֿרעגט ביי דער דאַרער און קרומער „מומע“:

— לידאַ איז געזונט? און קאַפּאַ? אָט, יעווסיי, באַקען דיך מיט קאַפּאַן — אַ וואַזשנע מויד! פֿלאַם פֿייער... זי וועט דיך אויסלערנען, וואָס דו וואָלסט זיך אין הונדערט יאָר אַרום נישט דערוואוסט... נו, גיט מיר לימאָניאַדע מיט קאָניאַק... קודם כּל, יעווסיי, דאַרף מען אויסטרינקען לימאָניאַדע מיט קאָניאַק — דאָס איז ווי שאַמפּאַניער, ווערסט מיטאַמאָל אַן אַנדער מענטש... געמאַכט?

— מיר איז אַלץ איינס, — האָט קלימקאָוו געענטפֿערט.

דאָס הויז איז, ווייזט אויס, געווען אַ טייערס, אויף די פֿענסטער זענען געהאָנגען האַריקע פֿירהאַנגען, דאָס מעבל איז יעווסייען אויסגעקומען אומגעוויינלעך, די אויסגעפּוצטע מיידלעך — שטאָלץ און נישט דערגרייכבאַרע, און דאָס האָט אים געצאַמערט. ער האָט זיך צונויפֿגעקוועטשט אין אַ ווינקל, אָפּגעשרעקט דעם

װעג פאַר די מײדלעך, װאָס האָבן אים װי נישט באַמערקט, פאַרבי־
אים און פאַרטשעפּעט מיט די פּאַנטאָפל זײַנע פיס. פויל איז גע־
שװאומען, װי דערשטיקטע קופּעס, האַלבנאַקעטע לײַב, אָנגעשמירט און
פאַרשװיצט, אין די לעכער האָבן זיך געדרײט אונטערגעהאַקטע
אויגן, גרויסע, נאָר כמעט אַלע טויטע און די זעלביקע, נישט גע־
קוקט אויף די פאַרשידענע קאָלירן.

— סטודענטן? — האָט געפרעגט איין געלע נקבה די אַנ־
דערע, אַ דיקע ברונעטקע מיט אַ הויכער, נאַקעטער ברוסט און
אַ בלויען באַנד אויפן האַלז. יענע האָט איר עפּעס אײַנגערוימט
אויפן אויער, די געלע האָט געמאַכט צו יעװסײען אַ גרימאַסע, ער
האָט זיך אװעקגעדרײט פון איר און אומצופרידן געזאָגט צו
זאַרובינען:

— מען װײסט, װער מיר זענען...

— אַ פראַגע, צי מען װײסט! אװדאי!... װײַל מע נעמט
בײַ אונז פאַרן אַרײַנגאַנג אַ האַלבן פרײַז, און ראַבאַט פון רעכע־
נונג פינף און צװאַנציק פראָצענט.

יעװסײ האָט אויסגעטרונקען צװײ באָקאַלן שױמענדיקן און
געשמאַקן געטראַנק, און כאָטש ס׳איז אים נישט געװאָרן פרײלעכער
נאָר אַלץ אַרום האָט באַקומען פאַרשידענע פאַרבן. צום טיש האָבן
זיך צוגעזעצט צװײ מײדלעך — אַ הויכע, געזונטע לידיאַ און אַ
ריזיקע, שװערע קאַפּיטאָלינאַ. לידיאַס קאָפּ איז געװען אָן אַן ערך
קלײן אין פאַרגלײַך מיטן קערפּער, דער שטערן שמאָל, שאַרף, אַ
אויסגעשטאַרצטע גאָמבע און אַ קײַלעכדיק מויל מיט קלײנע צײן,
װי בײַ אַ פיש, מיט פינסטערע און כיטרע אויגן. קאַפּיטאָלינאַ
האָט אויסגעזען, װי צענויפגעשטוקעװעט פון עטלעכע קײלן פון
פאַרשידענער גרײס און אירע אויסגעשטאַרצטע אויגן האָבן אויך
אויסגעזען װי קײלן און מוטנע, װי בײַ אַ בלינדער.

שװאַרץ און רירעװדיק, װי אַ פליג, האָט זאַרובין געדרײט
מיטן קאָפּ, באַװעגט מיט די פיס, די דינע, פינסטערע הענט זענען
געפלױגן איבערן טיש, ער האָט אַלץ געכאַפּט, אַרומגעטאַפּט, אַרום־
געשמעקט. יעװסײ האָט פּלוצלינג דערפילט, אַז זאַרובין דערװעקט
בײַ אים אַ שװערע, טעמפּע צערײַצקײט.

— מגוואַלד! — האָט ער געטראַכט. — פאַר מיין געלט האָט ער מיר געבראַכט אַ פאַרזעצניש, און זיך האָט ער אויסגעקליבן אַ שיינע.

און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די געררייצטקייט קעגן יאַקאָוו ליגט טיפער פון אָט דער סיבה. ער האָט אָנגעגאָסן אַ גרויס גלעזל קאָניאַק, אַריינגעשלונגען, און אָן אָפּגעבריטער האָט ער געעפנט דאָס מויל, געדרייט מיט די אויגן.

— ס'איז גוט? — האָט יאַקאָוו אויסגערופן.

די מיידלעך האָבן זיך צעלאַכט, און אַ מינוט אַ יעווסיי טויב און בלינד געוואָרן, ווי אַנטשלאָפן געוואָרן.

— אָט, זעסט, יעווסיי — לידאַ איז מיין געטרייער פריינט, אַ גרויסע חכמה! — האָט אים זאַרובין אויפגעוועקט, ציענדיק ביים אַרבל. — אַז איך וועל פאַרדינען די אויפמערקזאַמקייט פון נאַטשאַלסטוואָ, וועל איך איר פון דאַנען אַרויסנעמען, וועל מיט איר חתונה האָבן און זי צונעמען צו מיין האַנדל... אמת, לידאָטשקע? או!...

— מ'וועט לעבן — וועט מען זען, — האָט זי געענטפערט, מיד אַ קוק געטון אויף אים מיט אירע פעטע אויגן.

— פאַרוואָס שווייגסטו, ליבינקער? — האָט קאַפּיטאָלינאַ געפרעגט מיט אַ באַס-שטימע, געקלאַפּט יעווסייען איבערן אַקסל מיט דער שווערער האַנט.

— יעדן זאָגט זי — דו, — האָט יאַקאָוו אים ערקלערט.

— ס'איז מיר אַלץ איינס! — האָט יעווסיי געזאָגט, נישט געטון קיין קוק אויפן מיידל און זיך פון איר אָפּגערוקט. — נאָר זאָג איר, אַז זי געפּעלט מיר נישט און זאָל זי אַוועקגיין!..

עטלעכע סעקונדן האָבן אַלע געשוויגן.

— כאַפּט אייך דער רוח! — האָט קאַפּיטאָלינאַ גווידערדיק און רויק געזאָגט, און אָנגעלענט מיט דער האַנט אָן טיש, האָט זי פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם שווערן קערפּער.

יעווסייען האָט פאַרדראָסן, וואָס זי האָט זיך נישט באַליידיקט, ער האָט אויף איר אַ קוק געטון און געזאָגט:

— אַזוי ווי אַ העלפאַנט, אַ שטייגער...

— אי, ווי נישט העפּלעך דאָס איז! — האָט לידאַ געזאָגט.

— או! יאָ, יעווסיי, דאָס איז, ברודער, נישט העפּלעך! — האָט זאַרובין מיט אַ זיכערן טאָן באַשטעטיקט. קאַפּיטאַלינאַ ניקאָלאַיעוונאַ איז אַן אָנגעזעענע נקבה, אַלע פאַרשטענדיקע מענטשן שעצן זי.

— און מיר איז אַלץ איינס, — האָט יעווסיי געזאָגט — איך וויל ביר!

— העי, ביר! — האָט זאַרובין אַ געשריי געטון. — קאַפּאָטשקאַ, זייט אַזוי גוט, שאַפט אונז ביר.

די גראָבע מויד האָט זיך אויסגעדרייט, און שאַרנדיק מיט די פיס, איז זי שווייגנדיק אַוועק, און זאַרובין האָט זיך אָנגעבויגן צו יעווסייען און באַלערנדיק אָנגעהויבן:

— זעסטו, יעווסיי, אוודאי איז דאָ אַן אַנשטאַלט און נאָך עפּעס אַנדערש אויך... נאָר די מיידלעך זענען די זעלבע מענטשן, וואָס איך מיט דיר — טאָ פאַרוואָס זאָל מען זיי אַזוי אומנוצלעך גראָב באַליידיקן? או! נישט אַלע זענען דאָך דאָ פון זייער אייגענעם ווילן...

— הער אויף! — האָט קלימקאָוו געזאָגט.

ס'האָט זיך אים פאַרוואָלט, אַז אַלץ אַרום זאָל זיין שטיל, אַז די מיידלעך זאָלן אויפהערן אַרומצושווימען איגדערלופטן, ווי אומעטיקע שטיקער פרילינגדיקער וואָלקן, צעריסענע פון ווינט, אַז אָט דער געגאָלטער מוזיקאַנט מיטן טונקל - בלויצן פּנים פון אַ דערטרונקענעם זאָל נישט קלאַפּן מיט די פינגער אויף די געלע ציין פונם פאָרטעפּיאַן, ענלעך צום פּיסק פון אַ ריזיקער, משונה-דיקער חיה, וואָס האָט הויך און פייפנדיק געלאַכט. ער האָט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן זיך שווייגנדיק אַוועקזעצן אויף דער שטול און זיצן אומבאַוועגלעך, אַז די פוירהאַנגען אויף די פענסטער זאָלן זיך נישט באַוועגן אַזוי מאָדנע, ווי פון דער גאַס וואָלט זיי באַוועגט אַן אומגעזעענע און אומפריינטלעכע האַנט. און אין דער טיר זאָל זיך אַוועקשטעלן אָלגאַ, אָנגעטון אין ווייסן — דעמאָלט וועט ער זיך אויפהייבן, אַרומגיין דעם גאַנצן צימער און יעדן מענטש וועט ער געבן מיטן גאַנצן כּוח אַ פּאַטש — זאָל אָלגאַ זעען,

אַז אַלע זענען אים דאָ דערווידער, אַז זי איז נישט גערעכט און פאַרשטייט אים נישט.

אין די אויגן האָבן זיך אים ביין געזעצט זאַרובינס בעטנ־דיקע ווערטער:

— מיר זענען אַהערגעקומען זיך ווײַלן, און דו הייבסט באַלד אָן אַ סקאַנדאַל...

יעווסיי האָט זיך אַ חיג געטאָן מיט גאַנצן קערפּער, מוטנע אים אַרײַנגעקוקט אין פּנים אַרײַן און פּלוצלינג צו זיך געזאָגט, מיט קאַלטער קלאָרקייט

— צוליב אָט דעם הינטישן זון... צוליב אים בין איך אַרײַנגעפאַלן... אַלץ צוליב אים!

ער האָט גענומען אין דער האַנט אַרײַן אַ פולע פלאַש ביר, אָנגעגאָסן זיך אַ גלאָז, אויסגעטרונקען עס, און נישט אַרויסלאָזנדיק די פלאַש פון דער האַנט, זיך אויפגעהויבן פון אָרט:

— דאָס געלט איז מיינס, נישט דיינס, מנוול! — האָט ער געזאָגט.

— טאָ איז וואָס? מיר זענען דאָך חברים...

זאַרובינס שוואַרץ, געשוירן און שטעכענדיק קעפּל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויף אַהינטער, יעווסיי האָט געזען אַ פּאָר שאַרפע גלאַנציקע אייגעלעך אויפן דאַרן פּנים מיט די אויסגעשטשירעטע ציין.

— וואַרט נאָר צו, זעץ זיך אַנידער — האָט ער געזאָגט.

קלימקאָוו האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט דער פלאַש און אַ זעץ געטאָן מיט איר איבער זאַרובינס פּנים, זיך געצילט אין די אויגן. פעט און פייכט האָט אַ פינקל געטאָן אַ שטראָם בלוט, אַרויסגערופן ביי קלימקאָוון אַ העלע פרייד — ער האָט נאָכאַמאָל אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט זיך פאַרגאָסן מיט ביר. אַלץ האָט אַ ריטשע געטאָן, געקוויטשעט, זיך אַ וויג געטאָן, עמעצנס אַ פּאָר נעגל האָבן זיך אײַנגעגעסן אין זײַנע באַקן, מען האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, פאַר די פיס, אויפגעהויבן פון דער ערד, אַוועקגעשלעפּט און עמעץ האָט אים געשפּיגן אין פּנים אַרײַן

מיט וואַרעמער, קלעפּיקער שפּייעכטס, געדריקט דעם גאָרגל און געריסן די פּאַר האָר.

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך אין צירקל, א צעריסענער, אַ צעדראַפּעטער, אַ נאַסער, זיך מיטאַמאָל אַלץ דערמאַנט און באַלד, אָן שרעק אַ טראַכט געטון:

— וואָס - זשע וועט יעצט זיין?

אַ באַקאַנטער פּאָליציי - באַאַמטער האָט געראָטן יעוסייען זיך אויסוואַשן ס'פּנים און אַהיימפאָרן.

— מ'וועט מיך משפּטן? — האָט קלימקאָוו געפרעגט.

— כ'ווייס נישט — האָט דער פּאָליציאַנט געזאָגט, אַ זיפץ געטון און מיט קנאה געזאָגט: — מען וועט אייך גאָר נישט משפּטן. אייער נאַטשאַלסטוואָ — איז אַ כּוח, אַלץ איז עס דער־לויבט, יאָ, און אייך אויך... איר גייט אַרונטער אונטער דער אָכראַנע, פאַר אייך זאָרגט מען זיך...

יעוסיי האָט אַ שמייכל געטון.

נאָך עטלעכע טעג מטושטשן, נאַרמאַלן לעבן אָן איינדריקן און שרעקן, האָט פיליפּ פיליפּאָוויטש בעלאָוס צו זיך רופן יעוסייען און לאַנג, גריילצנדיק אויף אים אָנגעשריגן:

— דו, אידיאָט איינער, דאַרפסט געבן אַ ביישפּיל פון גוטער אויפפיר! ג., נישט — מאַכן סקאַנדאַלן, כ'בעט עס פאַרגעדענקען! אויב איך וועל זיך דערוויסן נאָך עפּעס ענלעכס דערצו — וועל איך דיך גלייך איינזעצן אויף אַ חודש צייט אין אַרעסט — געהערט?

קלימקאָוו האָט זיך דערשראָקן, זיך איינגעבויגן און אָנגע־הויבן לעבן שטיל, שווייגנדיק, אומבאַמערקט, זיך באַמיט וואָס מער צו פאַרמאַטערן, כּדי גאָר נישט צו טראַכטן.

אַז ער האָט זיך באַגעגנט מיט יאַקאָוו זאַרובינען, האָט ער ביי ביי אים דערזעען איבערן רעכטן אויג אַ נישט גרויסן רויטן שניט. אָט דער פרישער שטריך אויפן אַגענטס פּנים האָט אים הנאה געטון, און דאָס באַרואיקט זיין, אַז ער האָט געהאַט אין זיך כּוח און דרייסטקייט אַ זעץ צו טון אַ מענטשן, האָט אים אַליין אויפגעהויבן אין זיינע אייגענע אויגן.

— פאַרוואָס האָסטו עס מיר געטון? — האָט יאַקאָוו געפרעגט.

— אַזוי, — האָט יעווסיי געזאָגט — כ'בין געווען שיכור...

— אַך, דו, כאָלערע! ווייסט דאָך, וואָס פאַר אַ ראָל ס'שפּילט דאָס פּנים אין אונזער דינסט! ביסטו געגאַנגען און עס מיר קאַליע געמאַכט!

און זאַרובין האָט פאַרלאַנגט פון יעווסייען אַ גוטן מיטאָג.

## XVIII

אָבער עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צו באַהאַלטן פון אָט דעם כּוח פון די שלעכטע געדאַנקען, זיי זענען ווידער צוריקגעקומען. — צווישן די שפּיאָנען האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַ טייל פון די מיניסטאָרן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אונטערגעקויפטע פון די שונאים פון צאַר און פון רוסלאַנד. זיי האָבן געמאַכט אַ פאַרשווערונג אָפּצונעמען ביים קיסר די מאַכט, ענדערן די עקזיסטירנדיקע גוטע אָרדענונג אין רוסלאַנד אויף אַן אַנדער אָרדענונג, לויטן מוסטער פון אַנדערע מלוכות, וואָס זי איז, פאַרשטייט זיך, שעדלעך פאַרן רוסישן פאָלק. יעצט האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט, אין וועלכן זיי האָבן, קלאָמפערשט לויטן צאַרס ווילן און מיט זיין הסכּמה, מודיע געווען דעם פאָלק וועגן דעם, אַז איניקן וועט אים געגעבן ווערן די פרייהייט זיך צו פאַרזאַמלען, וואו עס וויל, רעדן וועגן דעם, וואָס עס אינטערעסירט אים, שרייבן און דרוקן אין די בלעטער אַלץ, וואָס עס דאַרף און ס'וועט אַפילו געגעבן ווערן די פרייהייט נישט צו גלייבן אין גאָט.

גאַטשאַלסטוואָ האָט ווידער שרעקעוודיק אָנגעהויבן אַרומצולויפן, פאַרלוירן און אומהיימלעך, ווידער אָנגעהויבן צו רעדן מיט די שפּיאָנען מילד און כאָטש עס האָט גאָרנישט געבעטן, נאָר

האָט זיך, ווייזט אויס, געקליבן אויף עפּעס וויכטיקס. פיליפּ פיליפּאָוויטש האָט גאַנצע טעג שטיל און געהיים געשמועסט מיט קראַסאָווינען, מיט סאַשאַן, מיט סאָלאָוויאָוון און אַנדערע דערפאַרענע אַגענטן, נאָך אָט די שמועסן פלעגן אַלע אַרומגיין פאַרכמורעטע, מיט אַן ערנסטן אויסדרוק אויפן פּנים, אויף די פראַגן פון די חברים האָבן זיי געענטפערט קורץ און אומפאַרשטענדלעך.

איינמאָל האָט זיך דורך דער נישט-שטאַרק פאַרמאַכטער טיר פון פיליפּ פיליפּאָוויטשס קאַבינעט אַדורכגעשלעגלט אין קאַנצעלאַריע סאַשאַס קול, בייז און אָפּגעהאַקט פון געררייצטקייט:

— נישט וועגן דער קאָנסטיטוציע, נישט וועגן פּאָליטיק דאַרף מען זיי דערציילן, נאָר חעגן דעם, אַז די נייע אָרדענונג חעט זיי פאַרטיליקן, אַז ביי איר וועלן אָרנטלעכע מענטשן אויסגיין פון הונגער, פאַרפוילט ווערן אין די תפיסות. ווער דינט ביי אונז? אויסוואורפן, דעגענעראַטן, פסיכיש-קראַנקע, נאַרישע בהמות...

— איר רעדט, איין גאָט ווייסט וואָס! — האָט פיליפּ פיליפּאָוויטש הויך אַ געשריי געטון.

און ס'האָט זיך דערהערט יאַסנאָגורסקיס יאושדיקער קול:

— עפּעס אַ פריש פלענעכל? איך פאַרשטיי נישט, ליבער מיינער, אייער כוונה...

אין קאַנצעלאַריע זענען געזעסן פּיאָטר, גראַבאָטאָוו, יעווסיי און נאָך צוויי פרישע שפּיאָנען — איינער אַ געלער, מיט אַ הויקערדיקער נאָז, מיט ריזיקע זומער-שפּרינקעלעך אויפן פּנים און מיט גאָלדענע ברילן, אַן אַנדערער — אַ געגאָלטער, אַ פליכעוואַטער און מיט רויטע באַקן, מיט אַ ברייטער נאָז און אַ פינסטערן פלעק אויפן האַלז לעבן לינקן אויער. זיי האָבן אויפמערקזאַם געהערט סאַשאַס רייד, אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן און געשוויגן. פּיאָטר האָט זיך עטלעכע מאָל אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו דער טיר דערנאָך הויך אַ הוסט געטון — אַן אומגעזעענע האַנט האָט זי גלייך פעסט פאַרמאַכט. דער פליכעוואַטער שפּיאָן האָט פאַרזיכטיק אָנגעטאַפּט מיט די דיקע פינגער די נאָז און שטיל געפרעגט:

— חעמען רופט ער דאָס אַזוי — אויסוואורפן?

פון אָנהייב האָט אים קיינער נישט געענטפערט, דערנאָך האָט גראַכאָטאָוו הכנעדיק אַ זיפץ געטון און געזאָגט:

— ער רופט אַלעמען אַזוי...

— אַ קלוגע בעסטיע! — האָט פיאָטר אויסגערופן און פאַרטראַכט אַ שמייכל געטון. — פאַרפוילט, ווי גרויס ער איז, און נעמט צו וואָסאַמאָל מער כוח... אָט וואָס דאָס הייסט בילדונג!..

דער פליכעוואַטער האָט אַלע אַרומגעקוקט מיט האַלבבלינדע אויגן און ווידער פאַרטראַכט געזאָגט:

— טאָ ווי אַזוי רעדט ער דאָס — ע - ע, ער האָט דאָך דאָס געזאָגט וועגן אונז?

— פּאָליטיק! — האָט גראַכאָטאָוו געזאָגט, — פּאָליטיק איז אַ קלוגער ענין, מיאוסט זיך נישט מיט גאָרנישט.

— ווען איך זאָל קריגן בילדונג, וואָלט איך אויך... געמאַכט קאָזשעליקעס! — האָט פיאָטר געזאָגט.

דער געלער האָט זיך רויק אַ וואַקל געטון אויף דער שטול און אָפט געגענעצט, ברייט געעפנט ס'מויל.

פון קאַבינעט איז אַרויס סאַשאַ, אַ פאַרכמורעטער און אַ צעשויבערטער, געבליבן שטיין ביי דער טיר, אַרומגעקוקט אַלע, מיט חוזק געפרעגט:

— איר'ט אונטערגעהערט?

איינער נאָכן אַנדערן זענען אַריינגעקומען די אַגענטן, פאַרשוויצטע, פאַרשטויבטע, מיד און אומהיימלעך זיך אַדורכגעוואָרפן מיט פאַרשידענע באַמערקונגען. ס'איז געקומען מאַקלאַקאָוו, אַ בייזער אַ פאַרכמורעטער, די אויגן זענען אים עפּעס געווען שאַרף און באַליידיקנדיק. פאַרזשמורעט די אויגן, איז גיך אַריין אין צימער קראַסאַווין און הויך אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר.

סאַשאַ האָט געזאָגט צו פיאָטרן:

— ס'וועט זיין אַן איבערגרופּירונג — מיר וועלן ווערן אַ געהיימע געזעלשאַפט, און זיי וועלן דאָס ווערן די לעגאַלע אידיאָטן — אָט, וואָס וועט זיין! העי—האָט ער אַ געשריי געטון— קיינער זאָל נישט אַוועקגיין, ס'איז באַשטימט אַ שמועס

אַלע זענען געבליבן רויק זיצן, אַנטשוויגן געוואָרן. פון קאַ-בינעט איז אַרויס יאַסנאָגורסקי, ברייט אַ שמייכל געטון מיטן גרויסן מויל, די אַרויסגעשטאַרצטע פליישיקע אויערן זענען אים צוגעשטאַ-נען צום קאַרק, און ער האָט אײַנגאַנצן געקריגן אַזאַ גליטשיקן אויסזען, ווי אַ גרויס שטיק זייף. ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן עולם שפּיאָנען, געדריקט זיי די הענט, מילד און פרידלעך גע-שאָקלט מיטן קאָפּ און איז פלוצלינג אַוועק ערגעץ אין אַ ווינקל, און אָנגעהויבן צו רעדן פון דאַנען מיט אַ וויינענדיק קול:

— גוטע דינער אונזער האַר, דעם קיסרס! צו אייך זענען געווענדעט די רייד פון מיין האַרצן, דעם איבערגעפולטן מיט וויי-טאָק. צו אייך, אומדערשראָקענע מענטשן, מענטשן וואוילע, געטרייע קינדער פון אונזער צאַר - פאָטערל און פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך, אונזער מאַמען...

— ר'האָט זיך שוין צעוואַיעט! — האָט עמעץ לעבן יעוו-סייען אַרויסגעשעפּטשעט און קלימקאָוו האָט געהערט, אַז יאַסנאָ-גורסקי האָט זיך אויסגעזידלט.

— איר ווייסט שוין וועגן דעם נייעם שפּיצל פון אונזערע שונאים, וועגן דעם פרישען גרויסן נסיון. איר האָט אַלע געלייענט דעם מיניסטער בוליגינס באַקאַנטמאַכונג וועגן דעם, אַז אונזער צאַר וויל קלאָמפערשט זיך אָפּזאָגן פון דער מאַכט, וואָס גאָט האָט אים איבערגעגעבן, איבער רוסלאַנד און דעם רוסישן פאָלק. דאָס אַלץ, טייערע חברים און ברידער, די טייוולאָנישע שפּיל פון די דאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן פאַרקויפט זייערע נשמות צו די אויס-לענדישע קאַפּיטאַליסטן — דאָס איז אַ פרישער פּרווו צו באַגראָבן אונזער הייליק רוסלאַנד. וואָס ווילן זיי דערגרייכן מיט דער מלוכהשער דומע, וואָס זיי זאָגן צו, וואָס ווילן זיי דערגרייכן מיט דער קאָנסטיטוציע און מיט דער פרייהייט?

די שפּיאָנען האָבן זיך צענויפגעדריקט ענגער.

— אין נאָמען פון פאָטער און פון זון און פון הייליקן גייסט — לאָמיר באַטראַכטן אָט די טייוולאָנישע שטיק פאַר דער ליכט פונם אמת, לאָמיר זיי אַדורכטראַכטן מיט אונזער פּשוטן רוסישן פאַרשטאַנד און מיר וועלן זען, ווי עס צעשיט זיך, ווי

שטויב פאַר אונזערע אויגן. אָט גיט אַ קוק — מע וויל אָפּנעמען בײַם צאַר זײַן געטלעכע קראַפט און דעם ווילן צו פירן מיטן לאַנד, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן פון אויבן. מע וויל וואַלן אײַנפירן צווישן פאָלק, אַז דאָס פאָלק זאָל שיקן צום צאַר זײַנע מענטשן און אַז די דאָזיקע מענטשן זאָלן באַשאַפן געזעצן, קירצנדיק דעם צאַרס מאַכט. זיי נוצן אויס דאָס, וואָס אונזער פאָלק איז פינסטער און שיכור, וועט זיך דערלויבן אונטערצוקויפן מיט בראַנפן און געלט און ברענגען אין די צימערן פונם קיסר די, וועמען ס'וועלן אָנווײַזן די פאַררעטער — די ליבעראַלן און די רעוואָלוציאָנערן, און אָנווײַזן וועלן זיי דעם פאָלק די יידן, פּאָלאַקן, אַרמענער, די דײַטשן און אַנדערע אַנדערפעלקישע, די שונאים פון רוסלאַנד.

קלימקאָוו האָט באַמערקט, אַז סאַשאַ, וואָס איז געשטאַנען הינטער יאַסנאָגורסקין, האָט חוזקדיק אַ שמייכל געטאָן, ווי אַ טײַוול, און נישט ווילנדיק, אַז דער קראַנקער שפּיאָן זאָל אים באַמערקן, האָט ער אָנגעבויגן דעם קאָפּ.

— ס'וועט אַרומרינגלען אָט די דאָזיקע חברה פאַרקויפטע שווינדלער דעם צאַרס אונזערן ליטערן טראָן און אים פאַרדעקן די קלוגע אויגן אויף דעם גורל פון אונזער פאָטערלאַנד, זיי ווילן פאַראַטן רוסלאַנד צו די פרעמד-פעלקישע און אויסלענדער. די יידן וועלן באַשאַפן אין רוסלאַנד זייער קעניגרײַך, די פּאָלאַקן זייערס, די אַרמענער מיט די גרוזינער, די לאָטישן און די אַנדערע בעטלער, וואָס רוסלאַנד האָט זיי אַרונטערגענומען אונטער איר שטאַרקער האַנט, זיי וועלן באַשאַפן זייערע קעניגרײַכן און ווען ס'וועלן בלײַבן מיר, רוסישע, אַליין... דעמאָלט, הייסט עס...

סאַשאַ, וואָס איז געשטאַנען גלײַך מיט יאַסנאָגורסקין, האָט אים עפּעס אײַנגערוימט אויפן אויער. דער אַלטער האָט אים בייז אָפּגעשטופּט, און אָנגעהויבן צו רעדן העכער:

— דעמאָלט וועלן אויף אונדז אָנפאַלן די דײַטשן און די ענגלענדער און וועלן אונדז אַרײַנכאַפּן אין זייערע גיריקע נעגל...

'ער חורבן פון רוסלאַנד האָט אויף אונז, טייערע חברים, פרייַנט זייַנע, היט אייך!

די לעצטע ווערטער פון זייַן רעדע האָט ער געענדיקט מיט אַ קוויטש, אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע, און דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן די האַנט איבערן קאָפּ און אָנגעהויבן ווייטער:

— נאָר אונזער צאַר האָט נאָך פרייַנט, זיי היטן זייַן כּוח און זייַן רום, ווי געטרייַע הינט, נישט-אונטערגעקויפטע — און אָט האָבן זיי יעצט געגרינדעט אַ געזעלשאַפט צום קאַמף קעגן די נידערטרעכטיקע פאַרלאַנגען פון די רעוואָלוציאָנערן, קעגן דער קאָנסטיטוציע און אַנדערע מנוולדיקייטן, וואָס ווילן פאַרטיליקן אונז, די אמתע רוסישע מענטשן. צו אָט דער געזעלשאַפט געהערן גראַפן און פירשטן, וואָס זענען באַקאַנט מיט זייערע פאַרדינסטן פאַרן צאַר און פאַרן פאָטערלאַנד, גובערנאַטאָרן, וואָס זענען גע... האָרכזאַם דעם צאַרס ווילן און דעם הייליקן לאַנד אונזערן און אפשר נאָך סאַמע גרויסע...

סאַשאַ האָט ווידער אָפּגעשעפּטעלט יאַסנאָגורסקין, דער אַלטער האָט אים אויסגעהערט, רויט געוואָרן, צעפּירט מיט די הענט און פּלוצלינג אויסגעשריגן:

— נו, זאָגט... וואָס איז דאָס אַזוינס? וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר? כ'וויל נישט...

ר איז מאָדנע אונטערגעשפּרונגען, און צעשטופּנדיק דעם עולם שפּיאָנען, איז ער אַוועק. יעצט איז אויף זייַן אָרט געשטאַ־נען סאַשאַ. אַ הויכער, אַ ברייטביינערדיקער, האָט ער אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פאָרויס, שווייגנדיק אַלעמען אָנגעקוקט מיט די רויטע אויגן און געריבן די הענט.

— נו, איר האָט עפּעס פאַרשטאַנען? — האָט שאַרף אַ שנייד געטון זייַן קול.

— פאַרשטאַנען... פאַרשטאַנען... האָבן אומפרייַנטלעך און נישט-הויך געענטפערט עטלעכע שטימען.

— כ'מיין אַזוי! — האָט סאַשאַ חוזקדיק אַ געשריי געטון און מיט אויסדרו... און קראַפט אָנגעהויבן צו רעדן:

— הערט, און די קליגערע זאָלן געבן צו פאַרשטיין מיינע ווערטער די נאַראָנים. די רעוואָלוציאָנערן, די ליבעראַלן און בכלל אונזערע אַלע רוסישע הארן האָבן אָנגעהויבן איבער אונז צו געוועלטיקן — פאַרשטאַנען? די רעגירונג האָט באַשלאָסן אָפּצוטרעטן, נאָכצוגעבן זייערע פאָדערונגען, זי וויל געבן א קאָנסטיטוציע. וואָס איז אַזוינס אַ קאָנסטיטוציע פאַר אייך? אַ הונגערטויט ווייל איר זענט אַלע פוילאַקעס און ליידיק - גייער, טויגט נישט צו קיין אַרבעט, די תפיסה איז פאַר אַ סך פון אייך, ווייל אַ סך פון אייך האָבן דערויף פאַרדינט. פאַר אַ סך פון אייך איז — שפּיטאָל, אַ משוגעים - הויז, ווייל צווישן אייך איז דאָ אַ גאַנצע קופּע האַלב - משוגענע, גייסטיק - קראַנקע... דער נייער לעבנס - סדר, אויב מע זאָל אים באַשאַפן, וועט אייך גלייך דערדריקן. דער פּאָליציי - דעפּאַרטאַמענט וועט חרוב ווערן, די אָכראַנע וועט געשלאָסן ווערן, מע וועט אייך אַרויסוואַרפן אויף דער גאַס. איר פאַרשטייט דאָס?

אַלע האָבן געשוויגן, ווי פאַרשטיינערט. קלימקאָוו האָט אַ טראַכט געטון:

— דענסטמאָל וואָלט איך ערגעץ אַוועק...

— איך מיין, אַז איר פאַרשטייט — האָט סאַשא געזאָגט, אַנטשוויגן געוואָרן, און ווידער אַלע אַדורכגעוואָרפן מיט איין בליק. דער רויטער קראַנץ אויף זיין שטערן האָט זיך ווי צעגאָסן אים איבערן גאַנצן פּנים, און דאָס פּנים האָט זיך אים באַדעקט מיט בלייערנער בלויקייט.

— איר דאַרפט זעען — אַט דער דאָזיקער נייער לעבנס - שטייגער טויג נישט פאַר אייך, נישט נייטיק. הייסט עס, אַז מען דאַרף יעצט קעמפן קעגן אים — יאָ? פאַר וועמען, אין וועמענס אינטערעס וועט איר קעמפן? פאַר זיך פערזענלעך, פאַר אייער אינטערעס, פאַר אייער רעכט צו לעבן אַזוי, ווי איר האָט געלעבט ביז יענער צייט... קלאָר? וואָס - זשע קאָנט איר טון? זאָל זיך יעדער פאַרטראַכטן וועגן דעם...

אין דעם שטיקנדיקן צימער איז מיטאַמאָל געבוירן אַ שווערער געוויש, ווי עמעצנס גרויסע, קראַנקע, מידע ברוסט וואָלט היי-

זעריק אַ זיפץ געטון. אַ טייל שפּיאָנען איז שווייגנדיק אין טעמפּ אַרומגעגאַנגען, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, עמעץ האָט צערייצט גע־וואָרטשעט:

— איידער צו רעדן אַזוי פיל, זאָלן זיי גלייכער דערלייגן געהאַלט...

— מען שרעקט אַלעמען... נאָר מען שרעקט...

און ווינקל לעבן סאַשאַן האָט זיך צענויפגעזאַמלט אַ מאַן צען, יעווסיי איז פּאַמעלעך צו זיי צוגעגאַנגען און געהערט פּיאָטרס התפּעלותדיקע שטימע:

— אָט אַזוי דאַרף מען רעדן — צוויי מאָל צוויי איז פיר און פאַרטיק... איידעלע מענטשן..

— ניין, איך בין נישט צופרידן — האָט סאָלאָוויאָוו באַרי־מעריש און פאַרשעריש געזאָגט. — „פאַרטראַכט אייך" !... וואָס הייסט דאָס אַזוינס — פאַרטראַכט אייך? יעדער קאָן טראַכטן אויף זיין אופן... טאָ וויַיז־זשע מיר אָן, וואָס צו טון...

קראַסאַווין האָט גראָב און שאַרף אַ געשריי געטון:

— מ'האָט דיר אָנגעוויזן.

— איך פאַרשטיי נישט! — האָט מאַקלאַקאָוו רויק געזאָגט.

— איר? — האָט סאַשאַ אַ געשריי געטון. — איר זאָגט ליגן, איר האָט פאַרשטאַנען!

— ניין...

— און איך זאָג אייך, אַז איר האָט פאַרשטאַנען! נאָר איר זענט אַ פּחדן... איר זענט אַ פריץ... אַ - אַ, איך קען אייך...

— קאָן זיין... — האָט מאַקלאַקאָוו געזאָגט. — נאָר צי ווייסט איר, וואָס איר ווילט?

ער האָט געפרעגט אַזוי קאַלט און אַזוי באַדייטונגספול, אַז יעווסיי האָט אַ ציטער געטון און געטראַכט:

— סאַשקאַ וועט אים אַ זעץ געבן...

נאָר יענער האָט אים שטיל און קוויטשעדיק איבערגע־פרעגט:

— איך? צי איך ווייס, וואָס איך וויל?

— נו, יאָ...

— איך וועל עס אייך זאָגן! — האָט סאַשאַ דראָענדיק אויפגעהויבן דאָס קול. — איך וועל אינגיכן פגרן, כ'האָב נישט פאַר קיינעם מורא צו האָבן, איך בין אַ פרעמדער מענטש פאַרן לעבן... איך לעב מיט האַס צו יענע גוטע מענטשן, פאַר וועלכע איר, אין אייערע געדאַנקען, שטייט אויף די קני... איר שטייט נישט, ניין? זאָגט איר ליגן! איר זענט אַ שקלאַף, אַ שקלאַפישע נשמה, אַ לאַקיי, כאָטש איר זענט אַן אַדעליקער, און איך בין אַ פויער, אַ רייפגעוואָרענער פויער, און כאָטש איך בין שוין געזעסן אין אוניווערזיטעט, בין איך נישט קיין אונטערגעקויפטער מענטש.

יעוווסיי האָט געפילט, אַז סאַשאַס ווערטער האָבן זיך אים איינגעקלאַמערט אין זיין האַרצן, ווי שפינען, ארומגעפלאָנטערט עס מיט קלעפיקע פעדעם און דריקן, בינדן צונויף, שלעפן עס צו סאַשאַן. ער האָט זיך אַדורכגעשטופט פאָרויס און זיך געשטעלט אין דער זייט פון די דיסקוסיאַנטן, זיך באַמיט גלייכצייטיק צו זען ביידנס פנימער.

— איך קען מיין שונא — דאָס זענט איר, פריצים. אַפילו צווישן די שפיאָנען זענט איר אויך די באַלעבאַטים, אומעטום זענט איר עקלהאַפט, אומעטום האָט מען אייך פיינט, מענער און פרויען, שרייבער און אַגענטן... און איך ווייס אַ מיטל קעגן אייך, די אַריסטאָקראַטן, קעגן די איידעלע מענטשן, איך קען דאָס מיטל, איך ווייס, וואָס מען דאַרף טון מיט אייך, מיט וואָס מען קאָן אייך אויסראָטן...

— אָס דאָס איז טאַקע אינטערעסאַנט, נישט אייער היסטעריק — האָט מאַקלאַקאָוו געזאָגט און אַריינגערוקט די הענט אין די קעשענעס.

— יאָ, ס'איז אייך אינטערעסאַנט? גוט — כ'וועל אייך זאָגן...

סאַשאַ האָט זיך, קענטיק, געוואָלט אַנידערזעצן, און וויגנדיק זיך, ווי אַן אומרו פון אַ זייגער, זיך אַרומגעקוקט, גערעדט אָן אויפהער און זיך פאַרכלינעט אין די גיכע רייד.

— ווער בויט דאָס לעבן? די הערן! ווער האָט קאַלע געמאַכט אָט דאָס גוטע באַשעפעניש — דעם מענטש — געמאַכט פון אים אַ ברודיקע בהמה, אַ קראַנקע חיה? — איר, די הערן! אָט

וואָס. אָט דאָס אַלץ, דאָס גאַנצע לעבן — דאַרף מען ווענדן קעגן אייך, אָט וואָס. מען דאַרף עפענען אַלע שטינקענדיקע רינשטאָקן פון לעבן און דערטרינקען אייך אין שטראָם פון אַלע מיאוסקייטן, פון אָפּפאַלעכטס פון די מענטשן, וואָס איר האָט פאַרסמט... און זייט פאַרשאָלטן! געקומען די צייט פון אייער טויט און פון אייער אונטערגאַנג, ס'וועט זיך קעגן אייך איופהייבן דאָס אַלץ, וואָס איר האָט צעקאַלעטשעט און וועט אייך דערדריקן, דערשטיקן... פאַרשטאַנען? יאָ, אַזוי וועט עס זיין... און ס'איז שוין דאָ! שוין האָט מען אין עטלעכע שטעט געפּרוווט זעען ווי שטאַרק זענען די קעפּ פון די הערן... איר ווייסט וועגן דעם? יאָ?

ער האָט זיך אַ וואַקל געטון אויף צוריק, זיך אָנגעלענט מיט דער פּלייצע אָן דער וואַנט, אויסגעצויגן די הענט פאָרויס און זיך פאַרקייכט אין אַ צעהאַקט געלעכטער. מאַקלאַקאָוו האָט אַ קוק געטון אויף די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען גלייך מיט אים, זיך אויך צעלאַכט און הויך געפרעגט:

— איר פאַרשטייט, וואָס ער רעדט?

— רעדן קאָן מען אַלץ! — האָט סאָלאָוויאָוו געענטפערט, נאָר באַלד גיך צוגעגעבן: — אין דער אייגענער קאָמפּאַניע! נאָר דאָס אינטערעסאַנטסטע איז — זיך צו דערוויסן, צי האָט זיך אין פּעטערבורג געגרינדעט טאַקע אַ געהיימע געזעלשאַפט און צו וואָס?

— אָט דאָס דאַרפן מיר וויסן! — האָט קראַסאַווין פאָדערנדיק געזאָגט. — און וואָסערע מענטשן ס'זענען דאָרט דאָ — אויך...

— און טאַקע, אינדעראמתן, ברידער, די רעוואָלוציע ציט זיך איבער אויף אַן אַנדער דירה! — האָט פּיאָטר פריילעך און לעבעדיק אויסגערופן.

— אויב דאָרט, אין אָט דער געזעלשאַפט, זענען טאַקע פאַראַן פירשטן — האָט סאָלאָוויאָוו פאַרטראַכט און פאַרטרוימט געזאָגט, — דאַרפן זיך אונזערע ענינים פאַרבעסערן...

— סיווי האָסטו ליגן אין באַנק דיינע צוואַנציק טויזנט רובעל, אַלטער תרח!

— און אפשר — דרייסיק? צייל איבער נאָכאַמאָל! — האָט סאָלאָוויאָוו באַליידיקט געזאָגט און איז אַוועק אָן אַ זייט

סאַשאַ האָט הייזעריק און שיטנדיק געהוסט, מאַקלאַקאָוו האָט געקוקט אויף אים פאַרכמורעט, און יעווסיי האָט זיך ביסלעכ־ווייז באַפרייט פון די דינע דראָטן פון דער אומדערוואַרטער, מיט־אַמאָל - באַשאַפענער צוציונג צום קראַנקן שפּיאָן. זיינע ווערטער, וואָס האָבן לכתחילה פאַרכאַפּט קלימקאָוון, זענען זיך יעצט צע־פלאָסן, פאַרשוואונדן אין דער נשמה, ווי שטויב אונטער אַ רעגן.

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? — האָט סאַשאַ אַ געשריי געטון צו מאַקלאַקאָוון. — יענער האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק ווייטער, נישט געענטפערט, און יעווסיי איז אים טעמפּ נאָכגעגאַנגען.

— איר האָט עפּעס פאַרשטאַנען? — האָט מאַקלאַקאָוו פלוצ־לינג געפרעגט יעווסייען.

— מיר געפעלט עס נישט...

— יאָ? פאַרוואָס?

— רק ער בייזערט זיך... און בייזקייט איז אָן אים אויך דאָ אַ סך...

— אַזוי! — האָט מאַקלאַקאָוו געזאָגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — פאַראַן גענוג בייזקייט.

— און מען קאָן גאָרנישט פאַרשטיין, — האָט זיך יעווסיי פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט — אַלע רעדן זיי פאַרשידן...

ער האָט דאָס געזאָגט און זיך באַלד דערשראָקן, פון דער זייט אַ קוק געטון מאַקלאַקאָוון אין פּנים אַריין. דער שפּיאָן האָט פאַרטראַכט אָפּגעווישט מיטן טיכל דעם שטויב פונם הוט און, חייזט אויס, נישט געהערט די געפּערלעכע ווערטער.

— נו, אַ גוטן! — האָט ער געזאָגט און אויסגעצויגן די האַנט.

יעווסיי האָט געוואָלט מיט אים מיטגיין, נאָר דער שפּיאָן האָט אָנגעטון דעם הוט און, דרייענדיק אַ וואָנסע, איז ער אַרויס, נישט געטון אַ קוק אויף קלימקאָוון.

...און אין שטאָט איז אומפאַרהאַלטן געוואָקסן עפּעס משונה דיקס, ווי אַ חלום. די מענטשן האָבן לגמרי פאַרלוירן די שרעק; אויף די פּנימער, וואָס זענען ביז נישט לאַנג געווען פלאַך און

אונטערטעניק, איז יעצט שאַרף און אָפן געלעגן אַ באַפעלערישער ערנסטער אויסדרוק. אַלע האָבן אויסגעזעען ווי מויערער, וואָס גרייט זיך צו צענעמען אַן אַלט הויז און באַראָטן זיך זאַכלעך, פון וואַנען איז בעסער אָנצוהייבן די אַרבעט.

כמעט יעדן טאָג האָט מען אין די פאַבריקס - פאַרשטעט אָפן איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונגען, אויף זיי זענען געקומען רעוואָלוציאָנערן, וואָס זענען געווען באַקאַנט פון אויסזען - סיי דער פּאָליציי, סיי דער אָכראַנע, זיי האָבן שאַרף געטאַדלט די אָרדענונגען פון לעבן, אויפגעוויזן, אַז דעם מיניסטערס מאַניפעסט וועגן צונויפרופן די מלוכהשע דומע — איז אַ פּרווו פון דער רעגירונג צו באַרויקן דאָס פאָלק, וואָס איז אויפגערעגט פון זיינע אומגליקן, און דערנאָך וועלן זיי עס אונטערפירן, ווי אַלעמאָל. זיי האָבן גערופן קיינעם נישט צו גלייבן, אַ חוץ דעם אייגענעם שכל.

און איינמאָל, ווען אַזאַ בונטאָווטשיק האָט אַ געשריי געטון:

— נאָר דאָס פאָלק איז דער אמתדיקער און רעכטלעכער באַלעבאָס פון זיין לעבן! אים געהערט די גאַנצע ערד און די גאַנצע פרייהייט!

האָט אים געענטפערט אַ פריידיקער ברום:

— אמת, ברודער!

יעוווסיי, פאַרטויבט פון אָט דעם ברום, האָט זיך אויסגעדרייט — הינטער אים איז געשטאַנען מיעלניקאָוו, די אויגן האָבן אים געברענט, שוואַרץ און צעשויבערט, האָט ער געפּאַטשט מיט די הענט, ווי אַ קראָ מיט די פליגלען און געשריגן:

— א - ממ - ת!

קלימקאָוו האָט אים פאַרחושט אַ צי געטון ביי דער פּאָלע פון רעקל און שטיל אַרויסגעשעפּטשעט:

— וואָס טוט איר? דאָס זאָגט דאָך אַ סאָציאַליסט, אַן אונטעראויפזיכטיקער...

מיעלניקאָוו האָט אַ פינטל געטון מיט די אויגן און געפרעגט:

— טאַקע?

און נישט דערוואַרט זיך אויף אַן ענטפער, האָט ער ווידער אַ געשריי געטון:

— הורראַ! ריכטיק...

און דערנאָך, מיט שווערער גאַליקייט, האָט ער געזאָגט צו יעהוסייען:

— רוק דיך אַוועק... אַלץ איינס, חער עס זאָגט דעם אמת...

יעהוסיי האָט געהערט די דאָזיקע נייע ווערטער, פאַרשעמט אין זיך אַריינגעשמייכלט, אומבאַהאָלפן זיך אומגעקוקט, געזוכט אַרום זיך צווישן הבין צו מענטשן, מיט וועלכן מען זאָל קאָנען זיך אָפּנאַרציק אויסרעדן, נאָר אַז ער האָט שוין געפונען אַן אָנגענעם פּנים, וואָס דערוועקט צוטרוי, האָט ער אַ זיפץ געטון און געשראָכן:

— כ'וועל אָנהייבן צו רעדן, ווער יענער באַלד פאַרשטייט, אַז כ'בין אַן אַגענט...

ער האָט געהערט, אַז אין זייערע רעדעס רעדן די רעוואָלוציאָנערן אָפט וועגן דעם, אַז מען דאַרף שאַפן אויף דער וועלט אַן אַנדער לעבן. אָט די רייד האָבן געוועקט זיינע קינדערישע טרוימען, זיי פאַרברייטערט, אָנגעפילט מיט אַ לויטערן אינהאַלט, און ער האָט געגלויבט אין די אומדערשראָקענע הייסע ווערטער — נאָר אויף דעם גליטשיקן, קלעפּיקן גרונט פון זיין נשמה, דער צעאַקערטער מיט שרעקלעכע איינדריקן, דער פאַרסמטער מיט שרעק, דער פאַרפוילטער מיט געוואַלט, איז דער גלויבן שוואַך און וואַקלדיק געוואָקסן, עס איז געווען ענלעך צו אַ קראַנק שווינדזיכטיק קינד, מיט קרומע פיס, מיט גרויסע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געקוקט אין דער ווייט.

יעהוסייען האָט הנאה געטון דער גיכער וואוקס פונם בונט, נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין כוח אים ליב צו קריגן, ער האָט געגלייבט די ווערטער, נאָר נישט געטרויט די מענטשן. די טרוימען האָבן אים צערטלעך גערירט, נאָר זיי זענען אָפּגעשטאָרבן, באַרירנדיק דאָס האַרץ. ווי אַ דערשראָקענער צושויער, איז ער אַרומגעגאַנגען אויפן ברעג פון שטראָם, נישט געהאַט קיין חשק זיך אַריינצוואַרפן אין זיינע דערפרישנדיקע כוואַליעס. און אין דער זעלבער צייט האָט ער זייער שטאַרק געוואָלט, אַז עמעצער זאָל דאָ זיגן, אַז עמעץ זאָל מאַכן דאָס לעבן רויק, אָנגענעם אין אים אָנווייזן דאָס געהעריקע אָרט.

תחילת איז אים אויסגעקומען אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס בײ די רעוואָלוציאָנערן, סײ די באַטשאַלסטוואָ פון די שפּיאָנען זידלען זיך אויס די מיניסטאָרן, זאָגן ביידע גלייך, אַז עמעצער וויל אונטערפירן דאָס פאָלק, נאָר אַז דאָס פאָלק איז אַליין ארויס אויף דער גאַס און אָנגעהויבן צו רעדן, האָט יעווסיי אויפגעהערט וועגן דעם צו טראַכטן.

די שפּיאָנען זענען אַרומגעגאַנגען פאַמעלעך, וואַקלדיק, אַלע זענען זיי געוואָרן פרעמד איינער דעם אַנדערן, פאַרוואָלקנט גע־שוויגן און יעדער האָט געקוקט אין זיין חברס אויגן אַריין מיט חשד, ווי ער וואָלט זיך פון אים געריכט עפּעס געפערלעכס. די באַטשאַלסטוואָ איז אַנטשוויגן געוואָרן, געוואָרן אומבאַמערקט, נישט אָנגעוויזן קיין שום פּלאַן פון אַרבעט און נישט געזאָגט קיין שום נייעס.

— און וועגן אַט דעם פּעטערבורגער פאַריין פון די פירשטן הערט זיך גאָרנישט קיין נייעס? האָט קראַסאַווין געפרעגט כמעט יעדן טאָג.

יינמאָל האָט פּיאָטר מיט שמחה איבערגעגעבן:

- קינדער, מ'האָט סאַשאַן אַרויסגערופן קיין פּעטערבורג! ער וועט דאָס מאַכן אַ שפּיל, איר'ט זען!

וויאַכירעוו, אזוי האָט געהייסן דער הויקערנאַזיקער און געלב־לעכער שפּיאָן, האָט פויל באַמערקט:

— דעם „פאַריין פון רוסישן פאָלק", איז דערלויבט געוואָרן צו שאַפן קאַמפּס - אָפּטיילונגען אויף צו דערהרגענען רעוואָלוציאָנערן. איך וועל טאַקע זיך איינשרייבן. איך שיס גוט פון אַ רעוואָלווער...

— פון אַ רעוואָלווער איז גאַנץ באַקוועם — האָט עמעצער געזאָגט. — גיסט אַ שיס אויס און אַנטלויפסט גלייך...

— ווי פשוט זיי רעדן דאָס וועגן אַלעם! — האָט יעווסיי געטראַכט, און נישט ווילנדיק זענען אים געקומען אויפן זינען אַנדערע רייד, אַלגאַ, מאַקאַראָוו, און ער האָט מיט פאַרדרוס אָפּגע־שטויסן פון זיך אַט דאָס אַלץ...

סאַשאַ איז צוריקגעקומען פון פּעטעבורג געזינטער, אין זיינע טונקעלע אויגן האָבן קאָנצענטרירט געפינקלט גרינע פונקען,

דאָס קול איז אים שוואַכער געוואָרן און דער גאַנצער קערפּער האָט זיך אים ווי אויסגעגלייכט, געוואָרן פעסטער.

— וואָס וועלן מיר טון? — האָט אים פּיאָטר געפרעגט.

— ׳סט איינגיכן געוואויער ווערן! — האָט סאַשאַ געענטפערט און אויסגעשטשירעט די ציין.

# XIX

געקומען דער האַרבסט, ווי אַלעמאָל שטיל און בענקענדיק נאָר די מענטשן האָבן ניט באַמערקט זיין אָנקום. נעכטן דרייסטע און רוישיקע, זענען זיי היינט אַרויס אויף דער גאַס נאָך דרייסטערע, נאָך מעכטיקערע און אונטערגעהאַלטן יעוואסיי קלימקאָווס גלויבן אין זייער זיג, אין דער באַנטקייט פון אַ רויק, שטיל לעבן.

דערנאָך זענען אָנגעקומען אַזוינע שרעקלעכע און הערלעכע טעג, ווי אין אַ מעשהלע — אַלע מענטשן האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן, און דאָס טאָג-טעגלעכע לעבן, וואָס האָט אַזוי לאַנג אַלע געדריקט מיט זיין אכזריותדיקער צייללאָזער שפּיל, איז מיטאַמאָל שטיין געבליבן, אָפּגעשטאָרבן, ווי דערדריקט פון עמעצנס מעכטיקן אַרומנעם. מענטשן האָבן אָפּגעזאָגט דער שטאָט, זייער הערשער, אין ברויט, פייער, וואַסער, און נעכטיקע נעכט איז זי אַזוי געשטאַנען אַ הונגעריקע, אַ דורשטיקע, אַ פאַרמרוקעטע און אַ באַליידיקטע. אין אָט די פינסטערע פאַרשעמטע נעכט איז דאָס אַרבעטאָרערישע פאָלק אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן מיט לידער, מיטקינדערישער פרייד אין די אויגן — די מענטשן האָבן ס׳ערשטע מאָל לויטער דערזען זייער כוח און אַליין איבערראַשט געוואָרן פון זיין באַדייטונג, זיי האָבן דערקענט זייער מאַכט איבערן לעבן און גוטמוטיק געיובלט, געקוקט אויף די בלינד-געוואָרענע הייזער, אויף די אומבאַוועגלעכע, טויטע מאַשינען, אויף דער פאַרלוירענער פּאָליציי, אויף די

צוגעמאַכטע, אַלעמאָל - הונגעריקע פּיסקעס פון די געשעפטן און
שענקען, אויף די דערשראָקענע פּנימער פון די מענטשן, וואָס
האָבן נישט געקאָנט אַרבעטן און זיך דערפאַר אויסגעלערנט זז
סך צו עסן און דערמיט זיך געהאַלטן פאַר די בעסטע מענטשן
פון שטאָט. אין יענע טעג האָט זיך די מאַכט איבערן לעבן אַרויסגעריסן
פון זייערע אָנמעכטיקע הענט, נאָר די אכזריותדיקייט און די
גיריקייט איז ביי זיי געבליבן. קלימקאָוו האָט געזעען, אַז אָט די
מענטשן, וואָס זענען געווינט געווען צו באַפעלן, גיבן זיך יעצט
שווייגנדיק אונטער דעם ווילן פון די הונגעריקע, אָרעמע, ברודי-
קע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די באַלעבאַטים איז אַ חרפּה צו
לעבן, אַז זיי באַהאַלטן זייער חרפּה, און אונטערשמייכלענדיק די
אַרבעטער, נאַרן זיי זיי אָפּ, האָבן מורא פאַר זיי. נאָר דאָך
האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס פאַרגאַנגענע וועט שוין מער
נישט צוריקקומען, אַז ס'זענען געקומען פרישע באַלעבאַטים, און
אויב זיי קאָנען נישט מיטאַמאָל אָפּשטעלן דעם גאַנג פון לעבן,
הייסט עס, אַז זיי וועלן עס קאָנען יעצט אויפבויען אַנדערש,
פרייער און לייכטער פאַר זיך, פאַר אַלעמען.

דאָס אַלטע, אכזריותדיקע און שלעכטע איז אַוועק פון דער
שטאָט, עס האָט זיך באַהאַלטן אין דער פינסטערניש, געלויערט,
די מענטשן זענען געוואָרן בעסער, און כאָטש אין די נעכט איז
אין שטאָט נישט געווען קיין פייער, זענען דאָך די נעכט געווען
אַזעלכע רויִשיק - פריידיקע, ווי די טעג.

אומעטום האָבן זיך צונויפגעקליבן המונים מענטשן און
באַלעבאַט אָנגעהויבן צו רעדן מיט פרייער און דרייסטער מענטשלע-
כער שפּראַך וועגן די נאָענטע טעג פונם נצחון פון אמת, פלאַמענ-
דיק אין אים געגלייבט, און די נישטגלייבנדיקע האָבן געשוויגן
און זיך צוגעקוקט צו די נייע פּנימער, פאַרגעדענקט זיך די נייע
רייד. אָפט האָט קלימקאָוו צווישן דעם עולם געזען שפּיאָנען,
נישט געוואָלט, זיי זאָלן אים דערזען, און גיך זיך אָפּגעטראָגן.
עפּטער פון אַלע פלעגט ער באַגעגענען מיעלניקאָוון. אָט דער
מענטש האָט דערוועקט ביי יעווסייען אַ באַזונדער אינטערעס צו

זיך. ארום אים האָט זיך אַלעמאָל צונויפגעקליבן אַן ענגע קופּע מענטשן, ער איז געשטאַנען אינדערמיט און פונדאַנען איז, ווי אַ פינסטערער שטראָם, געפלאָסן זיין געדיכטע שטימע:

— אָט — גיט אַ קוק! דאָס פאָלק האָט געוואָלט, און אַלץ איז געבליבן שטיין. עס וועט נאָך וועלן און נעמען אַלץ אין זיינע הענט! אָט דאָס איז דער כוח! געדענק־זשע דאָס, פאָלק, לאָז נישט אַרויס פון דיין ווילן דאָס, וואָס האָסט דערגרייכט, היט זיך! מער פון אַלץ היט זיך פאַר דער כיטרעקייט פון די פאַרשי־דענע הערן, אוועק'ט זיי, טרייבט זיי, יאָגט זיי, און טאָמער וועלן זיי רעדן אַ סך — איז קיילן צום טויט!

אַז יעווסיי האָט געהערט אָט די ווערטער, האָט ער גע־טראַכט:

— פאַר אַזעלכע רייד פלעגט מען איינזעצן אין תפיסה... וויפל האָט מען דאָס שוין איינגעזעצט! און יעצט — רעדט איר אַזוי אַליין...

ער האָט פון אינדערפרי אָן ביז שפּעטער נאַכט זיך איינזאַם אַרומגעשלעפּט צווישן המון, טיילמאָל האָט ער געוואָלדיק געוואָלט אָנהייבן צו רעדן, נאָר אַז ער האָט דערפילט אָט דעם פאַרלאַנג, איז ער גלייך אַוועק ערגעץ אין אַ וויסט אונטערגעסל, אין אַ פינסטערן ווינקל.

— ווען אָנהייבן צו רעדן — וועט מען גלייך דער־קענען! — האָט אים כסדר גענאָגט אַ שווערער געדאַנק, און ער האָט זיך געטרייסט, טראַכטנדיק:

— כ'וועל נאָך באַווייזן... כ'וועל זיך נאָך אָנרעדן...

איינמאָל ביינאַכט, ווען ער איז בעגאַנגען אויף דער גאַס, האָט ער דערזעען מאַקלאַקאָוון. באַהאַלטן אין אַ טויער, האָט דער שפּיאָן געהאַלטן אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט אין אַ באַלויכטן פענסטער פון אַ הויז אויף דער אַנדערער זייט גאַס, ווי אַ הונגע־ריקער הונט, וואָס וואַרט אויף זיין רויב.

— ער וואַרפט נישט אַוועק זיין געשעפט! — האָט יעווסיי אַ טראַכט געטון און געפרעגט מאַקלאַקאָוון:

— איר ווילט, וועל איך אייך טוישן, טימאָפיי וואַסיליעוויטש?

— דו? מיך? — האָט דער שפּיאָן נישט הויך אויסגערופֿן, און קלימקאָוו האָט דערפֿילט עפּעס נישט גוטס: ס'ערשטע מאָל האָט דער שפּיאָן זיך געווענדעט צו אים אויף „דו“, און יעצט האָט ער עפּעס געהאַט אַ פֿרעמד קול.

— מע דאַרף נישט... גיי! — האָט ער געזאָגט.

שטענדיק אַזאַ גלאַטער און העפֿלעכער, איז יעצט דער שפּיאָן געווען צעשויבערט, די האָר, וועלכע ער פֿלעגט אַלעמאָל גלאַטיק און שיין פֿאַרקעמען הינטער די אויערן, זענען יעצט אָרדענונגסלאָז געלעגן אויפֿן שטערן און אויף די וויעס, ס'האָט זיך געשפּירט פֿון אים בראָנפֿן.

— אַ גוטן! — האָט יעווסיי אָראָפּגענומען ס'היטל און געזאָגט, און נישט איילנדיק אַוועק. נאָר נאָך עטלעכע טריט האָט ער הינטער זיך דערהערט אַ שטיל קול:

— הער נאָר...

יעווסיי האָט זיך אויסגעדרייט; דער שפּיאָן האָט אים אָן גערויש אָנגעיאָגט און געשטאַנען לעבן אים.

— לאָמיר גיין צוזאַמען...

— שטאַרק, ווייזט אויס, שיכור! — האָט יעווסיי אַ טראַכט געטון.

— ווייסט, ווער עס וואוינט אין דעם הויז? — האָט מאַקלאַקאָוו געפֿרעגט און זיך אויסגעדרייט אויף צוריק.

— ניין...

— מיראָנאָוו.‚ דער שרייבער... געדענקסט?

— כ'געדענק.

— נו, אַוודאי דאַרפֿסטו עס געדענקען... ער האָט דיך אַזוי פּשוט אויסגעשטעלט פֿאַר אַ נאַר...

— יאָ, — איז יעווסיי מסכּים געווען.

זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך און נישט געקלאַפּט מיט די פֿיס. אויף דער שמאָלער גאַס איז געווען שטיל, וויסט און קאַלט.

— קום צוריק! — האָט מאַקלאַקאָוו פֿאָרגעלייגט. דערנאָך האָט ער זיך גלייכגעמאַכט דאָס היטל אויפֿן קאָפּ, פֿאַרשפּילעט די קנעפּ פֿונם פּאַלטן און פֿאַרטראַכט געזאָגט:

— און איך, ברודער, פאַר אַוועק... קיין אַרגענטינע. דאָס געפינט זיך אין אַמעריקע, אָט דאָס אַרגענטינע...

קלימקאָוו האָט אויפגעכאַפּט אין זיינע ווערטער עפּעס יאוש־דיקס, האָפענונגסלאָזס און ס'איז אים אויך געוואָרן אומעטיק און אומאָנגענעם.

— פאַרוואָס... אַזוי ווייט? — האָט ער געפרעגט.

— מען מוז...

ער איז ווידער געבליבן שטיין אַנטקעגן דעם באַלויכטענעם פענסטער און שווייגנדיק אויף עס געקוקט. אויפן שוואַרצן קרומען פּנים פונם הויז האָט דאָס פענסטער, ווי אַ גרויס איינזאַם אויג, געוואָרפן אין דער פינסטערניש אַ רויקן שטראַל ליכט, און דאָס ליכט איז געווען ענלעך צו אַ קליינעם אינזל צווישן שוואַרץ, שווער וואַסער.

— דאָס איז זיין פענסטער, מיראָנאָווס — האָט מאַקלאַקאָוו שטיל געזאָגט. — זעסט, ביינאַכט זיצט ער אַליין און שרייבט... קום!

אַנטקעגן זיי זענען געגאַנגען מענטשן, גישט הויך געזונגען אַ ליד —

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער קאַמף

— מען וואָלט געדאַרפט אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט! — האָט יעווסיי שעפּטשענדיק פאָרגעלייגט.

— האָסט מורא? — האָט מאַקלאַקאָוו געפרעגט, נאָר דער ערשטער אַראָפּ פון טראָטואַר אויף דער פאַרפראָרענער בלאָטע פון דער גאַס. — אומזיסט שרעקסטו זיך... אָט די מענטשן, מיט די לידער וועגן קאַמף און שלאַכט און נאָך אַזוינע זאַכן, זענען גאַנץ רויקע מענטשן... קיין חיות, מיין איך, איז נישטאָ צווישן זיי... יאָ... ס'וואָלט גוט געווען יעצט צו זיצן אין דער וואַרעמ־קייט, אין שענק... און דאָ איז אַלץ פאַרמאַכט! אַלץ איבערגע־ריסן, ברודער...

— קומסט אַהיים! — האָט קלימקאָוו פאָרגעלייגט.

— אַהיים? ניין, אַ דאַנק... גיי דיר, אויב דו ווילסט...

יעווסיי איז געבליבן, אונטערטעניק זיך איבערגעגעבן דער אומעטיקער דערוואַרטונג פון עפּעס אומפאַרמיידלעכס.

און פון דעם אַנדערן טראָטואַר האָבן זיך געהערט מענטשנס שטימען.

— מישאַ, גלייבסט פּאַקע נישט? — האָט איינער קלינגענדיק און פריידיק געפרעגט.

אַ ווייבער באַס האָט געענטפערט:

— כ׳גלייב. נאָר איך זאָג, אַז נאָך נישט אַזוי גיך...

— הער נאָר, ס׳אַרא שפּיאָן ביסטו מיר, צו אַל׳דע רוחות? — האָט מאַקלאַקאָוו פּלוצלינג אַ פרעג געטון, שפּויסנדיק יעווסייען מיטן עלנבויגן. — איך קוק זיך צו דיר צו שוין גאַנץ לאַנג, און אַלעמאָל האָסטו אַזאַ פּנים, גלייך וואָלסט איינגענומען ריצין-אייל.

יעווסיי האָט זיך דערפרייט, וואָס ער קאָן אָפּן רעדן וועגן זיך און גיך אַרויסגעבראָמט:

— איך, טימאָפיי וואַסיליעוויטש, וועל אַוועק... אָט, ווי נאָר ס׳וועט זיך דאָס אַלץ מאַכן, וועל איך אַוועק... וועל זיך פאַרנעמען אַ ביסל מיט האַנדל און וועל לעבן שטיל, איינער אַליין...

— וואַרט נאָר — וואָס וועט זיך דאָס מאַכן?

— אָט דאָס אַלצדינג... מיט אָט דעם נייעם לעבן... ווען דאָס פאָלק וועט זיך אַ נעם טון צו אָט דעם אַלעמען...

— ע - ע...—האָט דער שפּיאָן אויסגעצויגן, אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, זיך צעלאַכט און מיט זיין געלעכטער איבערגעריסן יעווסייס פאַרלאַנג צו רעדן.

זיי זענען ווידער אַוועק שווייגנדיק, ווידער זיך אומגעקערט, ס׳איז געווען אומעטיק.

— אָט וואָס! — האָט מאַקלאַקאָוו אומגעריכט גראָב און מיט האַרץ אָנגעהויבן צו רעדן, ווען זיי זענען ווידער צוגעקומען צום הויז, וואו דער שרייבער האָט געוואוינט.—איך פאָר טאַקע אַוועק... אויף שטענדיק, אינגאַנצן פון רוסלאַנד... פאַרשטייסט? און איך דאַרף איבערגעבן אָט דעם דאָזיקן שרייבער... פּאַפּירן... זעסט — אַ פּעקל?

ער האָט אַ פּאָכע געטון אין דער לופט פּאַר יעווסייס פּנים מיט אַ ווייסן דרייעק און גיך, וואַרטשענדיק ווייטער גערעדט:

— אַליין וועל איך צו אים נישט גיין... שוין דעם צווייטן טאָג קוק איך אים נאָך — צי ער גייט נישט אַרויס... נאָר ער איז קראַנק, גייט נישט אַרויס. כ'וואָלט עס אים אָפּגעגעבן אויף דער גאַס... שיקן אויף דער פּאָסט קאָן מען נישט, מען עפנט זיינע בריוו, מען גנבעט זיי אויף דער פּאָסט און מען גיט זיי אונז אָפּ אין דער אָכראַנע... און גיין צו אים קאָן איך נישט... האָסט פאַרשטאַנען?

דער שפּיאָן האָט צוגעדריקט דאָס פּעקל צו דער ברוסט־ זיך אָנגעבויגן, אַריינגעקוקט יעווסייען אין די אויגן אַריין.

— דאָ, אין דעם פּעקל, איז מיין לעבן, איך האָב דאָ באַ־ שריבן וועגן זיך, אַזוי, אַ דערציילונג... ווער בין איך און פאַר־ וואָס... וויל איך, אַז ער זאָל עס איבערלייענען... ער האָט ליב מענטשן...

אָנגענומען יעווסייען פון אָקסל מיט אַ שטאַרקער האַנט, אים אַ שאָקל געטון און באַפוילן:

— גיי, גיב עס אים אָפּ! גלייך אין די הענט, אים פער־ זענלעך... גיי! זאָג אים, איינער האָט...

מאַקלאַקאָוו האָט אָפּגעריסן, אַנטשוויגן געוואָרן.

— איינער, אַן אַגענט פון דער אָכראַנע - אָפּטיילונג האָט אייך צוגעשיקט אָט די פּאַפּירן און בעט אונטערטעניקסט — אַזוי זאָלסטו טאַקע זאָגן, זאָלסט נישט פאַרגעסן — בעט אונטערטע־ ניקסט!... זיי איבערצולייענען. איך וועל אויף דיר אונטערוואַרטן דאָ, אויף דער גאַס — גיי! נאָר, געדענק, זאָג אים נישט, אַז איך שטיי דאָ. און טאָמער וועט ער פרעגן, זאָלסטו זאָגן: ר'איז אַנט־ לאָפן, אַוועק קיין אַרגענטינע... הזר איבער!

— אַוועק קיין אַרגענטינע...

— יאָ, און פאַרגעס נישט — בעט אונטער'טעניקסט!

— כ'וועל נישט פאַרגעסן...

— גיי גיכער... גיכער!

ער האָט פּאַמעלעך אונטערגעשטופּט קלימקאָוון אין דער פּלייצע, באַגלייט אים ביז צום טויער פון הויז, איז אַוועק אָן אַ ווייַט און דאָרט געבליבן שטיין, נאָכגעקוקט.

אַן אויפגערעגטער, אַרומגעכאַפּט מיט אַ דראָבנעם ציטער, פאַרלירנדיק דאָס באַוואוסטזיין פון זיין פערזאָן, וואָס איז דערשטיקט געוואָרן פון מאַקלאַקאָווס באַפעלערישע רייד, האָט יעווסיי געדריקט מיטן פינגער אין גלעקל, געוואָלט וואָס גיכער זיך באַהאַלטן פאַרן שפּיאָן, גרייט אַדורכצוקריכן דורך דער טיר, געשטופּט אין איר מיט די קני. די טיר האָט זיך געעפנט, אין דעם פּאַס ליכט איז געשטאַנען עפּעס אַ שוואַרצער מענטש, בייז געפרעגט:

— וואָס דאַרפט איר?

— דעם שרייבער... הער מיראָנאָוו... אים פערזענלעך, אים אין די הענט אַריין האָב איך איבערצוגעבן אַ בריוו — אַ פּעקל, ביטע, גיכער! — האָט יעווסיי געזאָגט, נישט ווילנדיק נאָכגעזאָגט מאַקלאַקאָווס גיכע און כאַאָטישע רייד.

אין קאָפּ האָט זיך אים אַליין איבערגעדרייט, דאָרט זענען געלעגן נאָר דעם שפּיאָנס ווערטער, ווייסע און קאַלטע, ווי טויטע ביינער, און אַז איבערן קאָפּ האָט ער דערהערט אַ קול:

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען, יונגערמאַן?

האָט יעווסיי אָנגעהויבן צו רעדן גלייכגילטיק, ווי אַן אויטאָמאַט:

— איינער, אַן אַגענט פון דער אָכראַנע - אָפּטיילונג האָט צו אייך געשיקט אָט די פּאַפּירן און בעט אייך אונטערטעניקסט זיי איבערצולייענען. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע...

דאָס אומבאַקאַנטע, משונהדיקע וואָרט האָט געאומערט יעווסייען, און ער האָט שטיל צוגעגעבן:

— אַרגענטינע, וואָס אין אַמעריקע...

— יאָ... און וואו זענען די פּאַפּירן?

דאָס קול האָט געקלונגען מילד. יעווסיי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, דערקענט דאָס זעלנערישע פּנים מיט די געלע וואָנסעס, אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס גראָבע פּעקל און אים דערלאַנגט.

— נו, זעצט אייך...

קלימקאָוו האָט זיך אַנידערגעזעצט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

דער קלאַנג פון צעריסענעם פּאַפּיר האָט אים געמאַכט אויפ־ציטערן. ער האָט נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, שרעקעוודיק אַ קוק געטון אויפן שרייבער. יענער איז געשטאַנען פאַר אים, אַדורכגעקוקט דאָס פּעקעל און באַוועגט מיט די וואָנסעס.

— זאָגט איר, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן?

— יאָ...

— און איר אַליין זענט אויך אַן אַגענט?

— אויכעט — האָט יעווסיי שטילינקע געזאָגט.

און זיך געטראַכט:

— וועט באַלד אָנהויבן צו זידלען...

— אייער פּנים איז מיר ווי באַקאַנט.

יעווסיי האָט זיך באַמיט נישט צו קוקן אויף אים, נאָר געפילט, אַז ער שמייכלט.

— יאָ, באַקאַנט — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ זיפץ.

— איר האָט אויך... מיר נאָכגעשפּירט?

— איין מאָל... און איר האָט מיך באַמערקט פון פענסטער, אַרויס אויף דער גאַס און מיר געגעבן אַ בריוו...

— יאָ, יאָ — כ׳געדענק! אַך, צום טייוול, זענט איר עס געווען? נו, אַנטשולדיקט מיר, האַרציקער, איך האָב אייך, דאַכט זיך, דעמאָלט אויסגעזידלט... האַ?

יעווסיי איז אויפגעשטאַנען פון דער שטול, אומצוטרויליך אַריינגעקוקט אין שמייכלענדיקן פּנים, זיך אַרומגעקוקט.

— דאָס איז גאָרנישט! — האָט ער געזאָגט.

עס איז אים געווען נישט צו־דערטראָגן אומאָנגענעם צו הערן דאָס גראָבע, צערטלעכע קול, און ער האָט מורא געהאַט אַז דער שרייבער וועט אים פונדעסטוועגן אָנזידלען און אַרויסטרייבן.

— זעט איר, ווי מאָדנע מיר האָבן זיך דעמאָלט באַגעגנט יענץ מאָל... האַ?

— מער גאָרנישט? — האָט יעווסיי אומעטיק געפרעגט

— גאָרנישט. נאָר איר זענט, דאַכט זיך, פאַרמאַטערט? זעצט זיך, רוט זיך אָפּ...

— כ׳וועל גיין...

— ווי איר ווילט. נו, אַ דאַנק אייך... אַ גוטן!

ער האָט אויסגעצויגן אַ האַנט, אַ גרויסע, מיט געלער הויט אויף די פינגער. יעווסיי האָט זיך פּאָרזיכטיק צוגערירט צו איר און אומגעריכט פאַר זיך אַליין אַ בעט געטון:

— ערלויבט מיר אויך צו דערציילן מיין לעבן...

און אַז ער האָט זופנדיק געציילט אָט די ווערטער, האָט ער זיי באַגלייט מיטן געדאַנק:

— אָט מיט וועמען איך וואָלט געדאַרפט רעדן! אויב טימאָ-פיי וואַסיליעוויטש, אָט דער קלוגער און בעסטער, שעצט אים אַזוי הויך...

דערמאַנט זיך אָן מאַקלאַקאָוון, האָט יעווסיי אַ קוק געטון אין פענסטער, אויף אַ ווייל זיך דערשראָקן, נאָר דערנאָך צו זיך געזאָגט:

— נישקשה... נישט ס׳ערשטע מאָל פרירט ער...

— נו, מאַ, דערציילט, אויב איר ווילט... טוט אייך אויס דעם פּאַלטן... און אפשר זאָל איך אייך געבן טיי? ס׳אי׳ קאַלט!

יעווסייען האָט זיך געגלוסט אַ שמייכל טון, נאָר ער האָט עס זיך נישט דערלויבט.

און אין עטלעכע מינוט אַרום, האַלבפאַרמאַכנדיק די אויגן, איינטאָניק און געניט, מיט דער זעלבער שטימע, מיט וועלכער ער האָט באַריכטעט אין דער אָכראַנע וועגן זיינע נאָכ-שפּירונגען, האָט קלימקאָוו דערציילט דעם שרייבער וועגן דאָרף, וועגן יאַקאָוון, וועגן שמיד און אים נאָכגעקוקט פון אונטער די ברעמען אָפּער.

דער שרייבער איז געזעסן אויף אַ ברייטן, שווערן טאַבורעט ביי אַ גרויסן טיש, אונטערגעבויגן די פיס אונטער זיך און זיך אָנגעלענט מיטן עלנבויגן אָן טיש, זיך אָנגעבויגן פאָרויס, געדרייט די וואָנסע מיט גיכע האַנט - באַוועגונגען. זיין קיילעכדיקער, גלאַט - אָפּגעשוירענער קאָפּ איז געווען באַלויכטן מיטן פייער פון צוויי ליכט, די אויגן האָבן געקוקט אויפמערקזאַם, ערנסט, נאָר ערגעץ ווייט, איבער קלימקאָוון.

— ער הערט נישט — האָט ער אַ טראַכט געטון און אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט דעם טאָן, אומבאַמערקט אַרומגעקוקט דעם צימער און אייפעריק נאָכגעקוקט דעם שרייבערס פּנים.

אין צימער איז געווען פינצטער און נעבלדיק. ס'האָט אויסגעזען, אַז די ענג-אָנגעשטופּטע פּאָליצעס מיט ביכער האָבן פאַרגרעסערט די גרעב פון די ווענט האָבן נישט אַדורכגעלאָזט אין קליינעם צימערל די קלאַנגען פון דער גאַס. צווישן די פּאָליצעס האָבן מאַט געפינקלט די שויבן פון די פענסטער, פאַרקלעפּט מיט קאַלטער נאַכט-פינצטערניש, איז אַרויסגעטרעטן אַ ווייסער שמאָלער פלעק פון דער טיר. דער טיש, באַדעקט מיט אַ גרוי געוואַנט, איז געשטאַנען אינמיטן צימער און פון אים האָט אַלץ אַרום אויסגעזען צו זיין באַלויכטן מיט טונקל-גרויען טאָן.

יעווסיי איז געזעסן אין ווינקל אויף דער שטול, באַקלאַפּט מיט גלאַטיקער, האַרטער לעדער, ער האָט זיך פאַרוואָס-עפּעס אָנגעלענט מיט דער פלייצע אָן דעם הויכן ווענטל פון דער שטול און דערנאָך אַראָפּגעפאָרן פון עס. עס האָט אים געשטערט דער פלאַם פון די ליכט, ס'האָט אויסגעזען, אַז די געלע צינגלעך פון פייער האָבן געפירט צווישן זיך אַ שטומען שמועס — פּאַמעלעך זיך אָנגעבוינן איינס צום אַנדערן, אויפגעציטערט, זיך ווידער אויסגעגלייכט און זיך געצויגן אַרויף.

הינטער דעם שרייבערס פּיגור, איבערן דיוואַן, איז געהאָנגען אַ גרויסער פּאָרטרעט, האָט שטרענג געקוקט עמעצנס געל פּנים מיט אַ שאַרף בערדל.

דער שרייבער האָט אָנגעהויבן צו דרייען מיט די וואָנסעס פּאַמעלעכדיקער, נאָר זיין בליק האָט, ווי פריער, געקוקט ערגעץ אויסערן צימער, און דאָס אַלץ האָט געשטערט יעווסייען, צעהאַקט זיינע זכרונות. ער האָט פאַרמאַכט זיינע נישטזעענדיקע אויגן, און אַז די פינצטערניש האָט אים פעסט אַריינגענומען, האָט ער לייכט אָפּגעזיפצט און זיך מיטאַמאָל דערזען צעשפּאָלטן אויף צווייען — אַ מענטש, וואָס האָט אַמאָל געלעבט און אַ אַנדערער, וואָס האָט געקאָנט דערציילן וועגן דעם ערשטן, ווי וועגן אַ פרעמדן. זיינע רייד האָבן זיך געגאָסן שווימענדיק, דאָס קול איז אים שטאַרק

געהאָרן, און די געשעעענישן פון לעבן האָבן זיך בינדנדיק גע־צויגן איינס נאָכן אַנדערן, זיך געוויקלט לייכט, ווי אַ קנויל גרויער פּאָדעם און אָפּגעוויקלט די קליינע, איינגעשרומפּענע נשמה פון די ברודיקע, שווערע שמאַטעס פון דעם, וואָס זי האָט איבערגעלעבט. אַנגענעם איז געווען צו דערציילן וועגן זיך, קלימקאָוו האָט גע־הערט זיין אייגן קול מיט שטילער פאַרוואונדערונג, ער האָט דער־ציילט דעם אמת און קלאָר געזען, אַז אייגנטלעך איז ער גאָרנישט שולדיק — ער האָט דאָך אַלע טעג אַדורכגעלעבט נישט אַזוי, ווי ער האָט געוואָלט! אַלעמאָל האָט מען אים געהייסן טון דאָס, וואָס איז אים געווען נישט אָנגענעם, נישט נייטיק, ער האָט זיך האַר־ציק באַדויערט, כמעט גרייט צו וויינען — און ער האָט יעצט מנאה געהאַט פון זיך אַליין...

אַז דער שרייבער האָט אים עפּעס געפרעגט, האָט יעווסיי נישט פאַרשטאַנען די פראַגע, נישט געעפנט די אויגן און שטרענג און שטיל געזאָגט:

— וואַרט אונטער... כ׳וועל אייך דערציילן כסדר...

ער האָט גערעדט, נישט מיד ווערנדיק, און אַז ער איז צו־געקומען צום מאָמענט פון דער באַגעגעניש מיט מאַקלאַקאָוון, איז ער מיטאַמאָל שטיין געבליבן, ווי פאַר אַ גרוב, געעפנט די אויגן, דערזעען דער אין פינסטער דעם טונקעלן בליק פון האַרבסטיקן מאָרגן, די קאַלטע גרויע ענדלאָזיקייט פונם הימל. ער האָט שווער אַ זיפץ געטון, זיך אויסגעגלייכט, דערפילט זיך ווי אינערלעך אָפּגעוואַשן, אומגעוויינלעך לייכט, אומאָנגענעם הייל, און דאָס האַרץ זיינס איז גרייט געווען אָנצונעמען פרישע באַפעלן, פרישן געוואַלט איבער זיך.

דער שרייבער האָט זיך רויק אויפגעשטעלט, אַזאַ הויכער־אַ פעסטער, ער האָט צענויפגעדריקט די הענט, די פינגער האָבן אים רויק און אומאָנגענעם אַ קנאַק געטון און ער האָט זיך אויס־געדרייט צום פענסטער.

— וואָס טראַכט איר יעצט צו טון? — האָט ער געפרעגט, נישט קוקנדיק אויף קלימקאָוון.

יעווסיי האָט זיך אויך אויפגעהויבן פון דער שטול און זיכער איבערגעחזרט, וואָס ער האָט געזאָגט מאַקלאַקאָוון:

— ווי נאָר ס'וועט זיך באַשאַפן אָט דאָס נייע לעבן, וועל איך זיך שטיל פאַרנעמען מיט האַנדל... וועל אַוועקפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט... געלט האָב איך ביי זיך ליגן, אַן אַנדערטהאַלבן הונ־דערט רובעל...

דער שרייבער האָט זיך פאַמעלעך צו אים אויסגעדרייט.

— אַזוי! — האָט ער געזאָגט. — איר האָט נישט קיין אַנ־דערע פאַרלאַנגען?

קלימקאָוו האָט אַ טראַכט געטון און געענטפערט:

— ניין..

— און איר גלייבט אינם נייעם לעבן? ווי מיינט איר — עס וועט באַשאַפן ווערן?

— ווי דען אַנדערש... אויב דאָס גאַנצע פאָלק וויל עס?.. וואָס אי'? עס וועט נישט באַשאַפן ווערן?

— איך זאָג גאָרנישט..

ער האָט זיך ווידער אויסגעדרייט צום פענסטער, צעפּירט די וואָנסעס מיטביידע הענט און אַנטשוויגן געוואָרן. יעווסיי האָט זיך גערירט אויף עפּעס, איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און זיך צוגע־הערט צו דער הוילקייט אין דער ברוסט.

— זאָגט מיר — האָט דער שרייבער נישט הויך און פאַ־מעלעך געזאָגט — צי איז אייך נישט אַ שאָד אָט די מענטשן... אָט דאָס מיידל, דער קוזין, זיינע חברים?

קלימקאָוו האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אָנגענומען די פּאָלעס פונם רעקל.

— אָט האָט איר זיך יעצט דערוואוסט, אַז זיי זענען געווען גערעכט... יאָ?

— פריער איז געווען אַ רחמנות... אַ צער, הייסט עס... און יעצט האָב איך שוין נישט קיין רחמנות...

— ניין? פאַרוואָס?

נישט מיטאַמאָל און נישט הויך האָט קלימקאָוו געזאָגט:

— וואָס איז דען? זיי זענען גוטע מענטשן... און האָבן זיך זייערס דערגרייכט...

— און אייך איז קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז איר פאַר־געסט זיך מיט אַ מיאוסער זאַך? — האָט דער שרייבער געפרעגט.

יעזוסיי האָט אַ זיפץ געטון און געענטפערט:

— מיר געפעלט עס דאָך נישט... איך טו דאָך, וואָס מען הייסט מיר...

דער שרייבער האָט פאַמעלעך געשפּאַנט צו אים, דערנאָך איז ער אַוועק אָן אַ זייט, קלימקאָוו האָט דערזען די טיר, אין וועלכער ער איז אַריין. ער האָט זי דערזען, ווייל דעם שרייבערס אויגן האָבן אויף איר געקוקט.

— מען דאַרף גיין — האָט ער אַ טראַכט געטון.

— איר ווילט מיך נאָך עפּעס פרעגן? — האָט דער שריי־בער געפרעגט.

— ניין. איך גיי שוין.

— זייט געזונט..

און דער שרייבער האָט זיך אָפּגערוקט פון אים אָן אַ זייט. יעזוסיי איז געטרעטן אויף די שיך־בעז, אַרויס אין קאָרידאָר און אָנגעהויבן זיך אָנצוטון דעם פּאַלטן, און פון דער צימער־טיר האָט זיך דערהערט אַ נישט הויך קול:

— הערט נאָר — פאַרוואָס האָט איר דאָס אַלץ דערציילט מעגן זיך?

יעזוסיי האָט געשטופּט אין די הענט דאָס היטל, זיך פאַר־טראַכט און געענטפערט:

— אַזוי... סימפּאַטיי וואַסיליעוויטש שעצט אייך זייער הויך — אָט דער, וואָס האָט מיך געשיקט...

דער שרייבער האָט זיך צעלאַכט.

— אַהאַ... נאָר צוליב דעם?

— און פאַרוואָס האָב איך אים טאַקע דערציילט? — האָט קלימקאָוו זיך פאַרוואונדערט, און פינטלענדיק מיט די אויגן, מיד נעקוקט דעם שרייבער אין פּנים אַריין.

— נ - נו, אַ גוטן... — האָט דער באַלעבאָס זיך געריבן די הענט און זיך אָפּגערוקט פונם גאַסט.

יעווסיי האָט זיך אים העפלעך פאַרנייגט.

— אַ גוטן!

אַז ער איז אַרויס אויף דער גאַס און זיך אומגעקוקט, האָט ער אויפן ראָג, אין גרויסן פרימאָרגן-נעבל, מיטאַמאָל באַמערקט אַ שוואַרצע פיגור פון אַ מענטש, וואָס האָט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ שטיל געשפּאַנט צום פאַרקאַן אַראָפּ.

— ער וואַרט! — האָט קלימקאָוו אַ טראַכט געטון, זיך איינגעקורטשעט. — ער וועט אויסזידלען, וועט זאָגן — צו לאַנג געזוימט...

דער שפּיאָן האָט, ווייזט אויס, דערהערט אין דער פרימאָרגן-שטילקייט דעם הוילן קלאַנג פון טריט אויף געפרוירענער ערד, ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און איז גיך, כמעט געלאָפן יעווסייען אַנטקעגן.

— אָפּגעגעבן? יאָ?

— אָפּגעגעבן...

— פאַרוואָס אַזוי לאַנג? ער האָט גערעדט מיט דיר? וואָס האָט ער געפרעגט?

מאַקלאַקאָוו האָט געציטערט, די באַקן זענען אים געווען בלוי, די נאָז איז אים רויט געוואָרן. ער האָט אָנגעכאַפּט יעווסייען פאַרן פּאָלטן-לאַץ און אים באַלד אָפּגעלאָזט, זיך אַ בלאָז געטון אין די הענט, ווי ער וואָלט זיי זיך אָפּגעבריט, און אָנגעהויבן צו טופּען מיט די פיס אין דער ערד. אַזאַ געפרוירענער און נעבעכדיקער — ער האָט אויסגעזעען נישט שרעקלעך.

— איך האָב אים אויך פאַרציילט מיין גאַנץ לעבן! — האָט יעווסיי הויך געזאָגט. ס'איז אים אָנגענעם געווען צו דערציילן וועגן דעם מאַקלאַקאָוון.

— נו? און וועגן מיר האָט ער נישט געפרעגט?

— ר'האָט זיך געפרעגט, צי איר זענט אוועקגעפאָרן.

— נו?

— ר׳זענט אַוועקגעפאָרן, האָב איך געזאָגט...
— יאָ...־יאָ... מער גאָרנישט?
— גאָרנישט...
— נו, קום... כ׳בין געפּרווירן געוואָרן, ברודער...

און זיך מיט אַ גיכן שפּאַן אַ וואָרף געטון פאָרויס, אַריינגערוקט די הענט אין די פּאַלטן־קעשענעס און איינגעבויגן די פּלייצע.

— האָסטו אים פאַרציילט דיין גאַנץ לעבן?

— אַליטשקעדינג... ביז היינטיקן טאָג! — האָט יעוווסיי געענטפערט, ווידער דערפילט עפּעס אָנגענעמס, וואָס האָט אים דערהויבן אויף איין הייך מיטן שפּיאָן, צו וועלכן ער האָט געפילט אַזאַ דרך־ארץ.

— וואָס־זשע האָט ער דיר געזאָגט?
— גאָרנישט געזאָגט...

מאַקלאַקאָוו האָט זיך אָפּגעשטעלט, צוגעהאַלטן יעווסייען פאַרן אַרבל און שטיל, שטרענג געפרעגט:

— דו האָסט מייגע פּאַפּירן אָפּגעגעבן?

— באַזוכט מיך, טימאָפיי וואַסיליעוויטש! — האָט יעוווסיי האַרציק אַ געשריי געטון.

— כ׳וועל עס נישט טון — האָט מאַקלאַקאָוו געזאָגט נאָך אַ ווײַלע טראַכטן. — נו, אָט וואָס — יעצט זיי געזונט! איך וועל נאָך היינט אַוועק... האָרך אויס מיין עצה — איך גיב זי דיר, ביסט מיר אַ שאָד — קריך וואָס גיכער אַרויס פון אָט דער דינסט... ס׳איז נישט פאַר דיר, פאַרשטייסט עס אַליין, גיי אַוועק... יעצט קאָן מען אַוועקגיין — זעסט דאָך, וואָסערע טעג ס׳זענען היינט! טויטע וואַכן אויף, מענטשן הייבן אָן צו גלייבן איינער דעם אַנדערן. זיי קאָנען אין אָט אַזוינע טעג אַ סך פאַרגעבן... אַלץ קאָנען זיי מוחל זיין, מיין איך... און דער עיקר — ווייך פון סאַשקאַן — דאָס איז אַ קראַנקער, אַ משוגענער מענטש. ר׳האָט דיך שוין איינמאָל געהייסן אויסגעבן אַ ברודער, ער... מען דאַרף אים דערהרגענען, ווי אַ פאַרשיוואַטן הונט! נו, זיי געזונט, ברודער...

ער האָט אָנגעכאַפּט יעווסייס האַנט מיט קאַלטע פינגער, פעסט זי געדריקט און נאָכאַמאָל געפרעגט:

— האָסטו אים, הייסט עס, אָפּגעגעבן די פּאַפּירן, ’סט זיך נישט סועה געווען, ניין?

— כ’זאָל אַזוי לעבן, ווי כ’האָב אים אָפּגעגעבן! און ווי נאָר כ’האָב אים דערזעען, האָב איך זיך באַלד דערמאַנט...

— גוט, איך גלייב דיר... עטלעכע טעג זאָלסטו וועגן מיר נישט רעדן, איך בעט דיך.

— איך וועל אינגאַנצן נישט אַהיגיין... דעם צוואַנציקסטן וועל איך גיין נאָכן געהאַלט...

— דעמאָלסט וועסטו מעגן זאָגן... איך וועל דעמסטמאָל שוין זיין ווייט. זיי געזונט!

ער האָט גיך פאַרקערעוועט אין רעג, יעווסיי האָט אים נאָכגעקוקט און פאַרדעכטיק געטראַכט:

— ער פאָרט אַוועק. ווייזט אויס, געטון עפּעס קעגן נאַטשאַלסטווע און זיך דערשראָקן... זעט אויס, ווי אַ צעמאַזיקטער...

ס’איז אים געוואָרן טרויעריק ביים געדאַנק, אַז ער וועט שוין מער נישט זעען מאַקלאַקאָוון, און אין דער זעלבער צייט איז אים אָנגענעם געווען זיך צו דערמאַנען, ווי שוואַך, געפרוירן, צערודערט דער שפּיאָן איז יעצט געווען, און ווי רויק, האַרט ער איז פריער געווען. ער האָט אַפילו מיט נאַטשאַלסטוואָ פון דער אָכראַנע גערעדט דרייסט, ווי אַ גלייכער, נאָר ווייזט אויס, שטענדיק מורא געהאַט פאַר דעם אונטעראויפזיכטיקן שרייבער.

— און אָט איך, אַזאַ קליין מענטשל — האָט יעווסיי געטראַכט, אייַנזאַם שפּאַנענדיק איבער דער גאַס — איך האָב פאַר אַלע מורא געהאַט. און דער שרייבער האָט מיך גאָרנישט אָנגעשראָקן. איך האָב געטרונקען ביי אים טיי, און מאַקלאַקאָוו האָט אין דער זעלבער צייט געפרירט אויף דער גאַס.

און קלימקאָוו, צופרידן פון זיך אַליין, האָט אַ שמייכל געטון.

— ער האָט גאָרנישט געקאָנט זאָגן, אָט דער שרייבער...

ס'איז אים מיטאמאָל געוואָרן עפּעס אומעטיק, עפּעס פאַר־שעמט. ער האָט אָנגעהויבן צו גיין פּאַמעלעכדיקער, זיך פאַרטיפט אין דער פראַגע — פון וואַנען איז עס? ער האָט אָפּגעזוכט די סיבה פון דעם אומגעריכט - געקומענעם יאוש און פאַרפלאָנטערט ווידער געפרעגט:

— פאַרוואָס האָב איך מיט אים גערעדט? כ'וואָלט גלייכער עס אָלגאַן בעסער דעמאָלט דערציילט...

די שטאָט האָט זיך אויסגעשלאָפן, און יעווסייען האָט שטאַרק געשלעפערט. אין דער ברוסט איז אים ווידער געוואָרן נישט גוט, אומהיימלעך, ווי אין אַ קליין צימערל, פונוואַנען מע האָט אַרויסגעטראָגן דאָס גאַנצע אַלטע מעבל און עס איבערגעלאָזט אַ ליידיקס, מיט אָפּגעריסענע טאַפּעטן, מיט געלע כּ ם ים שימל אויף די ווענט, מיט שטומע שפּאַלטן פון שפּאַרונעס.

ס'האָט אים געשלעפערט, גיין אַהיים האָט אים נישט געגלוסט און ער געגאַנגען, נישט געאייל־

# XX

אַרום האַלבן טאָג האָט אים אויפגעוועקט דער קליינער וויעקאָוו, אָנגעטון אין פּאַלטן און היטל. ער האָט זיך גע־האַלטן מיט דער האַנט אָן דעם ווענטל פון בעט, עס געשאָקלט און שטיל, איינטאָניק גערעדט:

— קלימקאָוו, העי, הייבט זיך אויף, מע רופט אין קאַנצע־לאַריע אַריין אַלעמען! העי, קלימקאָוו... מ'האָט געגעבן קאָנסטי־טוציע, מע קלייבט אַלע אַגענטן צעזויף פון די וואַרונגען, פיליפּ פיליפּאָוויטש האָט געהייסן, איר הערט, קלימקאָוו...

די ווערטער זיינע זענען געפאַלן, ווי גרויסע טראָפּן רעגן, פול מיט אומעט, דאָס פּנים איז אים געווען צעזויפגעקנייטשט, ווי־

ײן ציינוױיטאָק, און די אויגן האָבן אָפּט ג׳פינטלט, אויסגעזעען װי ברייט צום װיינען.

— װאָס אַזױנס? — האָט יעװסיי געפרעגט און אויפגעשפרונגען אויפן בעט.

װיעקאָװ האָט אומעטיק געעפנט די ליפּן און געזאָגט:

— אַז ס׳איז דען מעגלעך צו פאַרשטיין? נעכטן האָט מען נאָך געזאָגט, אַז דער קיסר װעט געבן אַ פולע קאָנסטיטוציע, און היינט — שוין אַ מאַניפעסט... ער גיט טאַקע! און ביי אונז אין אָכראַנקע איז װי אין אַ משוגעים-הויז... אָט דער סאַשאַ איז אַזאַ גראָבער מענטש... מאָדנע! ער שרייט, פאַרשטייט איר: שלאָג, שעכט און אַזוי װייטער... זייט אַזוי גוט! איך װעל אַפילו פאַר קיין פינפהונדערט רובעל זיך נישט װעגן צו דערהרגענען אַ מענטש, און דאָ הייסט מען פאַר פופציק רובעל אַ חודש הרגענען! אַפילו װילד צו הערן אַזױנע רייד...

ער האָט אָנגעבלאָזן די באַקן, מיד אַ זיפץ געטון און, אַרומגייענדיק איבערן צימער, צוגעגעבן:

— און שרעקלעך אויך... טוט זיך אָן גיכער, מע דאַרף ײן...

קלימקאָװ האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן די הויזן און פאַרטראַכט געפרעגט:

— װעמען װיל מען עס דערהרגענען?

— די רעװאָלוציאָנערן... כאָטש װאָס פאַר אַ רעװאָלוציאָנערן זענען עס היינט, אויב מע קאָן זאָגן, אַז לויטן קיסרס באַפעל האָט זיך די רעװאָלוציע געענדיקט? און זיי רעדן דאָרטן, אַז מיר זאָלן איבער די גאַסן צונויפקלייבן ס׳פאָלק מיט פענער און זינגען באָזשע צאַריאַ כראַני... פאַרװאָס זאָל מען טאַקע נישט זינגען, אויב ס׳איז געגעבן געװאָרן פרייהייט?! נאָר זיי רעדן דאָרטן, אַז מען זאָל דערביי נאָך שרייען — נידער מיט דער קאָנסטיטוציע און נאָך אַזוי װייטער... זייט אַזוי גוט... איך פאַרשטיי נישט... קומט דאָך אויס, אַז מיר גייען קעגן דעם מאַניפעסט און דעם װילן פון גאָסודאַר אימפעראַטאָר? אַ סך פאַרשטייען עס נישט, נישט נאָר איך אַליין.

אָס קול האָט געקלונגען פּראָטעסטירנדיק, באַליידיקט, די פּיס האָבן זיך אים געטשעפּעט איינער אָן דעם אַנדערן, און ער איז אײַנגאַנצן געווען אַזוי ווייך, גלייך מען וואָלט פֿון אים אַרויס־גענומען די ביינער.

— איך וועל נישט אַהינגיין, — האָט קלימקאָוו געזאָגט.

— ס'טייטש — איר וועט נישט גיין?

— אַזוי. איך וועל פֿריער אַרומגיין איבער די גאַסן, זען, וואָס מען וועט טון...

וויעקאָוו האָט ווידער אַ זיפֿץ געטון און אונטערגעפּייפֿט

— יאָ, אַוודאי... איר זענט אַ אַ בחור... נאָר אַז מע האָט אַ פֿאַמיליע... דאָס הייסט אַ פֿרוי, וואָס וויל דאָס, יענץ, אַ פּינטעס, אַ צענטס, וועסטו אַפֿילו מוזן גיין, וואוהין דו ווילסט נישט... ’סט גיין! אין קאַמף פֿאַר עקזיסטענץ גייט אַפֿילו דער מענטש איבער אַ שטריק... אַז איך זע אַזאַ זאַך, הייבט זיך מיר אָן דער קאָפּ צו דרייען און אונטערן לעפֿעלע הייבט אָן ווי צו טון... נאָר אַז איך גיב אַ טראַכט וועגן זיך — אויב ס'וועט דאַרפֿן נייטיק זיין צו דיין עקזיסטענץ, וועסט אַפֿילו דו, איוואַן פּיאָטראָוויטש וויע־קאָוו, קריכן איבער אַ שטריק... יאָ! דעם אָרעמען מענטש איז באַשערט צו לעבן מיט אַ צונויפֿגעדריקט האַרץ און קעגן די אייגענע פֿאַרלאַנגען, אַזאַ איז דער געזעץ פֿון דער נאַטור, ווי גראַכאַטאָוו זאָגט.

ער האָט זיך געוואָרפֿן איבערן צימער, פֿאַרשטעפּט דעם טיש, די שטולן, געבראָמט און אָנגעבלאָזן די באַקן. דאָס קליינע פּנימל זיינס מיט די רויטע באַקן איז ענלעך געוואָרן צו אַ באַלאָן די קליינע אויגן זענען אײַנגאַנצן פֿאַרשוואונדן און די רויטע נאָז האָט זיך באַהאַלטן צווישן די באַקן. דאָס באַליידיקטע קול, די אומעטיקע פֿיגור, זיינע האָפֿענונגסלאָזע ווערטער — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופֿן ביי קלימקאָוון אַ רחמנות־געפֿיל, ער האָט פֿונדערקרום אַ קוק געטון אויפֿן חבר און אומפֿריינטלעך באַמערקט:

— באַלד וועט עס זיך אַלץ איינאָרדענען אויף אַן אַנ־דער אופֿן... אַזוי אַז יעצט איז נישטאָ פֿאַר וועמען צו באַקלאָגן...

— אָבער מען וויל עס דאָך גאָר נישט ביי אונז! — האָט וויעקאָוו אויסגעשריגן, אַ פּאַכע געטון מיט די הענט און געבליבן שטיין אַנטקייגן יעווסייען. — איר פאַרשטייט?

יעווסיי האָט זיך נערוועז אַ דריי געטון אויף דער שטול, געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר נישט געקאָנט געפינען קיין ווערטער און אָנגעהויבן, סאַפּענדיק מיט דער נאָז, צו שנורעווען זיך די שיך.

— סאַשאַ שרייט — שלאָגט זיי! ווייזט זיי פרייהייט... אַז זיי זאָלן, זאָגט ער, שוין פאַרזאָגן אַ צעגטן... וויאַכירעוו ווייזט רעוואָלווערן, כ'וועל, מאַכט ער, שיסן גלייך אין די אויגן אריין, קראַסאַווין שטעלט צענויף עפּעס אַ חברה מענטשן און רעדט אויך נאָר וועגן מעסערס, אַז מען דאַרף שעכטן און דעסגלייכן... טשאַשין קלויבט זיך צו דערהרגענען עפּעס אַ סטודענט דערפאַר, וואָס יענער האָט אים צוגענומען אַ געליבטע... ס'איז צוגעקומען נאָך עפּעס אַ פרישער, אַ קרומער, שמייכלט ער כסדר, די ציין זענען אים פון פאָרנט אויסגעהאַקט — זייער אַ שרעקלעך פּנים... זייער ווילד איז דאָס אַלץ...

ער האָט אַראָפּגערוקט דאָס קול ביז צו שעפּטשען און געהיימנישפול געזאָגט:

— יעדער דאַרף פאַרטיידיקן זיין עקזיסטענץ אין לעבן — דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך... נאָר ס'איז ווינטשנחערט, אַז ס'זאָל זיין אָן בלוט-פאַרגיסונג. ווייל אויב מיר וועלן אָנהייבן צו שעכטן, וועט מען אונז אויך אויס קוילענען...

וויעקאָוו האָט אַ צאַפּל געטון, אָנגעבויגן דעם קאָפּ צום פענסטער, זיך איינגעהערט, און אויפהייבנדיק אַ האַנט אין דער הויך, איז ער בלאַס געוואָרן.

— וואָס איז דאָס? — האָט יעווסיי געפרעגט.

אַ הויל, פאַרשטיקט געראַויש האָט מיט ווייכע נערוועזע קלעפּ זיך געשטויסן אין די שויבן אַריין, ווי געוואָלט זיי פאַרזיכטיק דערוועקן און זיך אַריינגיסן אין צימער. יעווסיי האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, פרעגנדיק און שרעקפול געקוקט אויף וויעקאָוון, און יענער האָט פונדערווייטנס אויסגעצויגן אַ האַנט אין

פענסטער אריין, חייזט אויס מורא געהאַט, מען זאָל אים נישט דערזעען פון דער גאַס, געעפנט אַ לופטשיק, אָפּגעשפרונגען אָן אַ זייט, און אין דער זעלבער רגע האָט זיך אַ ברייטער שטראָם קלאַנגען, וועמען ס'איז, ווייזט אויס, ענג געווען אויף דער גאַס, אריינגעריסן, אַרומגערינגלט די שפּיאָנען, זיך געשטויסן אין דער טיר, געעפנט זי און אַ שווים געטון איבערן צימער, אַ באַפעלערישער, אַ יובלדיקער, אַ מעכטיקער.

— מע פרייט זיך! — האָט וויעקאָוו שטיל געזאָגט און אַ צאַפּל געטון.

— גיט אַ קוק, וואָס איז דאָרט אַזוינס ? — האָט יעווסיי געראָטן, גיך אויף זיך אַרויפגעוואָרפן דעם פּאַלטן.

נאָר וויעקאָוו האָט שוין אַרויסגעקוקט פון לופטשיק, גיך געדרייט מיטן האַלז און איילנדיק, אָפּגעריסן גערעדט:

— ס'פאָלק גייט... רויטע פענער... אַ מאַסע מענטשן... אָן אַ שיעור... פון פאַרשידענע שטאַנדן... אַלץ צענויפגעפּלאָנטערט אין איין מאַסע... אַפילו אַן אָפיציר אויכעט... און אַ גלח... אָן היטלען... מיעלניקאָוו מיט אַ פאָן... אונזער מיעלניקאָוו... גיט אַ קוק!

יעווסיי איז צוגעשפרונגען צום לופטשיק, אַראָפּגעקוקט — אַ געדיכטער המון איז געפלאָסן אונטן, פאַרפולט די גאַנצע גאַס... פאַר זייערע אויגן האָט אַ שווינדל געטון אַ המון פנימער, זיי האָבן געלויכטן, ווי די שטערן פון מילך - וועג. איבער די קעפּ פון די מענטשן האָבן געפלאַטערט פענער, ענלעך צו רויטע פייגל. קלימקאָוו, פאַרטויבט פונם זידנדיקן גערויש, האָט דערזעען אין די ערשטע רייען פון המון מיעלניקאָווס הויכע, בערדיקע געשטאַלט — ער האָט מיטביידע הענט געהאַלטן אַ קורץ העלצל, געפאָכעט מיט עס, און צייטנווייז האָט דער שטאָף פון דער פאָן אים אַרומגעהילט דעם קאָפּ, ווי אַ רויטער טורבאַן. פון אונטערן היטל האָבן זיך אים אַפוירגעריסן פינסטערע קוטשמעס האָר, זיי זענען געפאַלן אויפן שטערן און אויף די באַקן, זיך אויסגעמישט מיט דער באָרד, און באַוואָקסן, ווי אַ חיה, האָט ער, דער שפּיאָן, קענטיק געשריגן—דאָס מויל איז אים געווען ברייט צעעפנט.

— וואוהין גייען זיי דאָס? — האָט קלימקאָוו אַרויסגע־מורמלט, זיך אויסדרייענדיק צום חבר.

— זיי פרייען זיך! — האָט יענער איבערגעחזרט און אָנגע־הויבן צו קוקן אויף דער גאַס, זיך אָנגעלענט מיטן שטערן אָן דער שויב.

זיי האָבן געשוויגן, אויפמערקזאַם אַדורכגעלאָזט פאַרביי זיי־ערע אויגן דעם בונטן שטראָם מענטשן, אויפגעכאַפּט מיט די עמפּינדלעכע אויערן אין טיפן ים פונם געדויש אַ הויך כוואַליען פון באַזונדערע אָפּקלאַנגען.

וויעקאָוו האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— זעסט ס'אַרא כּוח, האַ? ס'האָבן געלעבט אַזוי מענטשן, יעדערער באַזונדער און... מיטאַמאָל האָבן זיי זיך אַלע צוזאַמען אַ ריר געטון... ס'אַרא אומגעוויינלעכע געשעעניש!

— זיי זענען קליגער געוואָרן... ס'הייסט — זיי באַהערשן דאָס לעבן! — האָט יעווסיי געזאָגט מיט אַ שמייכל. אין יענער רגע האָט ער טאַקע אַזוי געגלייבט.

— און אונזער מעלניקאָוו... איר'ט געזען?

— ער האָט אַלעמאָל געהאַלטן מיטן פאָלק! — האָט יעווסיי דערקלערט מיט אַ באַלערנדיקער שטימע און איז אַוועק פון פענ־סטער, געפילט זיך נאָענט צום ציל, דערפרישט און ניי.

— יעצט וועט אַלץ גוט אַוועק — קיינער וויל דאָך נישט, אַז אַן אַנדערער מענטש זאָל מיט אים באַפעלן. יעדער וויל לעבן, ווי אים איז באַקוועם, שטיל, רויק, ביי גוטע אָרדענונגען! — האָט ער סאָליד געזאָגט און אָנגעקוקט און שפּיגל דאָס שאַרפע פּנים זיינס. היינט איז עס אים געפעלן, אַזוי רויק, כמעט פרייליך איז עס געווען. ער האָט געוואָלט פאַרשטאַרקן דאָס נייע און אָנגע־נעמע געפיל פון אַליינצופרידנקייט, געוואָלט זיך מיט עפּעס דער־הייבן אין דעם חברס אויגן און געהיימניספול געזאָגט:

— איר ווייסט — מאַקלאַקאָוו איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע...

— אָט! — האָט דער שפּיאָן גלייכגילטיק געזאָגט. — מאַ, ער איז דאָך אַ בחור...

— פאַרוואָס האָב איך עס געזאָגט? — האָט זיך יעווסיי פאַרגעוואָרפן, דערנאָך האָט ער מיט לייכטער שרעק אומפּריינט־לעך געבעטן וויעקאָוון:

— איר זאָלט וועגן דעם קיינעם נישט דערציילן, כ'בעט אייך!

— וועגן מאַקלאַקאָוון? גוט... איך דאַרף שוין גיין אין אָכראַנע. איר'ט נישט גיין?

— ניין... מיר'ן גיין צוזאַמען...

אויף דער גאַס האָט וויעקאָוו שטיל, מיט אומעטיקער גע־רייצטקייט, געזאָגט:

— אַ נאַריש פאָלק, פונדעסטוועגן! אָנשטאָט אַז עס זאָל גיין מיט פענער און מיט לידער, וואָלט עס געדאַרפט, אויב עס האָט אין זיך דערפילט די כוחות, צו פאָדערן בײַ דער רעגירונג גלייך איבערצורייסן יעטוועדע פּאָליטיק... כדי אַלע צוריק צו מאַכן פאַר מענטשן, סיי אונז, סיי די רעוואָלוציאָנערן... געבן וועמען ס'קומט, זייעריקע און אונזעריקע, באַלוינונגען און שטרענג געבן צו וויסן — קיין פאָליטיק וועט נישט צוגעלאָזן!... אַ סוף, געווג זיך געשפּילט...

ער איז פּלוצלינג ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן אין אַ ראָג, זיך נישט געזעגנט מיט קלימקאָוון. יעווסיי איז געגאַנגען, ווי איינער, וואָס האָט נישט היינט וואוהין צו איילן, און געטראַכט:

— כ'האָב מיין אייגנס אַנדערטהאַלבן הונדערט רובעל, צום מסחר האָב איך אַ שטיקל הויש און איך קען שוין אַביסל דאָס געשעפט... אַ פרייע באַשעפטיקונג... איננינכן באַקום איך פרישע פינף און צוואָנציק רובעל...

אויף דער גאַס האָט זיך אויפגערעגט געוויגט דאָס פאָלק, אַלע האָבן הויך גערעדט, בײַ אַלעמען האָבן די פּנימער פריי־דיק געשמייכלט, און דער טריבער האַרבסט־אָוונט האָט גאָר דערמאַנט אָן אַ ליכטיקן פסחדיקן טאָג.

אַמאָל אין עק גאַס, פאַרהאָנגען מיט נעבל, פאַרדעקט מיט אַ גרויען וואָלקן, אַמאָל ערגעץ גאָר נאָענט האָבן מענטשן געזונ־גען אַ ליד און עס געלאָשן מיט הויכע אויסגעשרייען:

— זאָל לעבן די פרייהייט!

און אומעטום האָט זיך געהערט געלעכטער, האָבן געקלונגען צערטלדיקע שטימען.

דאָס איז יעזוסייען געפעלן געוואָרן, ער האָט העפלעך אָפּגעטרעטן דעם וועג די אַדורכגייער, לייטזעליק אויף זיי געקוקט מיט אַ לייכטן שמייכל פון צופרידנקייט און ווייטער געמאָלן זיין צוקונפט מיט ליכטיקע, וואַרעמע קאָלירן.

פון אַ ראָג גאַס זענען אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ שטילן געלעכטער צוויי מענטשן, איינער פון זיי האָט אַ שטויס געטון יעזוסייען, נאָר באַלד צעראַפּגעריסן ס'היטל פון קאָפּ און אויסגערופן:

— אַך, אַנטשולדיקט!

— ס'מאַכט נישט... — האָט קלימקאָוו ליבלעך געענטפערט.

פאַר אים איז געשטאַנען גראָכאָטאָוו. ריין אָפּגעגאָלט און ווי באַשמירט מיט פעטס, האָט ער אינגאַנצן געגלאַנצט מיט שמייכלען און די זיסע אייגעלעך האָבן געפינטלט, אַרומגעפלויגן איבער די זייטן.

— נו יעזוסיי, כ'בין שיער אַריינגעפאַלן אין אַ קאַשע. ווען נישט מיין טאַלענט... ביסט באַקאַנט? דאָס איז פאַנטעלייעוו, אויך אַן אונזעריקער...

גראָכאָטאָוו האָט זיך פאַרכלינעט, גערעדט מיט אַ גיכן שעפּטש און גיך זיך געווישט דעם שווייס פון פּנים.

— פאַרשטייסטו מיך, כ'גיי אַזוי אויפן בולוואַר, זע איך — אַ המון, אינמיטן שטייט אַ רעדנער—נו, גיי איך צו, שטיי, הער זיך צו. רעדט ער אַזוי, פאַרשטייסטו מיך, אינגאַנצן אומגעקוועלט. גיב איך אַ פרעג, אויף יעדן פאַל, מיין שכן: ווער איז דאָס אָט דער חכם? ס'פּנים איז מיר באַקאַנט, זאָג איך, איר ווייסט נישט אמאָל, ווי ער הייסט? מאַכט איינער: ער הייסט זימין... און ווי נאָר איינער האָט מיר אָנגערופן דעם נאָמען, אַזוי גיבן מיך צוויי פאַרשוין אַ כאַפּ אונטער דער האַנט: חברה — אַ שפּיאָן! כ'האָב נישט אַוויזן אויסצורעדן קיין וואָרט, בין איך שוין דאָ אינמיטן און

אַזאַ שטילקייט אַרום, און די אויגן זענען ביי אַלע, ווי שפּיזן, נאָר איינצושלינגען... כ'בין קאַפּוט, טראַכט איך זיך.

— זימין? — האָט יעווסיי פּאַראַמאָנאָוויטש געפרעגט, זיך אומגעקוקט אויף צוריק און אָנגעהויבן צו גיין גיכער.

גראַכאָטאָוו האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום הימל, זיך איבערגעצלמט און נאָך גיכער אָנגעהויבן צו רעדן:

— נאָר גאָט האָט מיר איינגעגעבן אַן עצה, איך האָב זיך באַהערשט און טו אַזוי הויך אַ געשריי: מיינע הערן, אַ גרויסער טעות! איך בין נישט קיין שפּיאָן, נאָר אַ באַוואוסטער נאָכמאַכער פון באַקאַנטע מענטשן און פון קלאַנגען פאַרשידענע... איר ווילט, קאָן איך אייך שוין ווייזן! די, וואָס האָבן מיך אָנגעכאַפּט, שרייען — ער זאָגט ליגן, מיר קענען אים! נאָר איך האָב שוין אָנגעשטעלט ס'פּנים, ווי ביים אויבער - פּאָליצמייסטער, און מיט זיין קול גיב איך אַ געשריי: „ווער האָט עס דע - ערלויבט דעם המון זיך דאָ צו פאַרזאַמלען? כ'הער — גאָטעגו, מען לאַכט שוין! נו, האָב איך שוין אָנגעהויבן פאָרצושטעלן אַלץ, וואָס איך קאָן — דעם גובערנאַטאָר, דעם גלח, אַ זעג, אַ חזירל, אַ פליג — מע קייכט, אַז די ערד טרייסלט זיך אונטער מיר, אויף מיין וואָרט... אפילו די, וואָס האַלטן מיך, האָבן זיך אויך צעלאַכט, די פּאַסקודניאַקעס, מיך אָפּגעלאָזט... און אָנגעהויבן מיר צו פּאַטשן בראַוואָ, אַפּלאָדירן — ערן - וואָרט... פּאַנטעלייעוו קאָן עדות זאָגן, ער האָט אַלץ געזען!...

— ריכטיק! — האָט מיט אַ שיטנדיק קול געזאָגט פּאַנטעלייעוו, אַ קרעפּטיקער פּאַרשוין מיט ברילן און אין אַ קורטקע.

— יאָ, ברודער, אַפּלאָדירט! — האָט גראַכאָטאָוו באַגייסטערט אויסגערופן, זיך אַ קלאַפּ געטון מיט דער פויסט אין דער שמאָלער ברוסט און זיך פאַרהוסט. — יעצט איז שוין אַ סוף — איך קען זיך שוין! אַן אַרטיסט בין איך! דאָס איז שוין זיכער!.. וואָס דען מיינסטו? זייער פּשוט! ס'פּאָלק האָט נישט ליב זיך צו שפּילן...

— ס'פּאָלק איז געוואָרן צוטרוילעך, — האָט פּאַנטעלייעוו געזאָגט, פאַרטראַכט און מאָדנע. — ס'האַרץ איז אים ווייך געוואָרן...

— דאָס איז אמת! וואָס טוען זיי, הא? — האָט גראָבאָטאָוו
שטילינקע אויסגערופן און שוין מיט אַ שעפּטש ווייטער גערעדט —
אַלץ איז געוואָרן אָפּן, אומעטום האָסטו די אונטעראויפזיכטיקע
אונזערע אַלטע באַקאַנטע... וואָס איז דאָס אַזוינס, הא?
— אַ סטאָלער זימין? — האָט יעווסיי געפרעגט
גאָכאַמאָל.
— זימין מאַטוויי, באַשולדיקט אין פּראָפּאַגאַנדע אויף קנאָפּס
מעבל - פאַבריק, — האָט פאַנטעלייעוו זאַנפט און שטרענג געענטפערט.
— ער דאַרף זיצן אין תפיסה! — האָט יעווסיי אומצופרידן
געזאָגט.
גראָבאָטאָוו האָט פריילעך א פייף געטון.
— אין תפיסה - ה? דו ווייסט דען נישט, אַז מ'האָט פון
תפיסה אַלעמען אַרויסגעלאָזט?
— ווער?
— נו, ס'פאָלק...
יעווסיי איז שווייגנדיק אַדורך עטלעכע טריט, דערנאָך האָט
ער געפרעגט:
— מ'האָט דערלויבט?
— נו, יאָ...
— פאַרוואָס עפּעס?
— אָט דאָס טענה איך דאָך אויך: מען האָט עס נישט גע-
דאַרפט ערלויבן! — האָט פאַנטיעלייעוו געזאָגט, און די ברילן
האָבן זיך אים באַוועגט אויף דער ברייטער נאָז. — אין וואָס פאַר
אַ לאַגע געפינען מיר זיך הייַנט? נאַטשאַלסטוואָ טראַכט גאָרנישט
וועגן קיין מענטשן...
— מ'האָט אַלעמען אַרויסגעלאָזט? — האָט קלימקאָוו
געפרעגט.
— אַלעמען...
פאַנטעלייעוו האָט שיטנדיק און שטרענג ווייטער גערעדט,
צעשפּרייט די נאָזלעכער:
— און שוין געווען עטלעכע באַגעגענישן, זייער נישט
אָנגענעמע און אַפילו געפערלעכע... אַזוי אַז, צומביישפּיל, טשאַשין

האָט געדאַרפט דראָען מיטן רעוואָלווער, ווייל מען האָט אים אַ זעץ געטון אין אויג אריין. ער שטייט זיך אַזוי ווי אַ זייטיקער מענטש, מיטאמאָל קומט אונטער אַ דאמע און זאָגט צום עולם: אָט האָט איר אַ שפּיאָן! און אַזוי ווי טשאשין קאָן קיין חיות נישט נאָכקרימען, האָט ער זיך געמוזט באַשיצן מיט געווער... דאָס, ווייסט איר, איז נישט פאַר יעדן צוטריטלעך, נאָר אַלע גייען אַרום מיט רעוואָלווערן...

— ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַלעמען צו געבן...

— אויב ס'איז אַפילו אַזוי, איז אין דעם נישט פאַראַן קיין שום גוטס. איך ווייס זייער גוט, אַז דאָס געווער בעט זיך אַליין... פּ'קיצלט די הענט...

— אַ גוטן! — האָט יעווסיי געזאָגט — כ'וועל גיין אַהיים...

ער איז געגאַנגען דורך אונטערגעסלעך, און אַז ער האָט געזען, אַז ס'גייען אים אַנטקייגן מענטשן, איז ער אַריבער אויף דער אַנדערער זייט גאַס און זיך באַמיט צו באַהאַלטן אין שאָטן. ביי אים איז געבוירן געוואָרן און פאַרעקשנט געוואַקסן דאָס פאַרגעפיל, אַז ער וועט זיך טרעפן מיט יאַקאָוון, מיט אַלגאַן אָדער מיט עמעצן אַנדערש פון יענער חברה.

— די שטאָט איז גרויס, מענטשן פאַראַן אַ סך... — האָט ער זיך אַליין געטרייסט, נאָר יעדעס מאָל, ווען פון פאָרנט האָבן זיך דערהערט טריט, איז אים דאָס האַרץ פיינלעך אָפּגעשטאָרבן און די פיס האָבן געציטערט, פאַרלוירן די כוחות.

— מ'האָט אַרויסגעלאָזט! — האָט ער מיט ביטערניש געטראַכט. — מ'האָט גאָרנישט געזאָגט און באַלד אַרויסגעלאָזט... ווי מיר איז דאָס עפּעס אַזוי... צי איז מיר דען נישט אַלץ איינס, וואו זיי זענען דאָ?..

שוין געווען פינסטער. פאַרן טויער פון אַ פּאָליציי - צירקל האָט איינזאַם געברענט אַ לאמטער. יעווסיי האָט זיך מיט איר אויסגעגליכט, און פלוצלינג דערהערט עמעצנס אַ נישט הויך קול:

— דאָ אַהער, אויפן אונטערשטן הויף...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, דערשראָקן געקוקט אין דער פינסטערניש אַריין אונטערן טויער. עס איז געווען פאַרמאַכט, און ביי אַ קליינער טיר פון איינעם פון די שווערע טירפליגל איז געשטאַנען אַ פינסטערער מענטש און, קענטיק, געוואַרט אויף אים.

— גיכער׳ט! — האָט ער אומצופרידן באַפוילן.

קלימקאָוו האָט זיך איינגעבויגן, אַדורכגעקראָכן אַ קליינע טיר און איז געגאַנגען אין אַ פינסטערן קאָרידאָר אונטער דעם געוועלב פון דער געביידע צו אַ טייער, וואָס האָט שוואַך געבליצט ערגעץ אין דער טיף פון הויף. פונדאַנען איז אים אַנטקעגנגעקראָכן אַ שאָרך פון טריט איבער שטיינער, נישט הויכע שטימען און אַ באַ-קאַנטער, מרוקעוואַטער, עקלדיקער קלאַנג... ער איז געבליבן שטיין, אונטערגעהערט, שפּיל זיך אומגעקערט און איז צוריק אַוועק צום טויער, אויפגעהויבן די אַקסלען, געוואָלט מיטן פּאַלטן-קאָלנער פאַרדעקן ס׳פּנים. ער איז שוין צוגעגאַנגען צו דער טיר, געוואָלט אין איר אַ קלאַפּ טון, נאָר זי האָט זיך געעפנט אַליין, פון איר איז אַפּערגעקראָכן אַ מענטש, זיך אַ שטויס געטון, פאַרטשעפּעט יעווסייען מיט דער האַנט און זיך אויסגעזידלט.

— כאַפּט עס דער שוואַרץ יאָר... ווער איז עס?

— איך...

— ווער?

— קלימקאָוו, יעווסיי...

— אַהאַ... נו, ווייזט מיר דעם וועג... וואָס שטייט איר׳ איר׳ט מיך נישט דערקענט?

יעווסיי האָט אַנגעקוקט אַ הויקערדיקע נאָז, אַ טשופּריגע אונטערן אויער, אַ בולטן שמאָלן שטערן און, אַ זיפּיק טוענדיק, געזאָגט:

— דערקענט — וויאַכיריעוו.

— נו, יאָ... קום...

קלימקאָוו איז שווייגנדיק צוריק אַריין אין הויף, וואו די אויגן זיינע האָבן פונאַנדערגעשיידט אַ סך שוואַרצע געשטאַלטן. פאַר-גאָסן מיט פינסטערניש, זענען זיי אין איר אַרומגעגאַנגען ווי אין נישט גלייכע הייפלעך, פויל זיך באַוועגט פון איין אָרט אויפן אַנ-

דערן, ווי גרויסע, אומגעלומפערטע פיש אין פינסטער, קאַלט וואַסער. סאָלאָוויאָוס געזונט קול האָט געקלונגען באַרימעריש:

— דאָס טויג נישט פאַר מיר... איר כאַפּט מיר אַ בעסער מיידל, אַט אַזאַ מיידעלע... וועל איך זי צעהאַקן אויף קרעפּלפלייש...

— נאָר ער מאַכט חוזק, דער אַלטער טייוול! — האָט וויאַכיריאָוו אַרויסגעבורטשעט — געפונען אַ צייט...

— שלאָגן קאָן איך נישט, נאָר שניידן האָב איך ליב... ס'האָט געטראָפן, אַנומלט, דעם פלימעניק... אַך, ווי איך האָב אים געשניטן!..

ערגעץ פון אַ ווינקל האָט אומאויפהערלעך, ווי רעגן פון דאַך אין אַ רעגנדיקן טאָג, און מאָנאָטאָן, ווי תהילים זאָגן, זיך געגאָסן פּאַשאָס קול, ענלעך צום קלאַנג פון אַ קלאַרנעט:

— און יעדעס מאָל, ווען ס'וועלן זיך אייך טרעפן אָט די מיט די רויטע פּענער, שלאָגט זיי! פריער פון אַלץ שלאָגט די, וואָס טראָגן די פּענער, וועט זיך די רעשט צעלויפן...

— און טאָמער נישט?

— איר וועט האָבן רעוואָלווערן! אַזוי אויך, אויב איר וועט זען מענטשן, וואָס זענען אייך באַקאַנט פון זייער אָנטייל אין געהיימע געזעלשאַפטן, די מענטשן, נאָך וועלכע איר האָט אין זייער צייט נאָכגעשפּירט און וואָס זענען היינט אַרויסגעלאָזן געוואָרן פון תפיסה אַ דאַנק דער פאַרברעכערישער פּאָליטיק פון צעיושעטן המון — זאָלט איר זיי גלייך צום טויט...

— פיין! — האָט עמעץ געזאָגט, מיטן קול ענלעך צו פּאַניטעלייעוון, — מיר אָדער זיי...

— ווי אַזוי?

— איינע גיט מען פרייהייט, און וואו זאָלן זיך די אַנדערע אַהינטון? — האָט וויאַכיריאָוו שאַרף אויסגערופן.

יעווסיי איז אַוועק אין ווינקל, זיך צוגעדריקט צו אַ באַרג האָלץ און מבולבל זיך צרומגעקוקט, איינגעהערט

„קערפּער", „קערפּערל", „קעלבעלע", "פלייש" — האָבן זיך צעשוואומען, ווי געדיכטע פעטע צייכנס, סאָלאָוויאָווס אומגעלומפּערטע ווערטער

פינסטערע דיקע ווענט פון פאַרשידענער הויך האָבן שטרענג אַרומגערינגלט דעם הויף, איבער אים זענען געשוואומען וואָלקנס, אויף די ווענט האָבן צעוואָרפן און מאַט געלויכטן פירעקן פון פענסטער. אין איין ווינקל פון הויף האָט קלימקאָוו געזען אַ נישט הויכן גאַניק, אויף אים איז געשטאַנען סאַשאַ אין אַ פּאַלטן, פאַרשפּילעט אויף אַלע קנעפּ, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער, אין אַ קורץ היטל, אַראָפּגערוקט אויף אונטן. איבער זיין קאָפּ האָט זיך געוויגט אַ קליין לאַמטערנדל, האָט געציטערט און גערייכערט אַ שוואַך פייערל, ווי עס וואָלט געוואָלט וואָס גיכער דערברענען ביזן סוף. הינטער סאַשאַס פּלייצע האָט זיך געשוואַרצט אַ טיר, עטלעכע שוואַרצע מענטשן זענען געזעסן אויף די טרעפּ פונם גאַניק ביי זיינע פיס, און איינער, אַ הויכער און אינגאַנצן אַ גרויער, איז געשטאַנען אין דער טיר.

— איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז אייך איז געגעבן געוואָרן די פרייהייט צום קאַמף מיט די רעוואָלוציאָנערן! — האָט סאַשאַ געזאָגט און פאַרלייגט די הענט אויף אַהינטן.

ס'האָט זיך געהערט אַ שאַרך פון פּאָדעשוועס איבער די שטיינער, טרוקענע, מעטאַלענע קלעפּ און טיילמאָל נישט הויכע ערנסטע אָפּקלאַנגען און עצות.

— דו — פאַרזיכטיקער אַביסל...

— דאָ אָנלאָדן איז נישט ערלויבט!..

אָנפּנימדיקע אין דער פינסטערניש, מאָדנע ענלעך איינער צום אַנדערן, האָבן זיך איבערן הויף צעשאָטן שטילע, שוואַרצע מענטשן. זיי זענען געשטאַנען אין ענגע קופּקעס, אויסגעהערט סאַשאַס קלעפּיק קול, קלאַנגלאָז זיך געוויגט, זיך געוואַקלט אויף די פיס, ווי דער ווינט וואָלט זיי אונטערגעהאַקט. סאַשאַס רייד האָבן איינגעשלונגען אַלע קלאַנגען, אָנגעפילט קלימקאָווס האַרץ מיט יאושדיקער קעלט און שאַרפן האַס צו אָט דעם שפּיאָן.

— אייך איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן קעגן די פונטאָווטשיקעס אין אָן אָפענער שלאַכט, אויף אייך ליגט דער חוב צו באַשיצן דעם אָפּגענאַרטן צאַר מיט אַלע מיטלען. און ווייסט — ס'וואַרטן אייך רייכע באַלוינונגען... ווער האָט נאָך נישט באַקומען קיין רעוואָלווער?.. קומט צו!

ס'האָבן זיך דערהערט נישט הויכע אויסרופן:

— איך... מיר... איך...

די מענטשן האָבן זיך צוגערוקט צום גאַנעק. סאַשאַ האָט זיך אָפּגערוקט אַן אַ זייט, דער גרויער מענטש האָט זיך געזעצט אויף די קני.

— מען קאָן נישט קיין צוויי? — האָט געוואָיעט אַ קול.

— צו וואָס?

— פאַר אַ חברסיועגן..

— אַוועק, אַוועק...

די באַקאַנטע שטימען פון די שפּיאָנען האָבן געקלונגען העכער, דרייסטער און פרייַלעכער...

— איך וועל נישט שלאָגן..

— מ'האָט עס שוין געהערט! — האָט גראָב אַ קלונג געטאָן פאַנטעלייעווס הייזעריק קול.

— שטילער!

און עמעצער האָט גיריק צוגעשמאַקעט, זיך געקלאָגט מיט אַ וואָיענדיק קול:

— ממ... ווינציק קוילן, מ'וואָלט געדאַרפט אַ גאַנץ פעקל...

— אויף צוויי ערטער האָב איך היינט ערליידיקט! — האָט סאַשאַ גערעדט. — פאַרמאַטערט...

— ס'וועט אינטערעסאַנט זיין מאָרגן...

— נ - יאָ - אָ...

ווערטער און קלאַנגען האָבן אויפגעציטערט פאַר יעווסייס אויגן, ווי גרויסע פונקען. זיי האָבן פאַר אים באַלויכטן דעם מאָרגנדיקן טאָג, פאַמעלעך אויסגעטריקנט און פאַרברענט די האָפענונג אויף דער נאָענטקייט פון אַ רויק לעבן. ער האָט געפילט מיטן גאַנצן קערפער, אַז פון דער פינסטערניש, וואָס האָט אים

אַרומגערינגלט, פון אַט די מענטשן רוקט זיך אָן א כוח, וואָס איז פיינטלעך צו זיינע טרוימען, צום אויסגעטרוימטן ציל, אַז אָט דער כוח וועט אים ווידער אָנכאַפּן, אַוועקשטעלן אויפן אַלטן וועג, ברענגען צו די אַלטע שרעקן. אין האַרצן האָט ביי אים שטיל אויפגעברומט א האַס צו סאַשאַן, א לעבעדיקע און עלאַסטישע שנאה פונם שוואַכן, דאָס אייביקע, שאַרפע און נקמהדיקע געפיל פונם שקלאַף, וועמען ס'האָט אמאָל געפייניקט די האָפענונג אויף פרייהייט. ער האָט שוין וועגן גאָרנישט געטראַכט, שוין פאַרשטאַנען, אַז זיינע האָפענונגען דאַרפן אומבאַדינגט שטאַרבן, נאָכגעקוקט סאַשאַן מיט האַלבפאַרמאַכטע אויגן און גיריק אויפגעכאַפּט יעדעס וואָרט זיינס.

די מענטשן זענען איילנדיק, זאַלבעדריט און זאַלבעצווייט, אַרויס פונם הויף, פאַרשוואונדן אונטער דער ברייטער תיבה, וואָס האָט געלויכטן אין דער נאַכט. דאָס פייער איבער דעם שפּיאָנס קאָפּ האָט א ציטער געטון, בלוי געוואָרן, זיך פאַרלאָשן. סאַשאַ איז גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פונם גאַניק ערגעץ אין א גרוב אַריין און פון דאָרט ביין געמרוטשעט:

— היינט זענען אין דער אָכראַנע פון מיין אָפּטיילונג גישט געקומען זיבן מאַן... פאַרוואָס? א סך דאַכט זיך, מיינען, אַז ס'זענען אָנגעקומען עפּעס יום - טובים? כ'האָב פיינט צו טרייבן קאַטאָוועס, כ'קאָן נישט פאַרליידן... זאָלט איר, אַלזאָ, וויסן... איך וועל יעצט איינפירן א שטרענגע אָרדענונג, איך בין נישט פיליפּ! ווער האָט עס געזאָגט, אַז מיעלניקאָוו איז געגאַנגען מיט א רויטער פאָן? ווער?

— איך האָב אים געזען...

— מיט א פאָן?

— יאָ... ר'איז געגאַנגען און געשריגן: פרייהייט...

— איר זענט וויאַכיריאָוו?

— יאָ, איך בין עס...

יעצט, אַז סאַשאַס היכער קערפּער איז פאַרשוואונדן געוואָרן, זיך אויסגעמישט מיט דער פינסטערער מאַסע מענטשן ביים באַנעק, האָט זיך יעווסייען אויסגעוויזן, אַז ער וואַקסט, צעקריכט

זיך איבערן הויף ווי אַ שטיקנדיקער רוין שוימס אומבאַמערקט אונטער אים אין דער פינסטערניש. קלימקאָוו האָט זיך געשטעלט אויף די פיס און איז אַוועק צום טויער, געגאַנגען ווי אויף אייז, ווי ער וואָלט מורא געהאַט ערגעץ אַריינצופאַלן, און סאַשאַס קלעפּעדיקער קול האָט אים דעריאָגט, אָפּגעגאָסן פון אונטן מיט קיצלדיקער קעלט.

— נו, אָט דער אידיאָט וועט דער ערשטער אָנהייבן צו קוילן, איך קען אים! — האָט זיך סאַשאַ צעלאַכט מיט אַ דינעם חאַיענדיקן געלעכטער. — איך האָב אויף אים אַ וואָרט — שלאָג פאַרן פּנים! און ווער האָט עס געזאָגט, אַז מאַקלאַקאָוו האָט געוואָרפן די דינסט?

— אַלץ ווייסט ער, דער מנוול! — האָט יעווסיי געענטפערט מיט אַ רויקייט, וואָס האָט אים אַליין פאַרוואונדערט.

— דאָס האָב איך געזאָגט, און מיר האָט געזאָגט וויעקאָוו, ער האָט עס געהערט פון קלימקאָוון...

— וויעקאָוו, קלימקאָוו, גראַכאָטאָוו, דאָס איז אַלץ נבלה וועלכע איך וועל גוט אָנטרעטן אויפן ווידל... פאַראַזיטן, אויסוואורפן, פוילאַקעס! ווער פון זיי איז יעצט דאָ דאָ?

— קלימקאָוו דאַרף דאָ זיין — האָט וויאַכיריאָוו געענטפערט. סאַשאַ האָט אַ געשריי געטון:

— קלימקאָוו!

יעווסיי האָט אויסגעצויגן די האַנט פאָרויס און איז אַהעגיכער, די פיס האָבן זיך אים אונטערגעהאַקט.

— קלימקאָוו!

ער האָט געהערט, ווי קראַסאַווין האָט געזאָגט:

— אַוועק, ווייזט אויס... אפשר וואָלט איר נישט גערופן ביים צונאָמען?

— כ'בעט מיך נישט צו לערנען! איך וועל אינגיכן אויסראָטן אַלע צונעמען און אַנדערע אַזוינע נאַרישקייטן...

— איך וועל דיך פאַרטיליקן! — האָט אים יעווסיי געדראָט אין געדאַנק, צונויפגעקריצט די ציין אַזוי שטאַרק, אַז ס'האָט אים אַזש וויי געטון.

נאָר אַז ער איז אַרויס פֿון טויער, האָט אים אַרומגעכאַפּט דאָס אָפּשוואַכנדיקע באַוואוסטזיין פֿון זיין אָנמעכטיקייט און נישטיקייט. שוין לאַנג זענען די געפֿילן נישט געקומען צו אים מיט אַזאַ דערדריקעדיקער קלאָרקייט. ער האָט זיך געשראָקן פֿאַר זייער משא, געדריקט אונטער זייער שווערקייט און געפּרוווט זיך דערמוטיקן.

— אפשר וועט זיך נאָך אַלץ אויסגלייכן... ס'וועט זיך אים נישט איינגעבן.

און ער האָט נישט געגלייבט אין דעם.

אַליין אַ מענטש אָן ווילן, האָט ער געקוקט אויף אַנדערע מענטשן, ווי אויף זיך און געוואוסט, אַז סאַשאַ וועט לייכט קאָנען אונטערגעבן אונטער זיין ווילן די אַלע, וועמען ער וועט וועלן.

# XXI

אויפֿצומאָרגנס האָט ער זיך לאַנג נישט אַנטשלאָסן אַרויסצוגיין פֿון שטוב, ער איז געלעגן אויפֿן געלעגער, געקוקט אויפֿן סופֿיט, פֿאַר אים איז געשוואומען סאַשאַס בלייערן פּנים מיט די מאַטע אויגן און דער קראַנץ רויטע קרעצלעך אויפֿן שטערן. אָט דאָס פּנים האָט אים היינט דערמאָנט זיין קינדהייט און די בייזע לבֿנה, אין געבל, איבערן זומפּ.

אַ הוילער, אַ נישטיקער, אַ קאַלטער, האָט ער זיך איבערגעגעבן דער מאַכט פֿון בענקשאַפֿט וועגן זיינע טרוימען, וועלכע סאַשאַ האָט אַזוי לייכט צעקוועטשט, ער האָט אין זיך פֿאַרטיפֿט די שנאה צום שפּיאָן, געפֿילט זיך בכּוח אים צו בייסן מיט די ציין, אויסשטעכן אים די אויגן.

זיך דערמאָנט, אַז עמעצער פֿון די חברים קאָן צו אים קומען, איז ער איילנדיק אַוועק פֿון שטוב, גיך אַדורכגעלאָפֿן עטלעכע גאַסן, גיך מיד געוואָרן און געבליבן שטיין, געוואַרט

אויף אַ טראַמוואַי. פאַרביי אים זענען אומאויפהערלעך געגאַנגען מענטשן, ער האָט דערפילט, אַז היינט האָבן זיי אַן זיך עפּעס גייס, האָט ער זיך אָנגעטון אַ כּוח און זיך אָנגעהויבן צו זיי צוצוקוקן און גיך פאַרשטאַנען, אַז דאָס נייע, דאָס איז — די אים ביז - באַקאַנטע שרעק, מבולבלדיקייט. מענטשן האָבן זיך אומצוטרויִלעך אַרומגעקוקט, פאַרדעכטיק, האָבן שוין נישט געקוקט איינער אויפן אַנדערן מיט אַזוינע גוטע אויגן, ווי די לעצטע צייט, די שטימען האָבן געקלונגען שטילער, אין די ווערטער האָט געגלאַנצט בייזקייט, פאַרדרוס, יאוש... און גערעדט האָט מען וועגן עפּעס שרעקלעכס.

לעבן אים זענען געבליבן שטיין צוויי אַדורכגייער. איינער פון זיי, אַ נידעריקער, אַ דיקער און אַ גלאַט - געגאָלטער, האָט געפרעגט דעם אַנדערן;

— וויפל האָט מען דערהרגעט, זאָגט איר?

— פינף מאַן... זעכצן פאַרוואונדעט...

— קאָזאַקן האָבן געשאָסן?

— יאָ... איין ייִנגל האָט מען דערהרגעט, אַ גימנאַזיסט...

יעווסיי האָט אַ קוק געטון אויף די רעדנדיקע און טרוקן געפרעגט:

— פאַר וואָס?

דער מענטש מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד האָט אַ קוועטש געטון מיט די אַקסלען און אָן חשק און נישט הויך געענטפערט:

— מע זאָגט, אַז זיי זענען געווען שיכּור, די קאָזאַקן...

— דאָס האָט סאַשקאַ אַלץ אַזוי געמאַכט! — האָט קלימקאָוו צו זיך געזאָגט מיט זיכערקייט.

— און אויף דער ספּאַססאָווער בריק האָט דער המון צע־הרגעט אַ סטודענט און אַרייַנגעוואָרפן אין וואַסער אַריין — האָט געזאָגט דער געגאָלטער און שווער אָפּגעעטעמט.

— וואָס פאַר אַ המון? — האָט יעווסיי ווידער פאַרעקשנט געפרעגט.

— כ'ווייס נישט... עפּעס פּאַטריאָטן...

דער שוואַרצבערדיקער האָט דערקלערט:

— פון דערפרי אָן גייען היינט אַרום איבער די גאַסן קליינע קופּקעס אָפּגעריסענע מענטשן מיט דרייפאַרביקע פענער, טראָגן מיט זיך אַרום דעם צאַרס בילדער און שלאָגן אַלע לייטיש־אויסגעזעענע מענטשן...

— סאַשקאַ! — האָט יעווסיי פאַר זיך איבערגעחזרט.

— מע זאָגט, אַז דאָס האָט אָרגאַניזירט די פּאָליציי מיט דער אָכראַנע.

— אוודאי! — האָט קלימקאָוו אויסגעשריגן, נאָר באַלד פעסט צענויפגעדריקט די ליפּן, אַ קוק געטון פון דער זייט אויפן שוואַרצבערדיקן און באַשלאָסן אוועקצוגיין פון דאַנען. נאָר אין דער מינוט איז אָנגעקומען אַ טראַמוואַי, די ריידנדיקע זענען אין אים אַריין, און ער האָט אַ טראַכט געטון:

— איך דאַרף זיך אויך אַריינזעצן, אַנישט וועלן זיי פאַרשטיין, אַז כ'בין אָן אַגענט — געוואַרט מיט זיי צוזאַמען אויפן טראַמוואַי און זיך נישט אַריינגעזעצט.

אין וואַגאָן איז דאָס פּובליקום אויסגעקומען יעווסייען רייכער, ווי אויף דער גאַס.

— פאָרט פאַרמאַכט, זאָל זיין אַפילו מיט שויבן — האָט ער זיך דערקלערט אָט די ענדערונג און זיך איינגעהערט צו די באַלעבאַטישע שמועסן פון די פּאַסאַזשירן.

אַ הויכער מענטש מיט אַ ביינערדיק פּנים האָט פאַראומערט געוועדעט, צעפּירט מיט די הענט:

— איך האָב אויך ליב דעם קיסר און האָב פאַר אים דרך־ארץ... איך בין אים האַרציק דאַנקבאַר פאַרן מאַניפעסט און בין גרייט צו שרייען הוראַ וויפל ס'וועט זיך נאָר לאָזן, נאָר שויבן ברעכן מחמת פּאַטריאָטיזם און מענטשן אַראָפּדרייען די קעפּ... צו וואָס דאַרף מען דאָס?

— באַרבאַריזם, חיהשקייט אין אַזעלכע טעג! — האָט געזאָגט אַ פולע דאַמע. — אָך, אָט דאָס פאָלק, וויפל שרעקלעכס איז אין אים פאַרהאַן!

און פון ווינקל האָט זיך געהערט אַ זיכער און האַרט קול:

— דאָס אַלץ איז דער פּאָליציייס אַ שטיקל אַרבעט, כ'פאַר־ זיכער אייך!

— פאַרוואָס עפּעס

אַלע זענען אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן.

— איך ווייס! — האָט יעווסיי זיך געטראַכט.

פון ווינקל האָט מען ווידער זיכער געזאָגט:

— מען גרייט צו אַ קאָנטער־רעוואָלוציע — אויפן רוסישן שטייגער... קוקט זיך איין — ווער פירט אָן מיט די פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס? איבערגעטוענע פּאָליציי, אַגענטן פון אָכראַנע.

יעווסיי האָט מיט פרייד זיך צוגעהערט צו אָט די ווערטער, אומבאַמערקט אָנגעקוקט דאָס יונגע פּנים — עס איז געווען טרוקן און ריין, מיט אַ גרויסער נאָז, קליינע וואָנסעלעך און אַ קופּקעלע העלע האָר אויף דער פּאַרעקשנטער גאָמבע. דער מענטש איז געזעסן, זיך אָנגעלענט מיט דער פּלייצע אינם ווינקל פון וואַגאָן, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס; ער האָט געקוקט אויפן פּובּ־ ליקום מיט אַ קלוגן בליק פון אַ פּאָר בלויע אויגן און גערעדט ווי אַזעלכער, וואָס האָט די מאַכט איבער זיינע ווערטער און געדאַנקען ווי ער וואָלט געגלייבט אין זייער כּוח.

אָנגעטון אין אַ קורץ וואַרעם פּעלצל און הויכע שטיוול, איז ער ענלעך געווען אויף אַן אַרבעטער, נאָר די ווייסע הענט און די דינע קנייטשן אונטערן שטערן האָבן געוויזן, אַז נישט.

— אַן איבערגעטוענער! — האָט יעווסיי אַ טראַכט געטון. — זאָל ער, מיר איז אַלץ איינס...

ער האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אָנגעהויבן זיך איינ־ צוהערן צו די הויכע, האַרטע רייד פון דעם איידעלן בחור, באַ־ טראַכט זיינע קלוגע, לויטער־בלויע אויגן און מיט אים מסכּים געווען... נאָר פּלוצלינג האָט ער זיך אַ נגעקורטשעט, אַרומגעכאַפּט פון עפּעס אַ שאַרף פאַרגעפיל — אויף דער פּלאַט־ פאָרמע פון וואַגאָן, גלייך מיטן קאָנדוקטאָר, האָט ער דערזען דורכן גלאָז אַ שוואַרצן בולטן שאַרבן, אַ פּאָר אַראָפּגעלאָזטע אַקס־ לען, אַ שמאָלע פּלייצע... דער וואַגאָן האָט זיך געטרייסלט, און

די באַקאַנטע פיגור האָט זיך ווייך נאָוועגט, ויך האַלטנדיק אויף די פיס.

— יאַשקאַ זאַרובין...

קלימקאָוו האָט אומרויק אַ קוק געטון אויפן יונגן מענטש, יענער האָט אַראָפּגענומען דעם הוט, גלייכגעמאַכט זיך די איידעלע כוואַליענדיקע האָר און גערעדט:

— כל זמן אונזער רעגירונג האָט נאָך אין די הענט סאָלדאַטן, פּאָליציי, שפּיאָנען, וועט זי נישט אָפּטרעטן דעם פאָלק און דער געזעלשאַפט אירע רעכט אָן אַ קאַמף, אָן בלוט - פאַרגיסונג — דאָס דאַרפן מיר גוט געדענקען!

— נישט ריכטיק, מיין הער! — האָט אויסגערופן דער ביינער-דיקער מענטש. — דער צאַר האָט געגעבן אַ פולע קאָנסטיטוציע. ר'האָט געגעבן, און איר טאָרט נישט...

— אָבער ווער אָרדנט עס איין די הריגות אויף די גאַס, און ווער שרייט עס — נידער מיט דער קאָנסטיטוציע? — האָט דער יונגער מענטש קאַלט געפרעגט. — אַט גיט בעסער אַ קוק אויף די באַשיצער פון דער אַלטער אָרדנונג — אַט גייען זיי...

דער וואָגאָן האָט אַ סקריפּע געטון, אַ פייף געטון, געבליבן שטיין, און אַז ס'איז אַנטשוויגן געוואָרן דער רייצנדיקער גע-רויש פון זיין באַוועגונג, האָבן זיך דערהערט אומרויקע הויכע קולות:

— באַ - אָזשע צאַריאַ כראַני...

— הור - ראַ - אַ - אַ...

פון אַ ראָג גאַס איז פאַרויס פאַרן וואָגאָן אַרויסגעלאָפן אַ המון יינגלעך, זיי האָבן זיך קוויטשעדיק צעשאָטן איבערן ברוקן ווי מען וואָלט זיי ערגעץ אַראָפּגעוואָרפן פון דער הייך. נאָך זיי האָט זיך גיך און אָרדענונגסלאָז, ווי אַ שוואַרצער קלין, אַריינ-געדרוקט אין דער גאַס אַריין אַ המון מענטשן מיט דרייפאַרביקע פענער איבער זיי, און ס'האָבן זיך געלאָזט הערן אימהדיקע קולות:

— הור - ראַ! שטייט, חברה!

— נידער מיט דער קאָנסטיטוציע...

— מיר ווילן נישט...

— בּאַ - אָושע צאַריאַ כראַני...

— הור - ראַ - אַ!

די מענטשן האָבּן זיך געשטויסן, געלאָפן איינער פאַרן אַנ־דערן, געפאָכעט מיט די הענט, געוואָרפן אין דער לופטן היטלען. פאַרויס פאַר אַלע, אָנגעבויגן דעם קאָפּ, ווי אַן אָקס, איז געגאַנ־גען מיעלניקאָוו מיט אַ שווערן שטעקן אין דער האַנט און אויף איר אַ נאַציאָנאַלע פאָן. ער האָט געקוקט אויף דער ערד — מיט יעדן קלאַפּ האָט זיין קערפּער אויפגעציטערט און דער קאָפּ האָט זיך געדרייט. זיין ברום האָט זיך געדיכט אויסגעטיילט פון דעם כאַאָס פליסנדיקע, צעקוועטשטע קולות אין דעם ים פון קלאַנגען

— מיר ווילן נישט קיין אָפּנאַרעריי...

הינטער אים, אונטערשפּרינגענדיק און דרייענדיק מיטן האַלז, האָבּן זיך געגלימשט איבּערן בּרוק עפּעס פינסטערע און גרויע צעשויבּערטע מענטשן, זיי האָבּן אויפגעהויבּן די קעפּ און די הענט אינדערהייך, געקוקט אין די פענסטער פון די הייזער, אַרויפגעשפּרונגען אויף די טראָטואַרן, אַראָפּגעריסן די היטלען פון די פאַרבּייגייער, ווידער צוריקגעלאָפן צו מיעלניקאָוון און געשריגן, געפייפט, זיך אָנגעכאַפּט איינער פאַרן אַנדערן, זיך צענויפגעדריקט אין אַ קופּע, און מיעלניקאָוו האָט געפאָכעט מיט דער פאָן, געבּרומט און זיך געריסן, ווי אַ גרויסער גלאָק:

— נידער מיטן שווינדל... נידער מיט די שווינדלער.. שטיי - יי...

— שיכור, צי וואָס? — האָט קלימקאָוו קאַלט אַ טראַכט געטון.

— שטיי! — האָט דער שפּיאָן הויך אויפגעהויבּן די פאָן און באַפוילן, — זינ - גט!

און פון זיין בּרייט מויל האָט אַ שטראָם געטון אַ ווילדער אומעטיקער בּרום:

— בּאַ - אָ...

נאָר באַלד האָבן אין דער לופט, כאַטיש און ווילד, ווי אַ סטאַיע הונגעריקע פייגל, אַ פלאַטער געטון צעררייצטע געשרייען, זיך איינגעגעסן אינם שפּאָנס קול און באַדעקט אים, ווי אַ גיכע, ג׳יריקע לאַווע:

— הוררא - אַ, דעם קיסר... אראָפּ די היטלען... פּראַוואָס-לאַוונע! ווי ביים אַלטן! נידער מיט די פּאַררעטער!

און אין וואַגאָן איז געווען שטיל, אַלע זענען געשטאַנען, אַראָפּגענומען די היטלען, און שווייגנדיק, בלאַס געקוקט אויפן המון, וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט ווי אַ כוואַליעדיקע, ברודיקע קייט. נאָר דער איבערגעטוענער מענטש האָט נישט אַראָפּגענומען דאָס היטל. יעווסיי האָט אַ קוק געטון אויף זיין שטרענג פּנים, געטראַכט:

— ער גנבעט זיך אַדורך... און אָנגעהויבן צו קוקן אויף דער גאַס דורך דער שויב, פאַרקרימט געשמייכלט. ער האָט גוט געפילט די נישטיקייט פון אָט די אומרויק - שפּרינגענדיקע מענטשן, ער האָט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז זיי עגבערט אינעווייניק אַ פינס-טערע שרעק — ז י שטופּט עס זיי און טראָגט זיי פון איין זייט אויף דער אַנדערער, און מיט איר קעמפן זיי דאָס, פאַרשיכורן זיך מיט די געוואַלדן און ווילן זיך אַליין איבערצייגן, אַז זיי האָבן פאַר גאָרנישט קיין מורא. זיי זענען געלאָפן אַרום דעם וואַגאָן, ווי אַ חברה הינט, וואָס מ׳האָט נאָר וואָס אַרויסגעלאָזט פון דער קייט, פול מיט אומזיניקער פרייד, זיך נאָך נישט באַוויזן צו באַפרייען פון דער געוויינלעכער שרעק, און קענטיק נאָך נישט געהאַט די דרייסטקייט צו גיין ווייטער איבער דער ברייטער ליכטיקער גאַס — זיי האָבן זיך נישט געקאָנט צונויפקלייבן אין איין גוף, זיך געפּאָרעט, גע-שריגן און אומרויק זיך אַרומגעקוקט, ווי גערייכט זיך אויף עפּעס.

אָט שטייט לעבן דעם וואַגאָן אַ דאַרינקער, שאַרפבערדיק פייערל אין אַ צעריסן פעלצל, ער האַלט פאַרמאַכט די אויגן, אויפ-געהויבן ס׳פּנים איבערהייך און צעעפנט אַ הונגעריק מויל מיט געלע ציין און שרייט מיט אַ דין קעלכל:

— ני - ידער... מע דאַרף ניש - שט...

פון אָנשטרענגונג און פון שרעק רינען אים איבער די באַקן טרערן, שווייס גלאַנצט אויפן שטערן. אַז ער האָט אויפגע־הערט צו שרייען, האָט ער אָנגעהויבן דעם האַלז, זיך אומגלייביק אַרומגעקוקט, אויפגעהויבן די אַקסלען, ווידער פאַרמאַכט די אויגן און געשריגן, ווי מען וואָלט אים געשלאָגן:

— גע - צו - וג!

— איך וואָלט אויך אַזוי געשטאַנען, — האָט יעווסיי אַ טראַכט געטון. ס'איז אים געווען אַ געלעכטער צו קוקן אויפן פויער און אין דער זעלבער צייט האָט ער רחמנות געהאַט סיי אויף זיך, סיי אויף אים.

ער האָט געזעצן באַקאַנטע, שטענדיק פאַרחושכטע פנימער פון סטרוזשעס, דאָס וואָנסענדיקע פרצוף פונם פרומען און בייזן קלימיטש, דעם צערקווע - שומר, הונגעריקע אויגן פון בחורים־לעך - כוליגאַנעס, פאַרחידושטע צעשראָקענע פנימער פון פייערלעך און צווישן זיי עטלעכע געשטאַלטן, וואָס שטויסן אַלעמען, ווייַ אַלעמען אָן — און דערמיט פאַרטולן זיי אָט די אָנווילנדיקע בלינדע קערפּערס מיט זייער ווילן, מיט זייער קראַנקן האַס. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אָט די אַלע קליינע מענטשן לעבן, אַזוי גוט ווי ער, אין ענגער געפענגעניש ביי דער שרעק און האָבן נישט קיין כוח זיך פון איר אַרויסצורייסן — קומט צו זיי אַ שטאַרקער מענטש און באַהערשט זיי, קומט נאָך אַ שטאַרקערער, און מיט זיין ווילן ליידיקן זיי אויס דאָס אַלטע וואויגאַרט פון דער שרעק פאַרן נייעם. אָפּגעטיילט פון זיי יעצט מיט שויב' האָט ער זיי באַטראַכט פון דער זייט און פון דער הייך, זיינע אויגן האָבן אַרומגענומען אַ סך, אַלץ איז אים ביז צו איבל'ן געווען קלאָר, דאָס האַרץ האָבן געזויגן אומעט און בייזקייט...

צווישן המון האָט זיך אַרומגעשלענגלט יאַקאָוו זאַרובין. אָט איז ער צוגעלאָפן צו מיעלניקאָוון, און צופגדיק אים ביים אַרבל, אָנגעהויבן מיט אים צו רעדן, געוויזן מיטן קאָפּ אויפן וואַגאָן. קלימקאָוו האָט זיך גיך אומגעקוקט אויפן מענטש מיטן היטל, יענער איז שוין געהאַט אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען צו דער טיר, הויך אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פאַרכמורעט די

ברעמען. יעחסיי איז אים נאָכגעגאַנגען, נאָר אויף דער פּלאַט־פאָרם פון וואַגאָן איז ארויפגעשפּרונגען מיעלניקאָוו, ער האָט פאַרצוימט זי טיר, אריינגעשטופּט אין איר זיין גרויסן קערפּער און א ריטשע געטון:

— ס'היטל אַראָפּ

דער מענטש האָט זיך קרום אויסגעדרייט און איז אַוועק צום אַנדערן אַרויסגאַנג, נאָר דאָרט איז געשטאַנען זאַרובין און הויך געזרעוועט:

— אָט דער, מיטן היטל! איך קען אים... ער מאַכט באָם־בעס, היט אייך, קינדער!

אין זאַרובינס האַנט האָט געבלאַנצט א רעוואָלווער, ער האָט מיט אים געפאָכעט, ווי מיט א שטיין און זיך גערוקט פאָרויס. אויף דער פּלאַטפאָרמע זענען אַרויפגעקראָכן מענטשן פון דער גאַס, אַנטקייגן זיי האָבן זיך געשטופּט די פּאַסאַזשירן פון וואַגאָן, די דאַמע האָט ריטשענדיק געקוויטשעט:

— ס'היטל... נעמט אַראָפּ... וואָס טוט זיך מיט אייך!

אַלע האָבן געקוויטשעט, געברומט, געדריקט איינער דעם אַנ־דערן און געגלאָצט משוגע • שפּרינגעדיקע אויגן אויף דעם מענטש אין היטל.

— איך וועל שיסן, אַוועק'ס! — האָט ער הויך געזאָגט און גלייך געגאַנגען אויף זאַרובינען. דער אַגענט האָט זיך צוריקגעצויגן, נאָר מ'האָט אים צוריקגעשטויסן אין פּלייצע אַריין, ער איז געפאַלן אויף די קני, מיט איין האַנט זיך אָנגעלענט אָן דער פּאָדלאָגע און די אַנדערע אויסגעצויגן. דערשראָקן האָט א ציטער געטון א שאָס, א צווייטער, שויבן האָבן אַ קלונג געטון, אויף אַ ווײַלע זענען אַלע ווי פאַרגליווערט געוואָרן, און דערנאָך האָט א האַרט קול מיט עקל געזאָגט:

— מנוולים

די לופט און די שויבן האָבן א ציטער געטון פונם שאָס, און זאַרובין האָט הויך א געשריי געטון:

— אוי!

אין געפאַלן מיטן קאָפּ אויף דער פּאָדלאָגע, ווי ער וואָלט פאַר עמעצן געפאַלן אויף די קני.

מיטאַמאָל איז שטיל געוואָרן. קלימקאָוו, ליגנדיק אין ווינקל, האָט זיך איינגעקורטשעט אויף דער באַנק, גלייכגילטיק אַ טראַכט געטון:

— ס'האָט מיך געקאָנט אוועקהרגענען...

דער געדאַנק האָט זיך אַדורגעגליטשט און פאַרשוואונדן געוואָרן, נישט דערוועקט אין דער פינסטערניש פון זיין נשמה נישט קיין שרעק, נישט קיין פרייד. ער האָט זיך מיד אַרומגעקוקט — דער מענטש אין היטל איז געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרם פון וואַגאָן, צו אים איז, פאַרביי יעווסייען, גלייך געגאַנגען מיעלניקאָוו, און זאַרובין איז געלעגן אַראָפּ מיטן פּנים אויף דער ערד און זיך נישט גערירט.

— איך וועל אייך שיסן — גייט אַוועק! — האָט זיך טרוקן און הויך דערהערט אויף דער פּלאַטפאָרם, נאָר מיעלניקאָוו האָט אַריבערגעשפּרייזט איבער יאַקאָוון, אָנגעכאַפּט דעם איידעלן בחור פאַרן קערפּער, אַ וואָרף געטון אים אויפן ברוק און מיט אַ ווילד קול טעמפּ געשריגן:

— שלאָ - אָג... ני - י - ידער...

דריי מאָל האָט גיך אויסגעשאָסן אַ רעוואָלווער, האָבן זיך דערהערט טעמפּע קלעפּ, עמעץ האָט אויסגעצויגן און קלאָגענדיק אַ וואָיע געטון, ווי אַ קינד:

— אָ - אָ, מיין פּיסעלע...

און עמעץ האָט הייזעריק, מיט אַלע כּוחות געשריגן:

— אַ - אַ... איבערן קאָפּ גיט אים, אַ - אַ...

און אַ דין היסטעריש קול האָט פול מיט התפּעלות געקלונגען:

— ציפּט אים, קינדערלעך... ווערגט אים... אַ סוף, שוין אַוועק זייער צייט... יעצט וועלן מיר זיי... יעצט איז אונזער צייט...

און אַלע געשרייען האָט מיטאַמאָל פאַרדעקט אַ הויכער מיט פאַראומערטן חוזק, ענטפער:

— אידיאָטן!

יעווסיי האָט זיך פון שוואַכקייט אַ וואַקל געטון אויף די פיס, איז אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרם און דערזעען פון איר אַ שוואַרצע קופּע מענטשן. איינגעבויגן די אַקסלען, פּאַכענדיק מיט די הענט און מיט די פיס, כאָרכלענדיק, מיד כריפּענדיק, האָבן זיי זיך אַרומגעפירט איבערן ברוק, ווי גרויסע האָריקע ווערעם, געשלעפּט איבער די שטיינער דעם שוין - צעוואָרגענעם און צע-פליקטן קערפּער פון דעם איידעלן בחור, געהאַקט אים מיט די פיס, געטרעטן דאָס פּנים און די ברוסט, געריסן פאַר די האָר, גע-כאַפּט פאַר די פיס און די הענט און גלייכצייטיק געריסן אין פאַרשידענע זייטן האַלבנאַקעט, באַגאָסן מיט בלוט, האָט עס ווייך, ווי טייג, זיך געקנעטן אויף די שטיינער, מיט יעדן קלאַפּ אַלץ מער פאַרלוירן די ענלעכקייט צו אַ מענטשלעכער געשטאַלט.

די מענטשן האָבן זיך שטאַרק באַשעפטיקט מיט אים, און אַ דאַר פייערל, באַמיענדיק זיך צו צעהאַקן דעם שאַרבן, האָט גע-טרעטן אויף אים מיט די פיס און געוואָיעט:

— אַהאַ - אַ... געקומען אונזער צייט!

אַז זיי האָבן שוין געענדיקט דאָס עסק, זענען זיי איינער נאָכן אַנדערן אַרויף פונם ברוק אויפן טראָטואַר. אַ געשטופּטער בחור דאָט זיך אָפּגעווישט די הענט אָן דעם שעפּסן פעלצל און באַלעבאַטיש געפרעגט:

— ווער האָט גענומען זיין רעוואָלווער?

יעצט האָבן די ווערטער געקלונגען מאַט, אָן חשק. נאָר אויפן טראָטואַר, צווישן דער קליינער גרופּע מענטשן ביים לאַמטער, האָט זיך געהערט אַ געלעכטער. אַ באַליידיקט קול האָט הייס גע-פרווט אויפווייזן:

— זאָגסט ליגן — איך האָב דער ערשטער! אַזוי ווי ער איז נאָר אומגעפאַלן, אַזוי האָב איך אים מיט די שטיוואַלעס אין מאָרדע אַריין...

— אַפריער האָט זיך דער דראָזשקער מיכאַילאָ אויף אים אַרויסגעוואָרפן, און דערנאָך איך...

— מיכאַילאָ האָט געכאַפּט אַ קויל אין פּיסק אַריין...

- אויב נישט אין ביין אַריין, איז גאָרניט!..

אָנגעזויפט מיטן ריח פון בלוט, זענען זיי קענטיק דרייסטער געוואָרן, זיי האָבן זיך ארומגעקוקט אויף אַלע זייטן מיט נישט־זאַטע אויגן, מיט גיריקייט און זיכערער דערוואַרטונג.

אינמיטן גאַס איז געלעגן אַן אָנפאָרמיק שוואַרץ בערגל, פון דאָרטן איז, צווישן די שטיינער, פּאַמעלעך געפלאָסן בלוט.

— אַזוי זענען זיי אַלע! — האָט יעווסיי טעמפּ געטראַכט, בעקוקט אויף די רויטע שטרעמלעך אויף די שטיינער. אין פינס־טער־רויטן ציטערנדיקן געבל האָט זיך פאַר יעווסייען פאָרגע־שטעלט מיעלניקאָווס האַריק פּנים, האָט נישט הויך און מיד גע־וואָיעט זיין קויל:

— אָט — דערהרגעט...

— יאָ.. אַזוי גייך...

— אינדערפרי האָט מען אויף איינעם דערהרגעט...

— פאַר וואָס?

— ר'האָט גערעדט.. ר'איז געשטאַנען אויף אַ באַנק פאַר אַ טויער און גערעדט פאַרן עולם... האָט אים טשאַשין אריינגע־שאָסן גלייך אין בויך אריין...

— פאַר וואָס? — האָט יעווסיי נאָכאַמאָל איבערגעחזרט.

— אַז זיי נאַרן אָפּ... אַ פאַלשער מאַניפעסט... דעם פאָלק וועט גאָרנישט ארויסקומען...

— דאָס האָט אַלץ סאַשקאַ אויסגעטראַכט! — האָט קלימ־קאָוו שטיל און זיכער געזאָגט.

מיעלניקאָוו האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, אַ קוק געטון אויף זיינע אייגענע גרויסע הענט און מיט אַ שיכור קול ארויסגעבורטשעט:

— עמעצער נאַרט אַלעמאָל אָפּ... יאַשקאַ איז טאַקע גע־שטאָרבן?

ער איז אריין אין וואַגאָן, זיך אָנגעבויגן, לייכט אויפגע־הויבן זאַרובינען, אים ארויסגעשלעפּט אויף דער באַנק, מיטן פּנים ארויף.

— געשטאָרבן .. אָט וואו ס'איז אים אריינגעפאַלן...

יעווסיי האָט געזוכט אויף זאַרובינס פּנים אַ שניט פון אַ קלאַפּ מיט דער פלאַש, נאָר אים נישט געפונען. יעצט איז איבער דעם שפּיאָנס רעכטן אויג געווען אַ קליין רויט לעכל, קלימקאָוו האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן פון עס דעם בליק, עס האָט אינגאַנצן צו זיך איינגעזויגן זיין אויפמערקזאַמקייט, אַרויסגערופן אַ שאַרף רחמנות צו יאַקאָוון.

— האָסט אַ רעוואָלווער? — האָט אים מיעלניקאָוו געפרעגט.

— ניין...

— נאַ, נעם יאַשקעס...

— כ'וויל נישט, איך דאַרף עס נישט...

— יעצט דאַרפן מיר עס אַלע צו האָבן! — האָט מיעלני-קאָוו אַזוי פשוט געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט דעם רעוואָלווער אין יעווסייס פאַלטן פון קעשענע. — יאָ... אָט, געווען יאַשקאַ און שוין נישטאָ...

— א י ך האָב עס אים אָנגעצייכנט פאַרן טויט — האָט קלימקאָוו געטראַכט, אָנגעקוקט דעם חברס פּנים. זאַרובינס ברעמען זענען געווען שטרענג פאַרוואָלקנט, אין די מאַטע אויגן איז געלעגן פאַרגליווערט און זיך געלויכטן עפּעס אַן ערנסטקייט, די שוואַרצע וואָנסעלעך האָבן זיך געשלענגלט אויף דער אויפגע-הויבענער גאָמבע, ער האָט אויסגעזען צערייצט און ס'האָט זיך אויס-געוויזן, אַז פון דעם האַלב אָפענעם מויל וועלן זיך באַלד אָנהייבן שיטן גיכע רייד.

— קום! — האָט מיעלניקאָוו געזאָגט.

— און ער... ווי לאַנג? — האָט יעווסיי געפרעגט, מיט כוח אָפּגעריסן די אויגן פון זאַרובינען.

— פּאָליציי וועט אים שוין צונעמען... קיין געהרגעטע טאָר מען נישט אַליין צונעמען — דאָס געזעץ פאַרווערט עס! לאָמיר ערגעץ גיין — מיר'ן זיך צעשטרייען... כ'האָב נאָך הייַנט נישט געגעסן... כ'קאָן נישט עסן, שוין דער דריטער טאָג... און שלאָפן אויכ'עט. — ער האָט שווער אָפּגעזיפצט און געענדיקט מיט טעמפּער גלייכגילטיקייט: — מען וואָלט מיך באַדאַרפט שיסן, שטאָט יאַקאָוון

— אַלץ מאַכט סאַשקאַ חרוב! — האָט יעווסיי דורך די ציין אַרויסגעקריצט. — ער וועט אונז אַלע פאַרטיליקן...

— נשמה - פאַרבלענדעניש...

זיי זענען געגאַנגען איבער דער גאַס, גאַרנישט באַמערקט, און יעדער האָט גערעדט וועגן זיינס מיט דערשטיקטע קולות, ווי שיכור:

— וואו איז דער אמת? — האָט מיעליניקאָוו געפרעגט, אויסגעצויגן פאָרויס אַ האַנט, ווי געטאַפּט די לופט.

— אָט זעסטו — דערהרגעט צוויי!.. — האָט יעווסיי גערעדט, אַנגעשטרענגט געוואָלט כאַפּן דעם אומגעהאָרכזאַמען געדאַנק.

— היינט האָט מען, מסתמא, אַ סך דערהרגעט... — בלינד זענען זיי, אַלע...

— פאַרוואָס האָט עס סאַשקאַ געמאַכט?

— איך האָב אים אויך נישט ליב, אָט ווען מען וואָלט געדאַרפט דערהרגענען,—האָט יעווסיי אויסגערופן מיט ביטערער בייזקייט.

מיעליניקאָוו האָט לאַנג געשוויגן, דערנאָך האָט ער פּלוצלינג אַ פּאָכע געטון מיט דער פויסט אין דער לופטן און געזאָגט אַנטשלאָסן, הויך:

— אַ סוף! כ'האָב שוין גענוג עבירות אויף זיך... ביי דער וואָלגע האָב איך אַ פעטער, אַן אַלטפּרענקישן זקן.. דאָס איז דאָס גאַנצע באַגענטע מיינע אויף דער וועלט. כ'וועל גיין צו אים! ער איז אַ בין - מענטש... יונגערהייט האָט ער געהאַט אויף זיך אַ פּראָצעס פאַר פאַלש געלט...

דער שפּיאָן איז אַנטשוויגן געוואָרן, דערנאָך זיך שטיל צעלאַכט.

— וואָס איז דיר? — האָט יעווסיי מיט פאַרדרוס געפרעגט.

— אַלצדינג פאַרגעס איך — נאָך מיט דריי יאָר צוריק איז ער דאָך געשטאָרבן...

אומבאַמערקט זענען זיי צוגעקומען צו אַ באַקאַנטער שענק. ביי דער טיר איז יעווסיי שטיין געבליבן, פאַרטראַכט אַ קוק געטון אויף די באַלויכטענע פענסטער און אומצופרידן אַרויסגעברומט:

— ווידער מענטשן. ס'ווילט זיך מיר נישט אַרייַנצוגיין.

— קום אַרייַן, אַלץ איינס! — האָט געזאָגט מיעלניקאָוו, אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און געפירט, רעדנדיק:

— אַליין וועט מיר זיין אומעטיק... און כ'בין געוואָרן אַזוי שרעקעוודיק... מורא האָב איך נישט פאַר דעם, וואָס מען וועט דערהרגענען, אויב מען וועט דערקענען, אַז כ'בין אַן אַגענט, נאָר אַזוי... פשוט — אומבאַקוועם.

זיי זענען נישט אַרייַנגעגאַנגען אין יענעם צימער, וואו די חברים פלעגן זיך צונויפקלייבן, נאָר זיך אַוועקגעזעצט אין דעם אַלגעמיינעם זאַל, אין ווינקל. געווען אַ סך געסט, נאָר קיין שיכּורים האָט מען נישט באַמערקט, כאָטש די רייד האָבן געקלונגען הויך און לויטער, ס'האָט זיך געהערט אַן אומגעוויינלעכע אויפרעגונג. קלימקאָוו האָט זיך, ווי זיין געוויינהייט, אָנגעהויבן איינצוהערן אין די שמועסן; דער געדאַנק וועגן סאַשאַן האָט אים נישט אָפּגעלאָזן, זיך שטיל אַנטוויקלט אין קאָפּ, דעם מטושטשן פון די איינדריקן פון די לעצטע טעג, נאָר דערפרישט מיט די כּסדרדיקע צוגוסן פון עסעדיקער שנאה צום שפּיאָן און מיט דער מורא פאַר אים.

— ער וועט מיך פאַרטיליקן... פאַרטיליקן..

ער האָט זיך דערמאַנט דאָס בייזע פּנים פון טויטן זאַרובין, דעם צעטרעטענעם קערפּער פון יענעם איידעלן בחור און מבולבל־דיק זיך אַרומגעקוקט אויפן רוישנדיקן פּובליקום, געפינטלט מיט די אויגן, ווי אויפגעשטאַנען פון שלאָף. אַלץ איז געווען כאַאָטיש, קאָשמאַרנע. מיעלניקאָוו האָט אָן חשק געטרונקען ביר, געשוויגן און זיך געקעמט.

נישט ווייט פון זיי זענען ביי אַ טישל געזעסן דריי מענטשן, קענטיק, משרתים, יונגע, מאָדיש־אָנגעטון, מיט בונטע קראַוואַטן, זיי האָבן גערעדט מיט אַן אינטעליגעטער שפּראַך. איינער פון זיי, מיט אַ טשופּרינע, אַ שלאַנקער, האָט אויפגערעגט גערעדט, גע־פינקלט מיט די שוואַרצע אויגן:

— זיי נוצן אויס די ווילדקייט פון פאַרשידענע הונגעריקע שלעפּערס און ווילן אונז דערווייזן, אַז די פרייהייט איז נישט

מעגלעך אויסצופירן, ווייל ס'זענען נאָך פאַראַן אַ סך אַזוינע הילּ-דע מענטשן. ערלויבט אָבער — ווילדע מענטשן זענען נישט פון נעכטן אָן דאָ, זיי זענען געווען אַלעמאָל און איבער זיי איז גע-ווען אַ שטיקל אויפגעזיכט, מ'האָט זיי געקאָנט אויפהאַלטן מיט דער שרעק פון געזעצן. פאַרוואָס - זשע דערלויבט מען זיי היינט אָט-אָ די פאַרשיידענע געוואַלט - טאַטן און היזהשקייטן?

ער האָט זיגעריש אַרומגעקוקט דעם זאַל און געענטפערט אויף זיין פראַגע מיט הייסער איבערצייגונג:

— דערפאַר, ווייל זיי ווילן אונז ווייזן — איר זענט פאַר פרייהייט, רבותי? נאָט זי אייך, זייט אַזוי גוט! פרייהייט פאַר אייך — דאָס זענען מערדערייען, רויבערייען און נאָך אַנדערע מיאוסקייטן פונם המון...

— הערסט? — האָט יעווסיי בצחוקדיק געפרעגט. — ס'איז דען נישט טאַקע סאַשקאַס פּלאַן?

דעם רעדנערס הייס קול האָט דערוועקט אין דער נשמה אַ שטילן גלי פון אַ האָפענונג:

— און, אפשר, וועט סאַשקאַ נישט געווינען...

מיעלניקאָוו האָט אויף אים טעמפּ אַ קוק געטון און נישט געענטפערט.

דער בחור מיט דער טשופרינע האָט זיך אויפגעהויבן פון דער שטול און ווייטער גערעדט, שווימענדיק געפירט מיט דער האַנט מיט אַ גלאָז ווייַן אין איר:

— ס'איז נישט אמת און... איך פּראָטעסטיר! פרייהייט איז נייטיק פאַר אָרנטלעכע מענטשן נישט דערפאַר, כּדי צו וואַרגן איי-נער דער אַנדערן, נאָר כּדי יעדער זאָל זיך קאָנען באַשיצן פון דער פאַרשפּרייטער געוואַלט פון אונזער געזעצלאָזן לעבן... פריי-הייט — דאָס איז די געטין פון שכל, און גענוג האָבן זיי שוין געטרונקען אונזער בלוט!.. איך פּראָטעסטיר! זאָל לעבן די פרייהייט!

דאָס פּובליקום האָט אַ געשריי געטון, אַ טופּע געטון מיט די פיס...

מיעלניקאָוו האָט אַ קוק געטון אויפֿן נעקרייזלטן רעדנער און אַרויסגעברומט:

— ס׳אַראַ אידיאָט...

-- ער רעדט ריכטיק! — האָט יעווסיי בייז געענטפערט.

— פונוואַנען ווייסטו דאָס!—האָט דער שפּיאָן גלייכגילטיק געפרעגט און מיט פּאַמעלעכדיקע שליק אָנגעהויבן צו טרינקען דאָס ביר.

יעווסיי האָט געוואָלט זאָגן אָט דעם שווערן מענטש, אַז ער איז אַליין אַן אידיאָט, אַ בלינדע חיה, וועמען די גיריקע און אַכזריותדיקע באַלעבאַטים פון זיין לעבן האָבן אויסגעלערנט צו כאַפּן מענטשן. נאָר מיעלניקאָוו האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט אין קלימקאָווס פּנים אַריין מיט פינסטערע שרעקלעך אויסגעגלאָצטע אויגן און הויך אַרויסגעשעפּטשעט:

— מיר איז דערפאַר אַזוי אומהיימלעך, ווייל, פאַרשטייסטו מיך, ווען כ׳בין געזעסן אין תפיסה, האָט זיך דאָרט געטראָפן אַזאַ געשיכטע...

— וואַרט... — האָט יעווסיי געזאָגט — שטער ניט!

דורך דער ווייכער מאַסע פון טומל האָט זיך זיגרייך אַדורכגעשלאָגן אַ קול, געטקבערט דאָס אויער:

— איר׳ט געהערט?.. אַ געטין, זאָגט ער. אָבער מיר, רוסישע מענטשן, האָבן איין געטין—די הייליקע מוטער מאַריאַ די בתולה... אָט ווי עס רעדן אָט אַזעלכע נעקרייזלטע בחורימלעך, יאָ!

— אַרויס!

— שווייגט!..

— ניין, ערלויבט! אַז פרייהייט, האָט יעדער דאָס רעכט.

— איר זעט? זיי, די געקרייזלטע, גייען אַרום איבער די גאַסן, שלאָגן דאָס פאָלק, וואָס נעמט זיך אָן פאַרן קיסרס אמת אַנטקייגן דעם פאַרראַט, און מיר, רוסישע, פּראַוואָסלאַווגע, קאָנען זיך אַפילו נישט וואַגן צו רעדן... אָט דאָס הייסט פרייהייט?

— מע וועט זיך שלאָגן! — האָט קלימקאָוו געזאָגט און אַ צאַפּל געטון. — מ׳וועט נאָך עמעצן דערהרגענען... איך גיי אַוועק...

— עך, ס'איז ד ביסט... נו, קום! כאַפּט זיי דער רוח...
וואָס איז דיר?

מיעלניקאָוו האָט אַ וואָרף געטון געלט אויפן טיש, זיך געוועגדעט צום אַרויסגאַנג, נידעריק אָנגעבויגן דעם קאָפּ און גלייך ווי באַהאַלטן זיין באַמערקבאַר פּנים.

אויף דער גאַס, אין דער פינסטערניש און אין קעלט, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן, שטיקנדיק זיין קול:

— אַז איך בין געזעסן און תּפיסה — איז עס געווען צוליב איינעם, אַ מייסטער, מ'האָט דערשטיקט ביי אונז אויף דער פאַבריק אַ מייסטער, האָט מען מיך אויך איינגעזעצט. זאָגט מען מיר קאַטאָרגע. אַלע האָבן געזאָגט, פריער דער אויספאָרשונגס - ריכטער. דערנאָך האָבן זיך אַריינגעמישט די זשאַנדאַרמען, שרעקן אָן... און איך בין נאָך יונג געווען און אויף קאַטאָרגע האָט זיך מיר נישט געגלוסט צו גיין... האָב איך געקלאָגט...

ער האָט אָנגעהויבן צו שיסן מיט הוסט און צו גיין פּאַמעלעכער.

— איינמאָל קומט צו מיר דער געהילף-אויפזעער פון תּפיסה אַלעקסיי מאַקסימיטש, אַ וואוילער אַלטיטשקער, ער האָט מיך ליב געהאַט, זיך גוט געגאָסן פאַר מיר דאָס האַרץ — עך, מאַכט ער, ליאַפּין — מיין אמתדיקער צונאָמען איז ליאַפּין — עך, זאָגט ער, ברודער, ביסט מיר אַ שאַד, אומגליקלעכער, וואָס דו ביסט...

זיינע רייד האָבן זיך פאַרטראַכט און גלאַטיק אויסגעשפּרייט פאַר יעוועסייען, ווי אַ ווייכער פאַס, און קלימקאָוו האָט זיך שטיל אַראָפּגעלאָזט איבער אים, ווי איבער אַ שמאָלער סטעשקע ערגעץ אַראָפּ, אין דער פינסטערניש, צו אַ שרעקלעך און אומהיימלעך אינטערעסאַנט מעשהלע.

— קומט ער אַזוי צו גיין. כ'וויל דיך, זאָגט ער, ליאַפּין, ראַטעווען פאַר אַ גוט לעבן. דיין עסק שמעקט מיט קאַטאָרגע, נאָר קאָנסט עס אויסמיידן. נאָר דו דאַרפסט בלויז אויפהענגען אַ מענטש. אָט דער מענטש איז פאַרמשפּט פאַר אַ פּאָליטישן מאָרד, מ'וועט אים הענגען געזעצלעך, ביי אַ גלח, מ'וועט געבן צו קושן דעם צלם, אַזוי אַז האָסט זיך נישט וואָס צו קווענקלען. זאָג איך:

מאַ, אוי! מי רער דערלויבעניש פֿון נאַטשאַלסטוואָ, און מען וועט מיר דערפֿאַר מוחל זיין, ווען איך אים אויפֿהענגען, נאָר איך קאָן דאָך נישט... מיר וועלן, מאַכט ער, דיך אויסלערנען: ביי אונז, זאָגט ער, איז דאָ אַ באַהאַוונטער מענטש, ער זיצט פּאַראַליזירט און קאָן אַליין גאָרנישט טון. נו, האָט מען מיך געלערנט אַ גאַנצן אָוונט, אין קאַרצער איז עס געווען, מ׳האָט אָנגעטון שמאַטעס אויף אַ זאַק, איבערגעבונדן מיט אַ שטריקל, ווי אַ האַלז, איך האָב אים אויף אַ האָק אַרויפֿגעצויגן. זיך אויסגעלערנט. און אויפֿצומאָרגנס אינדערפֿרי האָט מען מיר געגעבן אַ האַלב פֿלעשל אויסצוטרינקען, אַרויסגעפֿירט אויפֿן הויף, מיט זעלנער, מיט געווער, זע איך — אַ בריקל אויפֿגעבויט, אַ תּליה הייסט עס, און פֿאַר איר כּלערליי נאַטשאַלסטוואָ. אַלע דרייען זיך אַרום, הילן זיך — דעמאָלט אויך געווען האַרבסט, נאָוועמבער... איך גיי אַרויף אויפֿן בריקל, און די ברעטלעך שאָקלען זיך, ציטערן אונטער די פֿיס, ווי ציין. ס׳איז מיר דערפֿון געוואָרן נישט גוט, זאָג איך: גיט נאָך בראָנפֿן, אַנישט האָב איך מורא. האָט מען מיר געגעבן. דערנאָך האָט מען אים געברענגט...

מיעלניקאָוו האָט ווידער אָנגעהויבן טעמפּ צו הוסטן, זיך אָנגעכאַפּט פֿאַרן גאָרגל, און יעווסיי האָט זיך צו אים צוגעדריקט, זיך באַמיט צו גיין אין איין פֿוס מיט אים און געקוקט אויף דער ערד, זיך נישט געוועגט צו קוקן נישט פֿאָרויס, נישט אין אַ זייט.

— כ׳גיב אַ קוק — אַ הויכער, אַ געזונטער, שטייט פֿעסט, גלעט זיך אַזוי כּסדר די האָר פֿון שטערן ביזן קאַרק. האָב איך אים אָנגעהויבן אָנצוטון דעם קיטל און אים, קענטיק, אַ ציפּ געטון, אָדער גלאַט עפּעס פֿאַרטשעפּעט, מאַכט ער צו מיר שטיל, אָן האַרץ: „פֿאָרזיכטיקער, ברודער...״ יאָ. דער גלח גיט אים דעם צלם צו קושן, מאַכט ער: „באַמיט אייך נישט״, ווי ער וואָלט געוואוסט אַלץ, וואָס וועט זיין נאָכן טויט און שוין, און מאָרגן און שטענדיק — אַלץ ווייסט ער... ווי עס זאָל נישט זיין, האָב איך אים דערשטיקט, אינגאַנצן געציטערט, די הענט האָב נישט

גערדיגט, די פיס שטייען נישט, ס'איז געוואָרן שרעקלעך דערפון, וואָס ער איז אַזוי רויק... איז אַ באַלעבאָס איבערן טויט...

מיעלניקאָוו איז אַנטשוויגן געוואָרן, זיך אומגעקוקט און אָנגעהויבן גיכער צו גיין.

— נו? — האָט יעווסיי שעפּטשענדיק געפרעגט.

— נו' — כ'האָב אים דערשטיקט, און פּטור... נאָר פון יענער צייט אָן, ווען איך זע אָדער איך הער — מ'האָט דערהרגעט אַ מענטשן — דערמאָן איך זיך אָן אים... אַלעמאָל. מיר דאַכט זיך, אַז נאָר ער אײנער האָט געוואוסט, וואָס איז אמת... דערפאַר האָט ער זיך נישט געשראָקן... און, דער עיקר, ער האָט געוואוסט, וואָס מאָרגן וועט זיין... דאָס, וואָס קײנער ווייסט נישט... ווייסט גאָר וואָס, יעווסיי, לאָמיר גיין צו מיר אין שטוב אַריין שלאָפן' האַ? קום, כ'בעט דיך!

— גוט! — האָט קלימקאָוו שטיל געזאָגט.

ער איז געווען צופרידן פונם פאָרשלאָג. ער וואָלט יעצט נישט געקאָנט גיין צו זיך אַהיים אײנער אַליין, איבער גאַסן, אין דער פינסטערניש. ס'איז אים געווען ענג, ס'האָט שווער געדריקט די בײנער, גלייך ער וואָלט נישט געגאַנגען אויף דער גאַס, נאָר שטיל געקראָכן אונטער דער ערד. זי האָט אים געדריקט די פּלייצע, די ברוסט, די זייטן און דעם קאָפּ, שווייגנדיק אים פאָרגעזאָגט פון פאָרנט אַן אומפאַרמיידלעכן, פינסטערן גרוב וואו ער האָט געדאַרפט באַלד אַריינפאַלן און אָנסופיק פליען אין ענדלאָזער, שטומער טיפעניש...

— אָט, גוט! — האָט מיעלניקאָוו געזאָגט. — ווייל מיר אַליין איז אומעטיק.

יעווסיי האָט אים פאַראומערט געראָטן:

— אָט, וואָלסט דערהרגעט סאַשקאַן...

— נו, גיי שוין! — האָט מיעלניקאָוו זיך אָפּגעשאָקלט. — וואָס מיינסטו זיך, איך האָב עס ליב, דאָס הרגענען? מ'האָט מיר שוין דערנאָך צוויי מאָל פאָרגעלייגט אויפצוהענגען, אַ פרוי און אַ סטודענט, נו, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט. ווען זיך נאָכאַמאָל פאַר-

געמען מיט נאָך איינעם, וועסטו אָנשטאָט איינעם, געדענקען צוויי. זיי חלומען זיך דאָך, די הרוגים... זיי קומען צוגיין!

— אָפּט?

— פאַרשידן. אויב אָפּט, איז יעדע נאַכט... מען קאָן זיך דען פון זיי אָפּטשעפּען? גאָט בעטן קאָן איך נישט, ... געסן די תפילה... און דו?

— איך געדענק די תפילה...

זיי זענען אריין אין עפּעס אַ הויף, לאַנג געגאַנגען אין דער טיף, זיך אָנגעשטויסן אָן ברעטער, שטיינער, שטיקער ברודיקן קאַלך, דערנאָך זיך אויפגעהויבן ערגעץ אויף טרעפּ, קלימקאָוו האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט די הענט אָן די ווענט און געמיינט, אַז צו די טרעפּ איז נישטאָ קיין סוף. אַז ער האָט זיך דערוווּסט אין דער דירה פונם שפּיאָן און ביי דער ליכט פון אַן אָנגעצונדענער לאָמפּ זי באַטראַכט, האָט אים איבעראַשט די מענגע פאַרשידנפאַרביקע בילדער און פאַפּירענע בלומען. כמעט אַלע ווענט זענען מיט זיי געווען אַרומגעהאָנגען, און מיעלניקאָוו איז מיטאַמאָל געוואָרן פרעמד אין אָט דעם קליינעם, היימישן שטיבל, מיטן ברייטן בעט אין ווינקל הינטערן ווייסן פורהאַנג.

— דאָס האָט אַלץ מיין מיטוואוינערין אַזוי געמאַכט — האָט ער געזאָגט, זיך אויסטוענדיק.—זי איז אַוועק, די נבלה, אייגער אַ זשאַנדאַרם, אַ וואַכמייסטער האָט זי אַוועקגענאַרט. איך פאַרשטיי נישט—אַן אַלמן איז ער, אַ גרויער, און זי איז אַ יונגע, האָט חשק צו אַ מאַנספּאַרשוין, פונדעסטוועגן איז זי אַוועק! שוין די דריטע איז זי ביי מיר אַוועקגעגאַנגען... קום, לאָמיר זיך לייגן שלאָפן...

זיי האָבן זיך צוזאַמען געלייגט, אין איין בעט, עס האָט זיך אונטער יעוואָסייען געוויגט, ווי אַ כוואַליע, זיך וואָס אַמאָל נידעריקער אַראָפּגעלאָזט, דאָס האַרץ איז אים דערפון אַנטגאַנגען, און אויף דער ברוסט האָבן זיך אים שווער געלייגט דעם שפּיאָנס שווערע ווערטער:

— איינע איז געווען — אָלגאַ...

— ווי?

— אָלגאַ... וואָס אי׳ דען?

— גאָרנישט.

— אַ קליינינקע אַזאַ, אַ דאַרע, אַ לוסטיקע... ס'פלעגט טרעפן, זי באַהאַלט אַזוי אַמאָל מיין היטל אָדער אַן אַנדערע זאַך.. זאָג איך: אָלגאַ, וואו איז עס? — מאַכט זי: זוך, ביסט דאָך עפּעס אַ געהיים - אַגענט!... זי האָט ליב געהאַט צו שטיפן. נאָר אַ פאַרשייטע איז זי געווען! — האָסט זיך קוים אָוועקגעדרייט אָן אַ זייט, איז זי שוין מיט אַן אַנדערן. שלאָגן זי איז געווען אַ צער— אַ שוואַכינקע. פונדעסטוועגן האָב איך זי ביי די צעפּ געריסן... ווי - עס - איז מעג מען דאָך...

— גאָט! — האָט קלימקאָוו שטיל אויסגעשריגן. — וואָס וועל איך יעצט טון?..

און זיין חבר האָט געשוויגן אַ ווײַלע, דערנאָך טעמפּ און פאַמעלעך געזאָגט:

— אָט אַזוי וואָיע איך אויך טיילמאָל...

קלימקאָוו האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן, פעסט צונויפגעשטשירעט די ציין, כדי איינצוהאַלטן די עקשנותדיקע באַדערפעניש צו שרייען און צו קלאָגן זיך.

## XXII

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך מיט עפּעס אַ געהיימען באַשלוס, וואָס האָט צענויפגעדריקט זיין ברוסט ווי אַן אומגעזעענער ברייטער פאַס און אים געדריקט. ער האָט געפילט, אַז די עקן פון אָט דעם פאַס האַלט עמעצער אַן איינגעשפּאַרטער און פירט אים פאַרעקשנט צו עפּעס אומבאַקאַנטס, אומפאַרמיידלעכס. ער האָט זיך איינגעהערט צו אָט דעם פאַרלאַנג, פאָרזיכטיק אים באַרירט מיט אַן אומאָנגענעמען און פחדנותדיקן געדאַנק, נאָר אין דער זעלבער צייט האָט ער נישט געוואָלט, אַז עס זאָל געשען. מיעלניקאָוו, אָנגעטון און אָפּגעוואַשן, נאָר נישט צוגעקעמט, איז געזעסן ביים טיש ביים סאַ-

מאָוואַר, פויל, ווי אַן אָקס, געמעלה - גרהט ברויט און גערעדט:

— דו שלאָפסט האַרט... און איך האָב אַביסל איינגעדרעמלט, ביינאַכט זיך אויפגעכאַפּט... גיב איך אַ קוק—אַ קערפּער ליגט לעבן מיר! אַז טאַניאַ איז נישטאָ, געדענק איך, און וועגן דיר האָב איך פאַרגעסן. האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז יענער ליגט עס... געקומען און זיך אַוועקגעלייגט... אָנוואַרעמען זיך געוואָלט...

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ נאַריש געלעכטער און זיך, קענטיק, אַליין פון אים פאַרשעמט.

— פונדעסטוועגן איז עס נישט קיין געלעכטער... צינד איך אָן אַ זאַפּאַלקע, אַ קוק געטון אויף דיר... ביסט נישט געזונט. דאַכט זיך מיר, ס'פּנים איז דיר בלוי, ווי...

ער האָט איבערגעריסן די רייד מיט אַ הוסט, נאָר יעווסיי האָט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ וואָרט זיין חבר האָט נישט דער-זאָגט, און אומעטיק אַ טראַכט געטון:

— ראַיסאַ האָט אויך געזאָגט, אַז כ'וועל זיך דערשטיקן...

אָט דער געדאַנק האָט אים איבערגעשראָקן, קלאָר אים אָנ-געוויזן דעריף, וואָס ער האָט ביז אַהער נישט געוואָלט פאַרשטיין. ער האָט פאַרעקשנט אָנגעהויבן אַרויסצורופן עפּעס אַ פאַרלאַנג, וואָס זאָל אים העלפן זיך אָפּצוגאַרן, באַהאַלטן דאָס אומפאַרמייד-לעכע און שוין - באַשלאָסענע, און געפרעגט:

— ווי שפּעט איז?

— עלף...

— נאָך פרי! — האָט קלימקאָוו שטיל באַמערקט.

— פרי! — האָט דער באַלעבאָס באַשטעטיקט, אוןביידע זענען אַנטשוויגן געוואָרן. דערנאָך האָט אים מיעלניקאָוו פאָרגעלייגט:

— לאָמיר לעבן צוזאַמען... האַ?

— כ'ווייס נישט — האָט יעווסיי געענטפערט.

— וואָס ווייסטו נישט?

— וואָס סע וועט זיין... — האָט קלימקאָוו געענטפערט נאָך אַ ווײַלע טראַכטן.

— ס'וועט גאָרנישט זיין... דו ביזט אַ שטילער בחור, רעדסט נישט קיין סך, און איך האָב אויך נישט אַלעמאָל ליב אַ סך צו רעדן...

אַט, אַז ס׳איז אומעטיק, רעד איך, און אַז נישט — שווייג איך...
פרעגסט וועגן עפּעס — וועט איינער זאָגן, איינס דער אַנדערער —
ס׳צווייטע, דער דריטער נאָך עפּעס אַנדערש. גייט צו אַל׳דע רוחות,
טראַכט איך זיך! ווערטער איז פאַרהאַן אַ סך, נאָך קיין איין אמת־
דיקס נישט...

— יאָ, — האָט יעווסיי געזאָגט, אַבי כּדי עפּעס צו ענט־
פערן.

— מען דאַרף עפּעס טון! — האָט ער, פאַרטיידיקנדיק זיך,
געטראַכט און מיטאַמאָל באַשלאָסן:—קודם כּל וועל איך—סאַשקאַן...—
ער האָט זיך נישט געוואָלט פאַרשטעלן, וואָס שפּעטער וועט זיין,
געפרעגט מיעלניקאָוון:

– וואוהין גייען מיר?

- אויף דער דינסט גייען מיר — האָט דער שפּיאָן גלייכ־
גילטיק געענטפערט.

— איך וויל נישט! — האָט יעווסיי טרוקן און האַרט
געזאָגט.

מיעלניקאָוו האָט זיך אויסגעקעמט די באָרד, געשוויגן אַ
ווײַלע, אָפּגערוקט פון זיך די גלעזער, אַרויפגעלייגט די עלנבויגנס
אויפן טיש און פאַרטראַכט, שטיל געזאָגט:

— אונזער דינסט איז געוואָרן אַ שווערע, אַלע האָבן זיך
אָנגעהויבן צו בונטעווען, און ווער זענען דאָ די אמתדיקע בונ־
טאָווושטשיקעס? אדרבא, קלייב זיך פאַנאַנדער!..

— איך ווייס, ווער ס׳איז דער גרעסטער שווינדלער און
גנב! — האָט קלימקאָוו אַרויסגעמורמלט.

— מיינסט אוודאי סאַשקאַן? — האָט דער שפּיאָן געפרעגט.

יעווסיין האָט נישט געענטפערט, שטילינקע אָנגעהויבן צו
מאַכן אַ פּלאַן פון אַרבעט, און מיעלניקאָוו האָט זיך אָנגעהויבן
אָנצוטון, הויך געסאַפּעט מיט דער נאָז און געפרעגט:

— וואוינען מיר, הייסט עס, צוזאַמען?

— יאָ...

— ׳סט ברענגען היינט דיינע זאַכן?

— כ׳ווייס נישט...

— און נעכטיקן וועסטו דאָ?

יעװסיי האָט אַ טראַכט געטון און געענטפֿערט:

— דאָ.

און אַז דער שפּיאָן איז אַוועק, איז קלימקאָװ אויפֿגעשפּרונגען אויף די פֿיס, זיך דערשראָקן אומגעקוקט און זיך אַ װאַקל געטון אונטער די ריזיקע קלעפּ פֿון חשד:

— ער האָט מיך פֿאַרשלאָסן פֿון דרויסן, און אַליין געגאַנגען דערציילן סאַשקאַן... מ'וועט באַלד קומען, מיך כאַפּן... מען דאַרף אַנטלויפֿן דורכן פֿענסטער...

ער האָט זיך געוואָרפֿן צו דער טיר — זי איז נישט געווען פֿאַרשלאָסן. ער האָט זיך באַרויִקט, געזעצט צו זיך אין געדאַנק, מיט ביטערניש עמעצן געוואָלט איבערצייגן:

— נו, צי קאָן מען דען אַזוי לעבן? קיינעם נישט צו גלייבן... קיינעמען נישט...

דערנאָך איז ער לאַנג געזעסן ביים טיש אומבאַוועגלעך, אָנגעשטרענגט זיין גאַנצן שכל, זיין גאַנצע קלוגשאַפֿט, כּדי צו מאַכן פֿאַרן שונא אַזאַ נעץ, וואָס זאָל אים, יעוסייען, גאָרנישט שאַטן. צום סוף האָט ער צונויפֿגעשטעלט אַ פּלאַן. מע דאַרף מיט וואָס עס איז אַרויסנאַרן סאַשאַן אויף דער גאַס, גיין מיט אים, און אַז מען וועט אָנטרעפֿן אויף אַ המון מענטשן, זאָל מע אַ געשריי טון — „דאָס איז אַ שפּיאָן! שלאָגט אים!" ס'דאַרף פֿאָרקומען דאָס זעלבע, וואָס איז פֿאָרגעקומען ביי זאַרובינען און דעם בחור מיטן איידעלן פּנים. אויב די מענטשן וועלן זיך נישט נעמען צו סאַשאַן אַזוי שטאַרק, ווי זיי האָבן זיך גענומען צו דעם איבערגעטוענעם רעוואָלוציאָנער, וועט זיי יעוסיי ווייזן אַ ביישפּיל — ער וועט דער ערשטער אויסשיסן, ווי ס'האָט עס געטון זאַרובין, נאָר ער וועט שיסן צו סאַשאַן. ער וועט צילן אין בויך אַריין.

קלימקאָװ האָט זיך דערפֿילט שטאַרק, דרייסט און ס'האָט אים געיאָגט, ער האָט שוין געוואָלט מאַכן דאָס עסק. נאָר די דעראינערונג וועגן זאַרובינען האָט אים געשטערט, פֿאַרפּלאָנטערט

די פּשוטקייט פון דעם צוגעטראַכטן פּלאַן. ער האָט נישט ווילנ־
דיק איבערגעחזרט דעם געדאַנק:

— איך האָב אים אָנגעצייכנט פאַרן טויט...

ער האָט נישט געהאַט צו זיך קיין טענות, זיך נישט באַשולדיקט.
נאָר ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עפּעס אַ פאָדעם בינדט אים
צענויף מיטן שווארציקן אַגענטל, און מען דאַרף עפּעס טון, אַז
דער פאָדעם זאָל זיך איבעררייסן.

— כ׳האָב זיך נישט געזעגנט מיט אים... וואו וועל איך
אים יעצט געפינען?

ער האָט אָנגעטון דעם פּאַלטן, מיטאַמאָל דערפילט אין קע־
שענע דעם רעוואָלווער, זיך דערפרייט, ווידער דערפילט אַ צופלוס
פרישן כוח, אַנטשלאָסנקייט און איז אַרויס אויף דער גאַס מיט
פעסטע טריט.

נאָר וואָס נענטער ער איז צוגעקומען צו דער אָכראַנקע,
אַלץ באַמערקבאַרער איז אויסגעגאַנגען און זיך צעפלאָסן די מונ־
טערקייט, אַלץ מער איז זיך צעשוואומען דאָס ביסל פון כוח
און אַז ער האָט דערזען דאָס שמאָלע, טעמפּע געפּל און ביים
סוף דאָס פינסטערע דרייגאָרנדיקע הויז, האָט זיך אים שטאַרק
פאַרוואָלט צו געפינען זארובינען, זיך געזעגענען מיט אים.

— איך האָב אים באַליידיקט — האָט ער זיך פאַראומערט
דערקלערט אָט דעם פאַרלאַנג, גיך זיך אַרויסגעדרייט ערגעץ אָן
אַ זייט פון זיין ציל־אָרט. — מען דאַרף אים אָפּזוכן...

און בשעת־מעשה האָט ער יאושדיק געפילט, אַז ער קאָן
זיך נישט אַרויסגליטשן פון דעם, וואָס האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן
האַרץ און ווערגט אים, שלעפּט נאָך זיך, ווייזט אים שווייגנדיק אָן
דעם איינציקן אויסוועג פון אָט דעם שרעקלעכן פּלאָנטער.

די אויפגאַבע פון טאָג, דער באַשלוס צו דערהרגענען סאַ־
שאַן האָט נישט אַזוי געשטערט דעם פינסטערן און מעכטיקן כוח צו
וואַקסן און אָנצופילן דאָס האַרץ, ווי ס׳האָט יעצט געשטערט
אָט דער אויפגאַבע דער פלוצלינג־אויפגעפלאַמטער פאַרלאַנג צו
געפינען דעם טויטן קערפּער פונם קליינעם שפּיאָן.

ער האָט קינסטלעך צעבלאָזן אָט דעם פאַרלאַנג, זיך בעשראַקן, אַז ער זאָל נישט פאַרשווינדן און עטלעכע מאָל אַרומגעפאָרן אויף דראָזשקעס איבער פאַרשידענע פּאָליציי - צירקלען, מיט אָנגעשטרענגטער ערנסטקייט זיך אויסגעפרעגט וועגן זאַרוביןען, און ערשט אין אָוונט זיך דערוואוסט, וואו ס'געפינט זיך זיין קערפּער. פאָרן אַהין איז שוין געווען שפּעט, און קלימקאָוו איז צוריקגעגאַנגען אַהיים, געהען צופרידן דערמיט, וואָס דער טאָג איז אַדורך.

מיעלניקאָוו איז נישט געקומען נעכטיקן, יעווסיי איז די גאַנצע נאַכט אַדורכגעלעגן אַליין, באַמיט זיך נישט צו באַוועגן. ביי יעדער באַוועגונג האָט זיך דאָס ווענטל פון בעט אָנגעהויבן צו וויגן, אין פּנים אַריין האָט געבלאָזן אַ ריח פון פייכקייט, און דאָס בעט האָט זינגענדיק געסקריפּעט — דערפון איז געווען נישט גוט, שטיקנדיק און אומאָנגענעם. ס'איז געווען פינסטער, אין צימער זענען אַרומגעלאָפן און געפייפט פאַרשאָלטענע מייז, זייער שאָרך האָט צעריסן דעם דינעם פאָדעם פון געדאַנקען וועגן יאַקאָוון, וועגן סאַשאַן און דורך אָט די ריסן האָט יעווסיי געזען אַ טויטע, רויק - אָפּוואַרטנדיקע הוילקייט אַרום זיך, און מיט איר האָט זיך פאַרעקשנט געוואָלט צעגויפגיסן די הוילקייט פון זיין נשמה.

אויסצומאָרגנס אינדערפרי איז ער שוין געשטאַנען אין ווינקל פון אַ ריזיקן הויף לעבן אַ געל הייזל מיט אַ צלם אויפן דאַך. אַ גרויער, הויקערדיקער דינער האָט, עפענענדיק די טיר, געפרעגט:

— זיי זענען דאָ צוויי — איינעם האָט מען דערקענט, און דעם אַנדערן נישט, און באַלד וועט מען אים מקבר זיין, אָט דעם אומדערקענטן...

דערנאָך האָט יעווסיי דערזען זאַרובינס בייז פּנים. עס איז גאָר אַביסל בלויער געוואָרן, נאָר זיך נישט געענדערט. די וואונד אויפן אָרט פונם שניט האָט מען שוין אָפּגעוואַשן, זי איז שוין געוואָרן שוואַרץ. דאָס קליינע, פלינקע קערפּערל איז געווען נאַקעט און ריין, ער איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף, אויסגעצויגן

ווי א סטרונע, אַרויפגעלייגט אויף דער ברוסט די לאַנגע הענט, ווי ער וואָלט ביי זיך געפרעגט:

— נו, וואָס?

און לעבן אים איז געלעגן א פינסטערער קערפּער, איינגאַנצן צעריסן, געשוואָלן, מיט רויטע, בלויע און געלע פלעקן, עמעץ האָט אים פאַרדעקט דאָס פּנים מיט בלויע און ווייסע בלומען, נאָר יעווסיי האָט פון זיי אָפּער געזעען א שאַרבן־ביין, א קופּע האָר, צונויפגעקלעבט מיט בלוט, און אַן אָפּגעריסן לעפּל פון אַן אויער.

— ס'איז אים נישט מעגלעך געווען צו דערקענען — נישטאָ קיין קאָפּ כמעט, דאָך האָט מען אים דערקענט, געקומען נעכטן צוויי פרויען, געבראַכט בלומען, פאַרדעקט מיט די בלומען די מענטשלעכע אָנגעשטאָלטיקייט... און דער אַנדערער — מע ווייסט נישט, ווער ער איז...

— איך ווייס! — האָט יעווסיי פעסט געזאָגט. — ער איז יאַקאָוו זאַרובין, געדינט אין דער אָכראַנע.

דער סטרוזש האָט אויף אים א קוק געטון א שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין.

— ניין, ס'איז נישט ער, די פּאָליציי האָט אונז אויך געזאָגט, אז ס'איז זאַרובין, און אונזער קאָנטאָר האָט אָנגעפרעגט ביי דער אָכראַנע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז ס'איז נישט ער!

— איך ווייס אָבער! — האָט יעווסיי שטיל און פאַרשעמט אויסגערופן.

— און פון דער אָכראַנע האָט מען געזאָגט — אז מע ווייסט נישט, ס'האָט דאָרט נישט געדינט אזוינער.

— א ליגן! — האָט יעווסיי אומעטיק און פאַרלוירן אויסגעשריגן.

פון הויף זענען אַריין צוויי יונגע בחורימלעך, און איינער האָט געפרעגט דעם וועכטער:

— וועלכער איז'ס דער אומבאַקאַנטער?

— אָט־אָ־דער.

דער הויקער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף זארובינען און געזאָגט יעווסייען:

— איר זעט?

קלימקאָוו איז ארוס אויפן הויף, אריינגערוקט דעם וועכטער 3 מטבע אין דער האַנט און איבערגעחזרט מיט אָנמעכטיקער עקשנות:

— פונדעסטוועגן איז עס זארובין...

— ווי איר ווילט! — האָט דער אַלטער געזאָגט און א שאָקל געטון מיטן הויקער.

— נאָר אַז ס'וואָלט געווען אזוי, וואָלטן אים דערקענט אַנדערע מענטשן אויך. נעכטן איז צומביישפּיל געקומען אַן אַגענט, אויך געזוכט עפּעס א הרוג, און נישט דערקענט אָט־אָ דעם אייערן, כאָטש פאַרוואָס זאָל ער אים נישט דערקענען?

— וואָס פאַר אַן אַגענט? — האָט יעווסיי געפרעגט.

— א פולער, א פליכעוואַטער, מיט א מילד קול...

— סאָלאָוויאָוו! — האָט יעווסיי געטראַכט און טעמפּ נעקוקט, ווי מען לייגט אריין זארובינס קערפּער אין א ווייסער אומגעפאַרבטער גרוב.

— ס'גייט נישט אריין! — האָט איינער פון די בחורים ארויסגעברומט.

— בייג אים איין די פיס, שוואַרץ יאָר...

— דאָס דעכל פאַרמאַכט זיך נישט...

— מיט דער זייט... לייג אים מיט דער זייט, נו!

— מאַכט נישט קיין שפּילעכל דערפון, קינדער! — האָט דער אַלטער רויק געזאָגט.

דער בחור, וואָס האָט געהאַלטן דעם טויטנס קאָפּ, האָט א סאָפּע געטון מיט דער נאָז און געזאָגט:

— דאָס איז דער אַגענט, פּעטער פיאָדאָר...

— א טויטער מענטש א ז — גאָרנישט! — האָט דער הויקערדיקער באַלערנדיק געזאָגט און איז צו אים צוגעגאַנגען.

די בחורים זענען אַנטשוויגן געוואָרן, ווייטער אריינגעשטופּט דעם בייגעוודיקן שלאַנקן קערפּער אין דער שמאָלער און קורצער גרוב.

— נאראָנים, נעמט אָן אַנדער גריבל! — האָט דער הויף־קערדיקער בייז געשריגן.

— אַלץ איינס! — האָט איינער געזאָגט, און דער אַנדערער האָט טעמפּ צוגעגעבן:

— נישט קיין גרויסער פּאַרשוין.

יעווסיי איז אַרויס פון הויף, אָוועקגעטראָגן אין דער נשמה דאָס ביטערע, דערנידעריקנדיקע געפיל פון באַליידיקונג פאַר יאַקאָוון. און הינטער אים — ער האָט עס קלאָר געהערט — האָט דער הויקערדיקער געזידלט די בחורים, וואָס האָבן צוגענומען דעם טויטן קערפּער:

— אויך עפּעס נישט אין אָרדענונג... געקומען, זאָגט ער: כ'ווייס... אפשר איז ער דאָס דער מאַכער דערפון? קינדער!

און כמעט גלייכצייטיק האָבן צוויי שטימען געענטפערט:

— אויך אַ שפּיאָן, ווייזט אויס...

— וואָס איז עס אונזער עסק?..

קלימקאָוו איז גיך אַריינגעשפּרונגען אין דער דראָזשקע און אַ געשריי געטון צום דראָזשקער:

— גיכער'ט...

— וואוהין יעצט?

יעווסיי האָט נישט מיטאַמאָל און שטיל געזאָגט:

— גלייך...

אין קאָפּ האָבן אים טעמפּ געקלאַפּט באַליידיקטע געדאַנקען:

— ווי אַ הונט וועט מען אים באַגראָבן... קיינער דאַרף אים נישט האָבן... און מיך אויך אַזוי...

אַנטקעגן אים איז געגאַנגען די גאַס, האָבן, וויגנדיק זיך, געציטערט די הייזער, געגלאַנצט די שויבן, זענען רויִק געגאַנגען מענטשן. און אַלץ איז אים פרעמד געווען.

— היינט וועל איך דערהרגענען סאַשקאָן... כ'וועל באַלד גיין און אים דערשיסן...

און נאָך אַ מינוט האָט ער זיך שוין געדאַרפט איבערצייגן:

— דאָס — מוז מען... ס'איז מיר דאָך שוין אַלץ איינס...

ער האָט אָוועקגעשיקט דעם דראָזשקער, איז אַריין אין דער רעסטאָראַציע, וואו סאַשאַ פלעגט זיין זעלטענער, ווי אין אַנדערע, געבליבן שטיין פאַר דער טיר פון דעם צימערל, וואו די שפּאָנען פלעגן זיך צעגויפקליבן און געזאָגט צו זיך:

— אַזוי ווי כ'וועל אים דערזעען, וועל איך אויסשיסן...

שטיל, מיט אַ ציטערנדיקער האַנט, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, אָנגעטאַפּט אין קעשענע דעם רעוואָלווער, פאַרגליווערט געוואָרן אין קאַלטער דערוואַרטונג.

— ווער איז עס? — האָט מען געפרעגט הינטער דער טיר

— איך — האָט יעווסיי געזאָגט.

די טיר האָט זיך אַביסל געעפנט, אין דער שפּאַרונע האָט אַ פינקל געטון סאָלאָוויאָווס רויט נעזל.

— אַ - אַ - אַ... — האָט ער פאַרחידושט אויסגעצויגן. — און ס'איז געווען אַ קלאַנג, אַז מ'האָט דיך דערהרגעט...

— ניין, מ'האָט נישט דערהרגעט! — האָט זיך קלימקאָוו ביי אָנגערופן און אַראָפּגענומען דעם פּאַלטן.

— כ'זע, פאַרמאַך די טיר... יאָ, מ'האָט געזאָגט, אַז ביסט געגאַנגען מיט מיעלניקאָוון...

ער האָט אויפמערקזאַם געקייט אַ שטיק חזיר - פלייש, דאָס האָט אים געשטערט צו רעדן, די פעטע ליפּן האָבן פאַמעלעך אַרויסגעלאָזט גלייכגילטיקע ווערטער און געסמאַטשקעט.

— הייסט עס, אַז ס'איז נישט אמת, אַז ביסט געגאַנגען מיט מיעלניקאָוון?

— פאַרוואָ‎ס נישט אמת? — האָט יעווסיי געפרעגט.

— נו, אָט... ווייל דו ביסט געזונט, און אים איז שלעכט... כ'האָב אים נעכטן געזען...

— וואו?

דער שפּיאָן האָט אָנגערופן דעם שפּיטאָל, וואו יעווסיי איז נאָר וואָס געווען.

— פאַרוואָס איז ער דאָרטן? — האָט קלימקאָוו גלייכגילטיק געפרעגט.

— ס'איז געשיכטע. א קאָזאַק האָט אים אַ זעץ געטון מיט דער בלויזער שווערד איבערן קאָפּ, און די פערד האָבן אים צעטרעטן... חי אַזוי דאָס איז געשען — פאַרוואָס — איז נישט באַוואוסט. ער ליגט אָן באַוואוסטזיין, דער דאָקטאָר האָט געזאָגט — ר'וועט נישט אויפשטיין...

סאָלאָוויאָוו האָט אָנגעגאָסן אַ קליין גלעזל מיט עפּעס אַ גרינעם בראָנפן, אָנגעקוקט עס אויף דער ליכט, פאַרזשמורעט די אויגן, אויסגעטרונקען און געפרעגט יעווסייען:

— וואו באַהאַלטסטו זיך דאָס עפּעס, הא?

— כ'באַהאַלט מיך נישט...

— באַהאַלטסט זיך אפילו יאָ, אַלץ איינס...

ערגעץ אין קאָרידאָר איז אַראָפּגעפאַלן אַ טעלערל, יעווסיי האָט אַ ציטער געטון און דערפילט, אַז ער האָט פאַרגעסן ארויסצונעמען דעם רעוואָלווער פון פּאַלטן - קעשענע, זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס.

— סאַשאַ קריצט אויף דיר די ציין...

אין יעווסייס אויגן איז פאַרבייגעשוואומען אַ בייזע און רויטע לבנה - קול, ארומגערינגלט מיט אַ וואָלקן שמעקעדיקן לילעוואַטן נעבל, ער האָט זיך דערמאָנט דעם מרוקעוואַטן, שטענדיק באַפעלערישן קול, די געלע פינגער פון דיביינערדיקע הענט.

— ער'ט נישט אַהערקומען?

— כ'ווייס נישט... וואָס איז דען?

סאָלאָוויאָוס פּנים האָט געגלאַנצט, ער איז, קעטניק, געווען צופרידן מיט עפּעס, געשמייכלט עפּטער, חי אַלעמאָל, אין זיין שטימע האָט געקלונגען די זאַטע מילדקייט פון אַ באַלעבאָס, און יעווסייען האָט געעקלט פון דעם אַלעם.

כאַאָטישע מחשבות האָבן ארומגעבלאָנדזשעט, צעשלאָגנדיק איינע די אַנדערע:

— אַלע זענט איר מנוולים... אַ שאַד מיעלניקאָוו... הייסט עס, אַז אָט דער גראָבער האָט זיך נישט געוואָלט אָנערקענען צו יאַקאָוון... פאַרוואָס?

— איר האָט געזען זארובינען?

— וועלכן? — האָט סאָלאָוויאָוו אויפגעהויבן די ברעמען.
— איר ווייסט דאָך... ער איז דאָרט געלעגן אין שפּיטאָל...
איר האָט אים געזען...
— יאָ, יאָ, יאָ... אוודאי! געזען...
— און פאַרוואָס האָט איר דאָרט געזאָגט, אַז איר קענט
אים נישט? — האָט יעווסיי שטרענג געפרעגט.

דער אַלטער שפּיאָן האָט אויפגעהויבן דעם פליכעוואַטן קאָפּ
און פאַרחידושט, חוזקדיק געפרעגט:
— וואָ - אָס?

יעווסיי האָט איבערגעחזרט די פראַגע, נאָר שוין ווייכער.

— דאָס איז נישט דיין עסק, ליבער מיינער, זאָלסטו וויסן!
איך זשאַלעווע דיין נאַרישקייט און וועל דיר זאָגן, אַז מיר דאַרפן
נישט קיין אידיאָטן, מיר ווייסן זיי נישט, פאַרשטייען נישט, דער-
קענען נישט... דאָס דאַרפסטו געדענקען היינט און אַלעמאָל
און דאָס גאַנצע לעבן... נעם און בינד דיר צו די צונג מיט אַ
שטריקל...

סאָלאָוויאָווס קליינע אייגעלעך האָבן קאַלט געלויכטן, זיי
צווי זילבערנע מטבעות, און דאָס קול האָט פאַרגעזאָגט בייזעס,
אכזריותדיקס. דער שפּיאָן האָט אויפגעהויבן אַ קורצן, גראָבן פינגער,
די גיריקע בלוילעכע ליפּן האָבן זיך שטרענג אָנגעבלאָזן, נאָר
דאָס האָט נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק.

— אַלץ איינס — האָט יעווסיי געטראַכט — אַלע זענען
זיי — איין חברה... אַלעמען דאַרף מען...

ער איז גיך צוגעשפּרונגען צום פענצטער, אַרויסגעכאַפּט פון
קעשענע דעם רעוואָלווער, אָנגעצילט אויף סאָלאָוויאָוון און טעמפּ
אַ געשריי געטון:
— נו...

דער אַלטער, ווי אַ גרויסע קופּע בלאָטע, האָט זיך אַ וויג
געטון און האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון דער שטול אויף דער
פּאָדלאָגע, מיט איין האַנט אָנגעכאַפּט אַ פוס פון טיש, די אַנדערע
אויסגעשטרעקט צו יעווסייען און הויך אַרויסגעשעפּטשעט:

— ניין... מען דאַרף נישט... געשעצטער הער... טשעפּעט נישט.

קלימקאָוו האָט נעדריקט מיטן פינגער דאָס צינגל פון רעוואָלווער אַלץ פעסטער, פעסטער, פון אָנשטרענגונג איז אים אין קאָפּ קאַלט געוואָרן און די האָר האָבן זיך באַוועגט.

— כ׳וועל אַוועק... מאָרגן וועל איך חתונה האָבן... כ׳וועל אַוועק... קיינמאָל נישט... כ׳וועל זיין קיינמאָל נישט... — האָבן געפּליסטערט און געקראָכן אין די לופּט שווערע, פּחדנותדיקע ווערטער. אויפן שפּיאָנס גאָמבע האָט געגלאַנצט פעטס, און די פּערוועטקע אויף דער ברוסט האָט אים געציטערט.

דער רעוואָלווער האָט נישט אויסגעשאָסן, יעווסייען האָט ווי געטון דער פינגער, און די שרעק, וואָס האָט אים מצכטיק אַרומגענומען פון קאָפּ ביז די פיס, האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם.

— כ׳קאָן אייך געבן געלט! — האָט סאָלאָוויאָוו גיך אַרויסגעשעפּטשעט. — כ׳וועל גאָרנישט זאָגן... כ׳וועל שווייגן... אייביק. כ׳פאַרשטיי...

קלימקאָוו האָט זיך צעפּאָכעט, אַ וואָרף געטון דעם רעוואָלווער אין שפּיאָן, געכאַפּט דעם פּאַלטן, אַוועקגעלאָפן. צוויי שוואַכע געשרייען האָבן אים נאָכגעיאָגט:

— אַי, אַי...

און האָבן זיך אים איינגעגעסן אין קאַרק, ווי פּיאַווקעס, באַפּליגלט מיט ווילדן כוח פון וואַנזיניקער שרעק.

זיי האָבן אים לאַנג נאָכגעיאָגט, און יעדעס מאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז הינטער אים האָט זיך צונויפגעקליבן אַ המון מענטשן, ער גייט אים נאָך שטיל, נישט באַרירנדיק מיט די פיס די ערד, ער לויפט אים נאָך, ציט אויס צו זיין האַלז הונדערטער לאַנגע, קלאַפּיקע הענט, באַרירט מיט זיי די האָר. דער המון האָט זיך מיט אים געשפּילט, געררייצט, פאַרשוואונדן און ווידער צוריקגעקומען. יעווסיי האָט געדונגען דראָזשקערס, געפאָרן, אַראָפּגעשפּרונגען פון די דראָזשקעס, געלאָפן און ווידער געפאָרן — פונדעסטוועגן איז דער המון די גאַנצע צייט געווען נאָנט, אַזאַ אומגעזעענער און דערנאָך אַזאַ שרעקלעכער.

ס'איז אים געוואָרן לייכטער, ווען ער האָט דערזען פֿאַר זיך אַ פֿינסטערע וואַנט פֿוןביימער און נאַקעטע צווייגן, אויסגעשטרעקט אַנטקעגן אים. ער איז גיך אַריין אין זייער געדיכטקייט וואָס איז פֿעסט געשטאַנען אויף דער ערד, מאָדנע באַוועגט מיט די הענט הינטער זיך. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ טעלעכל, זיך געזעצט דאָרט אויף קאַלטן זאַמד, ווידער זיך אויפֿגעשטעלט און איז אַראָפּ טיפֿער, שווער געעטעמט, שווייסיק און שיכּור פֿון שרעק. נאָר אינגיכן האָט ער דערזען פֿון פֿאָרנט אַ ליכט-שטראַל, זיך פֿאָרזיכטיק איינגעהערט, אָנרוישיק געמאַכט נאָך עטלעכע טריט, אַרויסגעקוקט — פֿאַר אים האָט זיך געצויגן אַ באַן-ליניע. הינטער דעם וואַל זענען ווידער געשטאַנען ביימער, נאָר שיטערער-קלענער, און דורך זייער נעץ האָט אַדורכגעלויכטן אַ גרויער דאַך פֿון עפּעס אַ געביידע.

ער האָט גיך אָנגעהויבן צוריקצוגיין, הויך איבערן ברעג פֿון טאָל, צוריק, וואו דער וואַלד איז געווען געדיכטער און פֿינסטערער.

— מע וועט כאַפּן... — האָט אים געשטויסן אַ קאַלטע זיכערקייט. — זיי וועלן כאַפּן... זיי זוכן שוין, דאַכט זיך... זיי לויפֿן...

איבערן וואַלד האָט געבלאָנדזשעט אַ שטילער פֿאַמעלעכדיקער קלונג, ער האָט זיך געטראָגן ערגעץ פֿון דער נאָנט, באַוועגט די דינע צווייגן, פֿאַרטשעפּעט זיי, און זיי האָבן זיך געוויגט אין נעבל פֿונעם טאָל, אָנגעפֿילט די לופֿט מיט אַ שטילן שאָרך, און אונטער די פֿיס האָט טרוקן געקנאַקט דין אייז פֿון אַ שטרעמל — דאָס וואַסער איז געווען געפֿרוירן און אייז האָט באַדעקט מיט אַ ווייס היטל די טרוקענע גריבלעך.

קלימקאָוו האָט זיך אַנידערגעזעצט, זיך אָנגעבויגן, אַריינגעלייגט אין מויל אַ שטיקל אייז און איז באַלד אויפֿגעשפּרונגען אויף די פֿיס, זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויפֿן געדרייטן ברעג פֿון בלאָטיקן טאָל, אַראָפּגענומען דעם רימען, די שעלקעס און אָנגעהויבן זיי צעניפּבינדן, ערנסט באַטראַכט די צווייגן איבערן קאָפּ און, אָן רחמנות צו זיך אַליין, געטראַכט:

— דעם פּאַלטן דאַרף מען נישט אַראָפּנעמען... אַז שוועי־רער — ס'וועט זיין גיכער...

ער האָט זיך געאיילט, די פינגער האָבן אים געציטערט, די אַקסלען האָבן זיך אים נישט ווילנדיק געהויבן אין דער הייך, ווי ער וואָלט געוואָלט באַהאַלטן דעם האַלז, און אין קאָפּ האָט שרע־קעוודיק געקלאַפּט:

— כ'וועל נישט באַווייזן... כ'וועל פאַרשפּעטיקן...

פאַרביי דעם סוף וואַלד האָט זיך אַדורכגעגליטשט אַ באַן, די ביימער האָבן אומצופרידן אָנגעהויבן צו ברומען, די ערד האָט אַ ציטער געטון, צווישן די צווייגן האָט זיך געוויזן ווייסער דאַמף אָדער רויך, זיך אונטערגעגנבעט צו די חאָלקנס, צעגאַנגען, גלייך ער וואָלט נאָכגעשפּירט אָט דעם מענטש און זיך באַהאַלטן פון זיינע אויגן.

ס'זענען געקומען צו פליען בלויפייגל. זיי האָבן וואוילעריש אונטערגעפייפט, אַ שווינדל געטון אין די פינסטערע נעצן פון די צווייגן. זייער גיך פאַרען זיך האָט נאָך פאַרגיכערט די באַוועגונ־גען פון יעוווסייס קאַלטע און אומגעהאָרכזאַמע פינגער.

ער האָט פאַרוואָרפן דעם רימען, ווי אַ פעטלע, אָן עטלעכע צווייגן, ער האָט עס געטון אַ ציי אַראָפּ — ס'איז געווען פעסט. דאַן האָט ער, אויך אַזוי גיך, אָנגעהויבן צו מאַכן נאָך אַ פעטלע, פאַרבונדן די שעלקעס ווי אַ קראַוואַט, און אַז ס'איז פאַרטיק געוואָרן האָט ער אַ זיפץ געטון...

— יעצט דאַרף מען תפילה טון...

נאָר די ווערטער פון קיין שום תפילה זענען אים נישט גע־קומען אויפן זינען. ער האָט זיך פאַרטראַכט אויף עטלעכע סע־קונדעס; די ווערטער האָבן אויפגעפלאַצט, באַלד פאַרלאָשן געוואָרן, זיך נישט אויסגעלייגט אין קיין תפילה.

— ראַיסאַ האָט באַלד געוואוסט מיין סוף... — האָט ער זיך פלוצלינג דערמאַנט, אַריינגערוקט דעם קאָפּ אין דער פעטלע און שטיל, פּשוט און אָן פלאַטערניש אין ברוסט געזאָגט:

— אין נאָמען פון פאָטער און זון און הייליקן גייסט...

ער האָט אַ שטויס געטאָן מיטן פוס אָן דער ערד, געגעבן אַ שפרונג אַרויף און איינגעקורטשעט די פיס ביז צו די קני. עס האָט אים ווייטאָקדיק אַ צי געטאָן פאַר די אויערן, אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַ־יין אַ משונהיקער, אינערלעכער קלאַפּ און, מבולבלדיק, איז ער מיטן גאַנצן קערפער אַראָפּגעפאַלן אויף האַרטער ערד, זיך איבערגעדרייט און אַ קוילער געטאָן אַראָפּ, זיך געטשעפּעט מיט די הענט אָן די וואָרצלען פון ביימער, זיך אָנגעקלאַפּט מיטן קאָפּ אָן די שטאַמען און פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין.

און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער דערזען, אַז ער זיצט אין טאָל און אויף דער ברוסט באָמבלען זיך אים די צעריסענע שעלקעס, די הויזן זענען געווען געפּלאַצט, דורך דעם שטאָףקוקן אומעטיק אַרויס די ביז־צו־בלוט צעדראַפּעטע קני. דער גאַנצער קערפער, פול מיט ווייטאָק, האָט געציטערט, באַזונדער האָט אים וויי געטאָן דער האַלז, און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז די קעלט שינדט אים אַראָפּ די הויט. ער האָט זיך אומגעקוקט א,יף צוריק, אַ קוק געטאָן אויף דער תּליה — דאָרט, אונטער אַ ווייס צווייגל פון אַ בזשאָזע, האָט זיך אין דער לופט געשאָקלט דער רימען, ווי אַ דינע שלאַנג, און געלאָקט צו זיך.

— כ'קאָן נישט! — האָט יעווסיי אין געדאַנק יאושדיק געענטפערט — כ'קאָן גאָרנישט... כ'ווייס נישט ווי אַזוי...

און ז־ך צעווײנט מיט קליינע טרערן פון אָנמאַכט און צער, זיך געלייגט אויף דער ערד מיט דער פלייצע און דורך די טרערן געזעען איבער זיך אַן אייינטאָניקן מוטנעם הימל, אַדורכגעפלאָכטן מיט טרוקענע פלעקן פון שוואַרצע צווייגן.

ער איז געלעגן לאַנג, אין קעלט און אין ווייטאָק, זיך געהילט אין פאַלטן און פאַרבייי אים איז, קעגן זיין ווילן, אַדורכגעגאַנגען, ווי אַ קייט פון רויכיק־שוואַרצע רינגען, זיין מאָדנע, אָנזיניק לעבן. עס איז געגאַנגען אָפּגעהאַקט, אומברחמנותדיק געטרעטן די האַלבטויטע נשמה, צוגעטרעטן זי מיט שווערע קלעפּ פון דעראיינערונגען און נישט געלאָזט אויפפלאַקערן אין האַרצן קיין איין פונק פון האָפענונג, געדריקט אים צו דער ערד.

אין ברוסט האָט אָפּגעריסן געציטערט און געברומט עפּעס אַן אומהיימלעכע סטרונע; איך יאושדיק געזאַנג איז זיך צעפלאָסן איבער די ביינער, און דאָס קליינע, טרוקענע גופל, אָנגעפּילט מיט קראַנקהאַפטן פלאַטער, האָט זיך צענויפגעקורטשעט אין דער קעלט, ווי אַן אומבאַשיצט פּעקל, אַלץ פעסטער זיך געדריקט צו דער ערד, צו דער האַרטער און שטאַרקער.

שוין עטלעכע מאָל האָבן די צוגן, וואָס זענען פאַרבייגעפאָרן דאָס וועלדל, אָנגעפּילט עס מיט אַ געפּייף און אַ געהעשריי, מיט וואָלקנס פאַרע און שטראַלן ליכטיקייט. אָט די שטראַלן זענען געקראָכן איבער די שטאַמען פון די ביימער, ווי זיי אַרומגעטאַפּט, געוואָלט עפּעס געפינען צווישן זיי, און גיך נעלם געוואָרן, גיכע, ציטערנדיקע און קאַלטע.

אַז זיי האָבן געפונען יעווסייען, האָבן זיי אים באַרירט, ער האָט זיך קוים אויפגעהויבן אויף די פיס און איז אַוועק אין דער פינסטערניש פון וואַלד נאָך זיי. ביים סוף וועלדל איז ער שטיין געבליבן, זיך אָנגעלענט אָן אַ בוים, אָנגעהויבן צו וואַרטן, געהערט דעם וויטן בייזן גערויש פון שטאָט. ס'איז שוין געווען אָוונט דער הימל איז בלוי געוואָרן, איבער דער שטאָט האָט זיך שטיל צעברענט אַ מאַטער זון-אונטערגאַנג. אין שטאָט האָט מען געצונדן פייער, באַגעגענדיק די נאַכט.

אינדערווייטנס איז געבוירן געוואָרן אַ וואָיענדיקער, הויכער גערויש, די שינעס האָבן זיך צעזונגען, צעקלונגען. פינקלענדיק מיט די רויטע אויגאַנעס איז אין נעבל געלאָפן אַ צוג, און דער נעבל איז גיך נאָך אים געשוואומען, געוואָרן אַלץ געדיכטער און פינסטערער. יעווסיי איז גיך, ווי נאָר ער האָט געקאָנט, אַרויף אויפן וועג, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, דערנאָך זיך געלייגט אין דער ברייט פון וועג אָן אַ זייט, מיט די אַקסלען צום צוג, אַרויפגעלייגט דעם האַלז אויף דער שינע און פעסט איינגעהילט דעם קאָפּ מיט דער פּאָלע פון פּאַלטן.

עטלעכע סעקונדן איז אים אָנגענעם געווען צו פילן די בריענדיקע נאָנטקייט פון אייזן; עס האָט קלענער געמאַכט דעם ווייטאָק אין האַלז, נאָר די שינע האָט געציטערט און געזונגען

וואָסאַמאָל העכער, מוראדיקער, אָנגעפילט דעם גאַנצן קערפּער מיט אַ וואָיענדיקן ציטער, און די ערד, וואָס האָט אויך געציטערט מיט אַ קליינעם פּלאַטער, ווי זי וואָלט זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן אַפּערגעשוואומען פון אונטערן קערפּער, אָפּגעשטויסן אים פון זיך.

דער צוג האָט זיך געגליטשט שווער און פּאַמעלעך, נאָר שוין פּאַרטויבט מיטן רויש פון אייזן, מיט די גלייכמעסיקע קלעפּ פון די רעדער אויף די רעלסן. זיין שווערער אָטעם האָט געריסן וועט און געשטופּט קלימקאָוון אין דער פּלייצע, און אַלץ אַרום יעווסייען און אין אים האָט זיך געשאָקלט, שטורמיש זיך בעכוואַלעט, אָפּגעריסן אים פון דער ערד.

ער האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן, איז אויפגעשפּרונגען אויף די פיס, אַראָפּגעלאָפן גלייך מיט די רעלסן אַנטקעגן דעם צוג און געשריגן מיט אַ הויך קוויטשעדיק קול:

— איך בין שולדיק... איך וועל אַלץ... איך וועל... וועל...

איבערן גלאַטן אויסגעשליפטן מעטאַל פון די שינעס האָבן זיך געגליטשט, נאָכיאָגנדיק קלימקאָוון, רייטלעכע שטראַלן פון פייער, זיי האָבן זיך צעפלאַקערט וואָסאַמאָל העלער, די צוויי רויטע פּאַסן אייזן האָבן אויסגעזעען, ווי צעגליטע, און שטראָמענדיק געפלאָסן אַראָפּ צו יעווסייס זייטן, אים גלייכגעמאַכט דאָס לויפן.

— איך וועל!... — האָט ער געפּעוועט, פּאָכענדיק מיט די הענט.

עפּעס האַרטס און ברייטס האָט אים אַ שטויס געטון פון אונטן, ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף די שפּאַלן צווישן די רויטע סטרונעס פון די רעלסן. און אַן אייזערנער שטרענגער קנאַק האָט דערשטיקט זיין שוואַכן קוויטש — — —